# M. MAKOFSKY
# STORIES



אין אָנדענק פון מיין יונג־פאַרשטאָרבענער טאָכטער רייזל.

געבוירן אַפּריל 19, 1907. געשטאָרבן דעצעמבער 30, 1926.

ביכער פון מ. מאַקאָווסקי:

אַ שאָפּ אין רידזשוואוד, 1939

דערציילונגען, 1947

# אין אַ פאַרלאָזטער געגנט

זונטיק־רו האָט זיך געשפרייט אויף דער ווינטערדיקער שמאָלער גאַס. ס'איז געווען שוין אַ שטיק נאָכמיטיק. פון איבער דער אַנטקעגנדיקער שטאָטישער פאָלקס־שול האָט די זון צוגעוואָרפן לעצטע גאָלדיקע שטראַלן אין דער אידישער אַרבעטער קינדער־שול, וואו דער לערער, פריידקין, איז געזעסן, כלומרשט פאַרטיפט איבער אַ הויפן קינדער־קאָמפאָזיציעס. באמת איז פריידקינ'ס מוח אַצינד גאָר נישט געווען אימשטאַנד עפּעס אויפצונעמען. געוואָרט האָט פריידקין אויף זיינע שולטוער זיי זאָלן זיך שוין באַווייזן, עפּעס טאָן פאַר דעם היינטיקן יערלעכן שול־באַנקעט.

די אידישע קינדער־שול האָט זיך געפונען אין אַן איינשטאָקיק חורבה־הייזקע פון אַ פאַרלאָזטער אידישער געגנט. ביז ניט לאַנג צוריק, ווען אידיש קולטור־לעבן האָט דאָרטן געבליט, שולן, אינסטיטוציעס האָבן זיך געמערט פון יאָר־צו־יאָר, האָט די זעלביקע קינדער־שול פאַרנומען גאָר אַ בכבוד'יקע דירה, מיט לערער אויף אַלע דערציערישע געביטן; אין שול האָבן קינדער געזונגען, געלערנט טאַנצן און די דראַמאַטישע קונסט. טאַטעס, מאַמעס האָבן זייערע קינדער געבראַכט דוקא אין אָט דער אַרבעטער־שול, מער ווי אין אַלע אַנדערע טיפּן שולן.

דאָס איז געווען אַמאָל. היינט האָט זיך דאָרטן, אין דער געגנט, אַלץ געענדערט:

אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן האָבן ביסלעכווייז זיך דאָרטן גרופּירט און זיך איינגעפונדעוועט; ביסלעכווייז איז דאָס אידיש לעבן דאָרטן כמעט ווי פאַרשטומט געוואָרן: אידן האָבן די געגנט פאַרלאָזט, שולן, אינסטיטוציעס האָבן זיך צוגעמאַכט. געבליבן זיינען אַ קליינער טייל אידישע קרעמער און פעדלער.

אַזוי אַרום האָט געהאַלטן שמאָל מיט דער פאַרבליבענער קינדער־שול. און ווי דער אמת איז, האָט מען ביים אָנהויב זמן געטראַכט די שול מער נישט עפענען און אַ סוף! אַזוי האָט מען געטראַכט. נאָר גאָר צום סוף — צו דער לעצטער מינוט שוין, ווען אַנדערע קינדער־שולן אין אַנדערע געגנטן האָבן זיך שוין געהאַט געעפנט, און אפילו אָנגעהויבן צו לערנען, האָט מען זיך פלוצלונג געפונען ביי דער מאַמע רחל'ען אין

שטוב. זי, די מאַמע רחל, אַ פלאַמענדיקע, האָט געַ׳טענה׳ט:

— איז וואָ־זשע, קינדער פון פעדלער זיינען קיין קינדער ניט?

זי האָט געהאַמערט מיט טענות, די מאַמע רחל. איר קינד, איר אסתר׳קע, באַדאַרף נויטיק אָט די אַרבעטער־שול! וואָסי? ס׳פעלט פינאַנצן? עס פעלן טוערס? נישקשה, איינע אַליין וועט זי אָנקלאַפּן וואו מ׳דאַרף! נאָך אַ טאָג אַרבעט אין שאָפּ וועט זי אַלעמען באַזוכן: צום קרעמער באַרקע וועט זי גיין, זיין ביילקע וועט איר העלפן. זי וועט זיך אַריבערכאַפּן צום טויבן יאַש, צום פעטער איטשע, צו דעיוויס׳ן און די איבעריקע פעדלער — זיי האָבן ליב די שול פאַר זייערע קינדער! נאָך היינט וועט זי זען דעם „דזשעניטאָר״, פייער, אַ ווילדער מענטש איז אָט דער פייער — יאָ, אין אַלע נויטיקע טירן וועט זי אָנקלאַפּן.

די קליינע אסתר׳קע, צוגעטוליעט צו איר מאַמע, האָט מיט אַ ציטער זיך צוגעהערט, און בעת מעשה געקוקט אויף איר לערער, ווי ער זיצט און קנייטשט דעם שטערן; זי האָט געקוקט אויף דעם שול־טוער וויגדער — אויף דעם דאַרן מענטשל, ווי פאַרטיפט ער איז איבער דעם שול־בוך, ווי ער מישט אַ בלאַט איבער אַ בלאַט, ציילט און רעכנט, און זיין פּנים — אַזוי ערנסט, בעת אין שטוב — אַזוי שטיל.

שפּעטער, ווען די קינדער־שול האָט זיך ווידער געעפנט, איז די שמחה געווען גרויס. אין דער נייער דירה האָט מען אַ יום־טוב געפּראַוועט. קינדער, עלטערן, זיינען צו דעם יום־טוב געקומען און געהוליעט; קינדער האָבן צו אָט דעם יום־טוב זיך צוגעגרייט; געלייענט נייע קאָמפּאָזיציעס; עלטערן האָבן „דאָס וואָרט״ געקראָגן; פּנימ׳ער האָבן בעת מעשה זיך געררויטלט, ווערטער — געקליבענע; אַ ריין אידיש וואָרט האָט מען געהערט. דער לערער האָט דעמאָלט געקראָגן זיין שכר פאַר דער שווערער מי; ער איז געווען דערהויבן, וואָס גראָד אויף אים, אַ לערער פון דער אידישער אַרבעטער־שול, איז געפאַלן דער גורל פאַרצוזעצן, שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדים פונעם אידישן קולטור־לעבן אין אָט דער פאַרלאָזטער געגנט.

און וואָס אמת איז אמת, ביים יום־טוב האָבן די עלטערן צוגעטראָגן ממשות׳דיקע הילף פאַר דער קינדער־שול. דער טויבער יאַש, דער פעטער איטשע, דעיוויס און באַרקע — קרעמער און פעדלער, האָבן אַריינגעשטעקט זייערע הענט טיף אין די קעשענעס. איינער האָט זיך געפלייסט אַריבערשטייגן דעם צווייטן און זיך געשוואָרן אַזוי און אַזוי פאַר

זייער קינדער׳ס שול. נאָכן יום־טוב איז יעדער געווען פאַרנומען. דער מיט זיין קרעמל, דער אַנדערער מיט זיין שטופּ־וועגעלע. קינדער אין שול — ווייניק. חובות — אַ סך. דערפאַר האָט מען זיך צו דעם יער־לעכן באַנקעט לאַנג געגרייט, געפּלאַנט. מער פון אַלץ — געשמועסט.

:: :: ::

אין די צוויי שול־צימערן איז גאָרנישט ניט געווען געטאָן. ערשט איצט, אינגאַנצן עטלעכע שעה פאַר דעם באַנקעט, האָט דער לערער פריידקין אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ווי צום ערשטן מאָל דערזען די אומ־אָרדענונג, די פאַרשריבענע ווענט, דעם אַנגעדעפּטשעטן דיל און די קווי־טיקע שויבן; ווי צום ערשטן מאָל האָט ער איצט באַמערקט פולע אַש־טעצלעך אויסגעשטעלט אויף די קינדערשע בענקלעך. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַלץ קוקט אויף אים מיט חוזק. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן מיט דעם געדאַנק: שוין וועט ער גיין צו די טאַטעס, צו די מאַמעס! ער מוז זיי וואָרענען! ער וועט גיין אין דער מאַמע רחל׳ס שטוב! דער באַנקעט . . . די שול איז אין געפאַר! . . .

אין געאייל האָט ער אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל, און אין געאייל, ווי די „געפאַר" זאָל שוין לויערן ביים שוועל, האָט ער זיך גרייט געמאַכט צו גיין — און איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט . . . די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן. עס קומען אַריין ווידער מיט אַ פאַרדראָסיק פּנים אין פאַראויס, די מאַמע רחל נאָך אים, און מיט אַ ליבלעכן שמייכל זאָגט זי:

— ניטאָ וואָס צו ערגערן זיך. אַנגעהאָרעוועטע מענטשן. זיי וועלן קומען, קומען! . . .

דער לערער האָט געשוויגן. אין דער שטיל האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבעט: דער דאַרער ווידער האָט זיך געבויגן, געשלעפּט. די שווערע קינדערשע בענקלעך האָבן זיך קוים גערירט. דער לערער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, פאַקאַטשעט די אַרבל. אָבער איידער עפּעס איז אָפּגעטאָן געוואָרן, האָט פון אונטער דעם דיל אַ דינער וואַסער־שטראָם ווי פון אַ קונדס־ביקסל געזעצט, און זיך געשפּרייט איבער דעם שול־צימער מער און מער.

— אַ וואַסער־רער! אַ וואַסער־רער! — האָט ווידער אַ דערשראָ־קענער גענומען לויפן אין קעלער אַריין.

אין קעלער איז געווען דומפּיק און האַלב פינצטער. וויגדער מיט דעם לערער האָבן געטאַפּטשעט איבער שמאַטעס און ברוך־אייזן, מיט אַמאָל האָט דאָס עלקטרישע פלעמל זיך אויסגעלאָשן און ביידע זיינען געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. דער לערער האָט געזאָגט מיט צער:

— ווי ס׳זעט אויס, וועלן מיר היינט דעם באַנקעט ניט האָבן.

— מ׳קאָן ניט וויסן, — האָט וויגדער זיך אַליין געטרייסט.

זיי האָבן גערופן נאָך הילף. תיכף זיינען יונגען מיט העק אין די הענט, פון אַלע עקן זיך צונויפגעלאָפן. אַ ווײַלע שפּעטער, איז אָנגעקומען דער טויבער יאַש, אַ דאַרער איבערגעבויגענער יונג, מיט אַ קעסטל געצייג אין האַנט. נאָך אים זיין חברה פעדלער און קרעמער. טאַטעס, מאַמעס האָבן זיך געשטויסן, זיך געשטופּט אין זייער קינדער׳ס שול. די מאַמע רחל האָט פיבערדיק זיי אַלעמען צונויפגערופן, דעם פאַרבלייבענעם אידישן ישוב האָט זי אויפגערודערט: שוין זאָל מען קומען ראַטעווען די אידישע אַרבעטער־שול!

דער דזשעניטאָר, פייער, האָט אום זונטיק אויפגעזוכט אַ מעכאַניק, וואָס האָט תיכף אַלץ פאַרריכט. איצט, האָבן הענט זיך געריסן צו דער אַרבעט: דער טויבער יאַש מיט זיין חברה פעדלער האָבן זיך אַ נעם געטאָן! די שווערע שול־בענקלעך האָבן זיך שוין גערירט. טאַטעס, מאַמעס האָבן געוואַשן און געסקראָבעט. דער — דעם דיל, דער — די ווענט. אַנדערע האָבן זיך איינגעטיילט מיט שויבן פון די פענצטער, זיך געריסן פאַר דעם כבוד.

:: :: ::

דער דעצעמבער־טאָג האָט געהאַלטן ביים סוף. פונעם זון־אויפגאַנג — דעם גאַנצן טאָג, האָט אַ ליכטיקע זון געשיינט איבער דער שטאָלצער שטאָטישער פאָלקס־שול. איצט האָט די זון זיך פאַרטונקלט אינעם גרויען בין השמשות פונעם פאַרנאַכט. אַ שטילער פראָסטל, אַן אומזיכטבאַרער, האָט זיך פאַרקליבן אויף די ראַנדן פון די שויבן־פענצטער. אין קינדער־שול איז איצט געווען ליכטיק, וואַרעם, אויפגעראַמט ווי ערב־פּסח. ריחות פון רויט־פאַרב מיט אַ געמיש פון געבראָטנס, האָט געאָטעמט פונעם שול־חלל. די מאַמע רחל יום־טוב׳דיק פאַרפּוצט, מיט אַ רויט פאַרטוך איבערן קלייד. זי, מיט איר אסתר׳קע — אַ צוגעגרייטע מיט אַ דעקלאַמאַציע, האָבן געגרייט אויף לאַנגע איבערגעדעקטע

טישן, פּאַרזיכטיק געדעכנט, געציילט די פּלעצער.

אסתרקע האָט היינטערווייַלעכס זיך אַרויסגערוקט, זיך געטייעט צום פּאַדערצימער וואו דער לערער איז געזעסן. זי האָט געוואָרפן בעטנדיקע בליקן צו איר מאַמען:

— זאָל איך ? . . .

דער לערער פריידקין האָט אסתר׳קען נישט באַמערקט. ער, מיט זיין „ערשטן" פּאַרוואַלטער וויגדער, זיינען געזעסן אין פּאַדערצימער ביים שרייב־טיש. וויגדער — איבער דעם שול־בוך האָט געדעכנט, בעת מעשה צוגעברומט אַ פריילעכס . . . דער לערער — פאַרטיפט איבער אַ הויפן קינדער־אַרבעט, האָט געלייענט און קאָרעגירט ; זיך געגריבלט אין די דראָבנינקע אותיות׳לעך, אַריינגעקוקט אין די קינדערשע נשמה־לעך — פון אַט דעם נייעם דור וואָס וועט פאַרזעצן דעם אידיש קול־טור־לעבן.

# בעני און לואי

אַ כמורנער נאָכמיטיק אין דעצעמבער. מעקסי׳ס קליידער־שאַפּ איז געווען איינגעהילט אין האַלב־חושך. דער אַרבעטער בעני איז ביי דער אַרבעט היינט געזעסן אַ צערודערטער; מעכאַניש האָט ער גערוקט זיינע ציטערדיקע פינגער אונטער דער שטאָלענער נאָדל. זיינע פינגער — דאַרע, ווי שטעקלעך. אויסגעקרימט פון יאָרן שווערע פּראַצע האָבן ציטערדיק נאָכגעפאָלגט.

בעני׳ס צערודערטקייט האָט זיך אָנגעהויבן פון אינדערפרי, באַלד ווי ער איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט דער שאַפּ־פאָרשטייער זעלדין אים, בעני׳ן, איינגערוימט אַ סוד, אַז דער יוניאָן־פאָרשטייער לואי וועט ספּעציעל היינט קומען צו אים נאָך דעם פינף־און־צוואַנציקער שטראָף, וואָס די יוניאָן האָט אויף אים אַרויפגעלייגט . . . איז בעני געזעסן ביי דער אַרבעט מיט אַ פּיינלעכן געמיט ווי אין אַ תפיסה, און האָט געדרייט נערוועז מיטן קאָפּ איבערן שאַפּ, ווי ער וואָלט געזוכט ס׳קליין, דאַר, פאַררעטעריש פּנים פון אָט־דעם לואי — דעם געוועזענעם חבר זיינעם און איצטיקן יוניאָן־פאָרשטייער, וועלכער קומט באַלד צו אים מיט אָט־דער שליחות . . .

פאַסירט האָט עס מיט אַ קורצע צייט קריק, ווען בעני איז געווען אָן אַרבעט. אין שטוב האָט געהאַט אויסגעפּעלט דאָס נויטיקסטע. זיין בעלאַ מיט די קינדער האָבן געליטן נויט. און ווען אַלע וועגן געהאָלפן צו ווערן זיינען פאַרשטעלט געווען פאַר אים, איז דעמאָלט בעני פון פאַרצווייפלונג אין אַ פרימאָרגן אַוועקן אין זיין יוניאָן, זיך צונויפגערעדט מיט נאָך אַזעלכע אַרבעטלאָזע ווי ער, און . . . וואָס אייגנטלעך ס׳האָט דעמאָלט דאָרטן פאַסירט, געדענקט נישט בעני. וואָכן לאַנג נאָכדעם איז ער אַ צע׳ממית׳טער געלעגן אין בעט. ווען ער איז ענדלעך פון קראַנקן־בעט אַרונטער, דעם ערשטן אינדערפרי זיך צוריק באַוויזן אין זיין יוניאָן, האָט ער באַגעגנט דאָרטן דעם געוועזענעם חבר זיינעם און איצטיקן יוניאָן־פאָרשטייער לואי. ער, לואי, האָט כלומרשט זיך דערפרייט מיט אים, זיך נאָכגעפרעגט אויף בעלאַ׳ן מיט די קינדער, אַפילו אים אָנגעבאָטן הילף . . . נאָר ווען בעני האָט מיט פאַראַכטונג זיך אויס־

## בעני און לואי

געדרייט פון דעם איצטיקן פאַרהאַסטן יוניאָן־אַגענט, לואי, איז געקומען דער משפט איבער בעני׳ן, און ענדלעך — דער שטראָף.

אַצינד, זיצנדיק אַ צערודערטער ביי דער אַרבעט, נאָך אַזוי פיל יאָרן ווי די וועגן צווישן אים און לואי׳ן זיינען אַזוי צעשיידט, האָט ער פּלוצים געזוכט זיך צו דערגרונטעוועו צום אמת׳ן מאָטיוו, צום אייביק־פּסיכאָלאָגישן סוד: וואָרום? און פאַרוואָס ס׳האָט זיך אַזוי טרויעריק אויסגעלאָזט מיט דעם גוטן, איבערגעגעבענעם חבר לואי?! מאָדנע געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח. אַרום אים האָבן מאַשינען געררוישט, געהילכט. דער באַלעבאָס, מעקסי, אַ קורץ דאַר מענטשל, מיט אַן אויסגעלאָשענעם ציגאַר צווישן די ליפּן, האָט פאַמעלעך זיך געשאַרט פון מאַשין־צו־מאַשין, געטאַפּט די געמאַכטע אַרבעט, די נעט געמאָסטן מיטן אויג:

— אָר־ווּאָ! ס׳דאַרף זיין גלייך . . .

אַזוי, אויף זיין באַלעבאַטישן אופן זיפּט ער דורך יעדן אַרבעטער אַ סוד . . . בעני׳ס רעכטער ברעם האָט פּלוצים אַ ציטער געטאָן פון אַט־דעם געדאַנק, אַז ער קאָן זיך נישט אויסדרייען פונעם געוועזענעם חבר זיינעם, לואי . . . ער מוז דאָ זיצן, ער מוז אים באַגעגענען אויג־אויף־אויג, האָט דעם מענטשן געררייצט — געצאַרנט:

— ניין! . . .

אַט דעם־אַ ענטפער וועט דער לואי קריגן פון אים באַלד . . . ס׳ערשטע וואָרט! . . . און טאַקע וואָס אייגנטלעך איז אים, בעני׳ן, דער אונטערשייד וואָס ער מוז ס׳וויסן דעם מאָטיוו פונעם פאַרברעכן — צו־וואָס? . . . אַלצאיינס איז ער, לואי, אַצינד דער אומווירדיקסטער פאַר־שויך, וואָס האָט זיך פאַרקויפט צו די יוניאָן־ביוראָקראַטן, און האָט פאַר־ראָטן זיינע געוועזענע חברים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים געקעמפט פאַר יוניאָן־דעמאָקראַטיע; פאַר יוניאָן־פאַרשטייער, וועלכע זאָלן פאַר־טרעטן די אַרבעטער און בלויז זיי! אין געדאַנק האָט בעני שוין געזען, ווי אַט־דער פאַררעטער לואי קומט ביי אים אויפמאָנען זיין „פּונט פלייש״, און ער, בעני, שליידערט אים אין פּנים אַריין זיין פעסטן ענט־פער:

— ניין! ניין! . . .

מיט דעם „ניין״ אויף די ליפּן האָט ער מוטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט און תיכף אַ טראַכט געטאָן: „ווער ווייסט״...

מסתמא האָט זעלדין, דער שאַפּ־פּאָרשטייער, אים, בעני׳ן, בלויז „אָנ־געצויגן״ אינפּרימאַרגן מיט אַ ווילדער מעשה . . . אָט קומט ער שוין פון דער יוניאָן אויפמאַנען די שטראָף . . . סך־הכל איז ערשט די צווייטע וואָך וואָס ער אַרבעט ! זעלדין מיט זיינע שטוקעס . . . ווי ס׳זעט אויס איז אַ ליגן די מעשה ! ניין, ער וועט היינט נישט קומען, ער וועט קיינמאָל נישט קומען צו אים מיט אָט־דער שליחות ! וואָסי ? מ׳ווייסט דען נישט זיין לאַגע נאָך אַזאַ ביטערן סלעק ? ! ווער־ווער, ער, לואי, ווייסט שוין גאָר . . .

אַ שמייכל האָט זיך אָנגעהויבן שפּרייטן איבער בעני׳ס צעקנייטשטן פּנים ; געטראַכט האָט ער אַצינד פון די ערשטע יאָרן פון זייער באַקאַנטשאַפט, צום ערשטן מאָל ווען ער מיט לואי׳ן האָבן זיך באַקענט, אַרבעטנדיק ביי גאַרבאַר׳ן אין שאַפּ אויף דער באָוערי. אויפן זינען איז אים געקומען יענער אויפדערנאַכט, ווען ער מיט לואי׳ן האָבן צופעליק זיך באַגעגנט מיט זיין בעלאַ׳ן. — ס׳מיידל מיט די סודות׳דיקע אויגן״, — ווי לואי האָט דעמאָלט איר באַצייכנט. אַ געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן, אַז יענע געשעעניש איז געווען דער אָנהויב פון שנאה פון לואי׳ן צו אים, נישט מער . . .

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם־אַ געדאַנק ; ער האָט געפּרוּווט זוכן אַ באַרעכטיקונג אַצינד פאַר דעם געוועזענעם חבר, און זיך געמאַטערט צו טראַכטן אין אָט־דער ריכטונג פאַר איין אויספּיר : „ער וועט ניט קומען !״ . . . דאָס זעלבע פּנימ׳ל פונעם געוועזענעם חבר, וועלכער דאַרף באַלד קומען ביי אים אויפצומאַנען זיין „פונט פלייש״, האָט זיך מיט איין מאָל געאַנדערשט אויף אַ וויכן מילדן פּנים פון אַ מאַרטירער, צוליב ליבע צו זיין בעלאַ׳ן . . . און ווי דער אמת, בעני האָט פריער אָפּגעאָטעמט. נאָר, ווען ער האָט אויפגעהויבן די אויגן זיינע האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן, ווי ער וואָלט דערזען זיין ערגסטן שונא לעבן אים. פאַר אים איז געשטאַנען לואי, אויסגעפּוצט ווי צו אַ חתונה. לואי האָט געזאָגט :

— אַ מענטש איז אַזוי אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט, זעט קיינעם ניט.

ער האָט ברייט זיך צעשמייכלט, לואי, מיט יענעם שמייכל, ווען דערוואַקסענע טרעפן קינדער פאַרטאָן מיט שפּילצייג. ער איז נעענטער צוגעטראָטן צו בעני׳ן, זיך אָנגעבויגן און ער האָט געזאָגט :

— טאַ וואָס־זשע מאַכסטו, בעני ? וואָס מאַכט בעלאַ ? די קינ־דער ? אַ צייט ניט געזען.

בעני האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך באַגעגנט מיט לואי׳ס שמייכלדיקן פּנים, און אין דער רגע האָט ער אין אַלץ פאַרגעסן.

— אַ דאַנק פאַרן פרעגן, — האָט פון בעני׳ס מויל זיך אַרויסגעריסן.

לואי האָט פאַרויכערט, איינגעגראָבן זיינע אויגן אין בעני׳ס ציטער־דיקע פינגער. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן ביסל צעפּאַטלטע האָר, וואָס האָבן אָנגעהויבן גרויען, געשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט באַדויערט:

— דיינע פינגער „פאַנפען” שוין אונטער, בעני, און דיין ליסענע אויפן קאָפּ איז אַ שפּאַר ביסל גרוי און שיטער. ס׳זעט זיך שוין אַרויס אַ האַלבע לבנה.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט ווי מ׳באַווייגט אַ טויטן.. בעני׳ס רעכטער ברעם האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן, געפּילט, ווי דאָס בלוט הויבט זיך צום פּנים . . . ער האָט געפרעגט :

— נו, ווערן אַ קאַפּיטאַליסט ?

— מ׳שמועסט ניט פון קאַפּיטאַליסטן, — האָט לואי צופרידן זיך אָנגעכאַפּט, — איך זאָג אָבער, אַ פייאיקער מענטש ווי דו, מיט אַ מויל צו רעדן און מיט אַ „פען אין האַנט” — כ׳מיין באמת, איז אַ פאַרברעכן צו פוילן אין שאַפּ. בעני, כ׳וויל דיר נאָך הייגט זען אין אָפיס ביי מיר, כ׳דאַרף דיר נויטיק !

בעני האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים מיט אַ פּנים ווי ער וואָלט נישט פאַרנומען וואָס דער געוועזענער חבר און איצטיקער יוניאָן־פאַר־שטייער פאַרלאַנגט פון אים. אויגן מיט אויגן האָבן אויף אַ רגע זיך באַגעגנט, זיך אָנגעקוקט, געגישטערט . . . בעני האָט געפרעגט :

— איך פאַרשטיי דיך ניט, לואי, זאָג מיר צו וואָס ? זאָג וואָס דו פאַרלאַנגסט ! דו ביזט דאָך געקומען נאָך עפּעס — טאַ רייד קלאָרע דבורים, — האָט בעני שוין אויפגערעגט פאַרענדיקט.

לואי האָט גאַרנישט ניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען אָנגע־בויגן, אַפילו ניט אַ פינטל געטאָן מיט קיין אויג, ווי ער וואָלט אַלצדינג דערוואַרט פון דעם פאַר׳עקשנ׳טן חבר זיינעם . . . ניין, ער האָט נישט געטראַכט אַרויסקומען מיט די „קלאָרע דבורים”, צו גוט האָט ער בעני׳ן

געעקנט . . . דערפאַר האָט ער אַזוי געדולדיק געשוויגן, געוואַרט און געהאָפט . . .

— דאָס איז דאָך די צרה מיט דיר, באַלד ווערסטו אויפגערעגט, — האָט לואי זאַכלעך אָנגעהויבן, — דאַכט זיך, איך רייד צו דיר ווי אַ פריינט. אמת, דו קאָנסט דענקען אַנדערש ווי איך, אָבער די ווירקלעכ־קייט ? פאַקטן ? אָט זע : די „יוניע" האָט דיך באַשטראָפט מיט געלט. מיין פליכט איז דאָס אויפמאָנען. ווייס איך אָבער וואָס עס טוט זיך ביי דיר אין דער היים . . .

— וואָדען, נישט ? — האָט בעני זיך ביטער צעלאַכט, — אודאי ביזטו מיר אַ פריינט . . . די קלעפּ, וואָס איך האָב דעמאָלט ביים סקאַנ־דאַל אין לייבאַר־ביוראָ אַריינגעכאַפּט, איז אודאי געווען דיין פריינט־שאַפט ! נאָכדעם, ווען דו האָסט מיך נאָך אָנגעקלאָגט און געפאָדערט מיך צו באַשטראָפן, איז אודאי און אודאי געווען לויטער פריינטשאַפט, וואָדען ?

— כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי, — האָט לואי געזאָגט, — דער אומ־גליק מיט דיר און מיט דיין גאַנצער חברה, וואָס מיט יאָרן צוריק האָט איר זיך איינמאָל איינגעג׳חזר׳ט אַ טעאָריע צו באַקעמפן אָן שום לאָגיק יעדן, וואָס איז נאָר קעגן אייער טאַקטיק. אָט דערקלער מיר, בעני : וואו איז דאָ לאָגיק צו קומען צווישן הונגעריקע אַרבעטער און העצן זיי קעגן די „יוניע"־אָנפירער ? ס׳איז דיר שלעכט, בעני ? פאַר וואָס קומסטו ניט צו מיר ? מיין טיר איז שטענדיק אָפן פאַר דיר ! אָט־זע : כ׳האָב אַ פּלאַן דיך אַרויסצערייסן פון שאָפּ . . . ס׳איז מעגלעך, אַז דו זאָלסט קריגן, ווי איך, אַ גוט־באַצאָלטן אַמט . . . ווי לאַנג איז דער שיעור צו קריכן אויף גלייכע ווענט ? זע דיין לאַגע . . . זע וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט . . .

ער האָט גערעדט און גערעדט, דער געוועזענער חבר זיינער. מיט זיין שמאָלן ערנסטן פּנים אָנגעבויגן צו בעני׳ן. פון אונטער זיין הויט האָבן שוויים־טראָפּנס זיך אַרונטערגעקייקלט. ער האָט פּאַמעלעך זיך אויסגעגלייכט, פּאַמעלעך צעשפּיליעט דעם עלעגאַנטן מאַנטל און פון אונטער דער געמבע האָט אַ פינקל געטאָן אַ דימענט־שפּילקע. ער האָט דעם מאַנטל אויסגעטאָן, אַקוראַטנע דעם מאַנטל אַריבערגעלייגט איבערן האַנט ; שפּילעוודיק האָט ער דאָס געטאָן, ווי ער וואָלט בכיון דעמאָנ־

סטרירט פאַר דעם אָרעמען בעני׳ן די עלעגאַנטע בגדים, וואָס ער, לואי, פאַרמאָגט.

ער האָט אָבער גאָרנישט דערגרייכט מיט דעם, לואי. די פריער־דיקע קנאה, וואָס דער מענטש האָט געטראָגן צו דעם אָרעמען געוועזע־נעם חבר פאַר זיין אויסגעהאַלטנקייט האָט אַצינד נאָך מער זיך פאַר־שאַרפט; ניט געקוקט אויף זיין גאַנצער אָנשטרענגונג האָט לואי מיט פאַרדרוס גאָר באַמערקט ווי אויף בעני׳ן מאַכט עס ניט דעם מינדסטן איינדרוק: ער זיצט גאָר פאַרטיפט אין דער אַרבעט! נאָכמער: ער באַמערקט גאָר ווי אַ דינער שמייכעלע שפרייט זיך איבער בעני׳ס צע־קאָרבטן פנים; ער זעט בפירוש, ווי בעני׳ס יעדער מוסקול חוזק׳ט מיט אַזאַ שאַרף דינינקן שמייכעלע . . . ס׳מיינט: בעני לאַכט אים אויס, מיט די עלעגאַנטע בגדים, און גאָר . . . אַצינד האָט די קנאה זיך באמת צעצונדן אין אים; אַ קנאה, וואָס גרענעצט זיך מיט פאַרביסנקייט ביזן טויט, האָט לואי פלוצים דערפילט צו זיין געוועזענעם חבר. יאָ, ער מוז שוין זען דעם באַלעבאָס . . . די מינוט! ער האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, וואָס איז איצט אַזוי שווער געווען און שטאַר געקוקט, געקוקט און גאָרנישט ניט געזען. ער האָט בלויז געהערט אַ גערויש, וואָס האָט געלעכערט דעם מוח. פונדערווייטנס, האָט דעם שאַפּ־פאַרשטייער, זעל־דינ׳ס, שאַרפע אויגן באַפוילנדיק געוואונקען:

— אַהער גיי, פריץ מיינער!

לואי האָט אָבער גאָרנישט ניט געזען . . . ער איז געשטאַנען פאַר־חלום׳ט און געפילט ווי די שנאה צום געוועזענעם חבר פרעסט אים ביז די ביינער. אָבער וואו איז דער באַלעבאָס? . . . אַצינד האָט זיין אויג געניש־טערט פון שאַפּ־ווינקעלע צו שאַפּ־ווינקעלע און זיך דערמאַנט, אַז היינט, ווען דער באַלעבאָס צאָלט אויס שכירות, איז ער פאַרנומען ביי זיך אין אָפיס. מיט אַ שווערן געפיל פון אַ פאַרשפילטן, האָט ער זיך אַהין געלאָזט, קריכנדיק, און טאַקע באַלד חרטה געקראָגן, זיך צוריק אויסגעדרייט צו בעני׳ן:

— איך מוז גיין, בעני. האַנדל ווי אַ מענטש. קום צו מיר נאָך דער אַרבעט, קום בעני . . .

לואי האָט נאָכאַמאָל געפרואווט שפילן אויף דער מענטשלעכער „סטרונע", אפשר . . . וועט דאָך אים געלינגען צו ראַטעווען, ניט אַזוי אים, בעני׳ן, ווי זיך אַליין, וואָס ווערט באַשפּיגן פון יעדן אָרנטלעכן אַר־

בעטער און צעפּרעסן פון קנאה צום בעסטן געוועזענעם חבר. בעני האָט דעם קאָפּ מער געבויגן צו דער אַרבעט. און לואי׳ס „שפּילן״ איז געפּאַלן אויף טויבע אויערן. לואי האָט זיך גערייצט:

— הע . . . ווייסט דען וואָס איך באַדאַרף דיך? אונטערצושרייבן אַ פּערזענלעכע דערקלערונג; זיך אַנטשולדיקן, דאָס אַלץ! הע . . .

— אַזוי? „דאָס אַלץ״? . . . און דו, לואי, וועסט תיכף די „פּער־זענלעכע״ דערקלערונג, וואָס דו האָסט אָנגעשריבן פאַר מיר, אָפּדרוקן אין דיין צייטונג? אָט דאָס וואָס דו ווילסט, — האָט בעני אים אין פּנים אַריינגעלאַכט.

לואי האָט זיך געקאָרטשעט אַ שווייגנדיקער, און געפילט, אַז דאָס שפּיל איז געענדיקט, און ער, לואי, וואָס האָט אַזוי פיל דערוואַרט, שטייט איצט אַ פאַרשפּילטער . . . ער האָט איצט געטראַכט פון נקמה. געזאָגט האָט ער:

— כ׳האָב פון דיר דאָס ניט דערוואַרט, בעני. געקומען בין איך צו דיר ווי אַ חבר, אַ פריינט. טראַכט פון מיר וואָס דו ווילסט. כ׳וויל דיך זען אין אַ בעסערער פּאָזיציע! וואָס האָסטו צו פאַרלירן, יאַלד איי־נער? ווי לאַנג נאָך וועסטו קענען אַזוי זיך צאַפּלען? ביזט דאָך שוין באַלד אַן אָפּגעפּאָרענער! דיין פאַמיליע פּעכגיעט פון הונגער און בע־לאָ, וואָס — — —

— שווייג! ס׳איינישט דיינע חזר׳שע ביזנעס וועגן מיין בעלאָ! — האָט בעני זיך אַ שטעל געטאָן מיט רציחה, — איך קאָן דיך, לואי׳קע־לע . . . כ׳קאָן אייך אַלעמען דאַרטן — ס׳גאַנצע געזינדל, אָ, קאָן איך אייך! . . .

ער האָט זיך צוריק געזעצט צו דער געניי־מאַשין און געקוקט אויף די דאַרע אויסגעקרימטע פינגער, וואָס האָבן זיך געביילט ביי אים. לואי, מיטן אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט צוריקגעטראָטן, פּיבערדיק אַרויפגע־צויגן דעם מאַנטל אויף דעם צעקאָרטשעטן גוף און געפּרואווט רעדן מעשה טשינאָווניק:

— ס׳וועט זיין גענוג . . . כ׳גיי צום באַלעבאָס . . . און אפשר וועסטו זיך מטריח זיין נאָך היינט און מיר אַליין באַצאָלן?

— מיינע צרות קענסטו קריגן! — האָט בעני געשפּיגן מיט גאַל.

— מיט גוואַלד וועל איך פון דיר ניט רייסן, געדענק, אָבער, מאָרגן קענסטו דאָ ניט אַרבעטן, געדענק!

## בעני און לואי

— ווענען סטראַשעסטו, פֿאַרדאַמטער פֿאַררעטער ! — האָט בעני אויסגעשריִען.

דער אַלטער יאַנקל, דער שכן זיינער, האָט מיטן פֿויסט געקלאַפּט אינעם געשטעל און גערעדט מיט האַרץ :

— כ׳זאָג, דאָס איז סדום, זאָג איך. אַזאַ בלוט־צאַפּעניש איז גאָר־ניט געהערט געוואָרן.

דער שאַפּ־פֿאָרשטייער זעלדין איז געקומען צולויפֿן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. אַרבעטער אַרום געשטעל האָבן געדרייט מיט די קעפּ, זיך געבונטעוועט . . . לואי, דער געוועזענער חבר זיינער, האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן אַ דערשלאָגענער אויפֿן וועג צום באַלעבאָס . . .

# עליס האַלט עקזאַמען

פון דער גראַדואירונג האָט עליס געשפּאַנט אַהיים מיט אַ געהויי־בענעם קאָפּ, ווי אַ שטאָלצע קעניגין. און בלויז מיט געציילטע טעג שפּעטער, נאָך איידער די יום־טוב־דיקייט האָט זיך אינגאַנצן אויסגעשעפּט, איז שוין אַ וויכטיקע פּראָבלעם שאַרף געשטאַנען פאַר דער יונגער עליס: צו געפינען אַרבעט אויף די זומער־חדשים.

וועגן שפּעטער האָט עליס אַפילו נישט געוואָלט טראַכטן. אַ יונג מיידל ווי זי, מיט אַ קאָלעדזש־דיפּלאָמע אין האַנט, וועט שפּעטער, ווען די עקזאַמענס וועלן זיך אָנהויבן, זיך שוין אַן עצה געבן. פריער, לע־רער־עקזאַמענס, דערנאָך שטאַטישע, פעדעראַלע, — עפּעס וועט דאָך אַרויסקומען. אמת, אירע אַלע פריינט, צווישן זיי איר יוגנט־חבר אַר־נאַלד, האָט נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געענדיקט אַלס אַ לערער, און וואָס? . . . אָבער אַמעריקע איז נאָך נישט געשטאָרבן, נישקשה.

טאַטע־מאַמע האָבן דווקא געוואָלט זייער עליס זאָל אָפּרוען דעם זו־מער. ביי דער מאַמע פייגע, איז איר צוואַנציק יאָריקע עליס, מיט אַ פּנימ׳ל פון זעכצן, נאָך אַלץ פאַררעכנט פאַר איר „בייבי״, און זי האָט געציטערט איבער איר. און דער טאַטע וועוועקע, אַ איד אַ קבצן, וואָס שטייט כסדר ביים יוניאָן־פענצטער וועגן אַ „טאָג־אַרבעט״, איז אָבער געווען צופרידן מיט דעם פאַקט, וואָס זיינע אַ טאָכטער האָט געענדיקט אַן אוניווערזיטעט. דער טאַטע זיינער, דער טשיזלעווער מלמד, האָט פאַר אים, וועוועקן, גאָר נישט ניט געטאָן — האָט וועוועקע גאַנץ אָפּט געזאָגט. אָבער זייער טאָכטער עליס האָט אַנדערש פאַרשטאַנען. פאַר טאַטע־מאַמע האָט זי גע׳טענה׳ט אַזוי:

— וואָס אַ שטייגער וועט זיך אַ מיידל איינע אַליין אַרומבלאָנ־קען? ס׳געלט וואָס זי וועט פאַרדינען וועט איר שווער זיין?

אַזוי האָט כלומרשט עליס איינגע׳טענה׳ט. עליס האָט אַצינד, זייענדיק טעג אינדערהיים, דערזען אין דער אמת׳ן די ביטערע נויט; זי האָט געזען, ווי דער טאַטע נעמט באַגינען מיט דעם האַמער און די זעג, און קומט צוריק אינמיטן טאָג מיט גאָרנישט. און עליס האָט שטי־לינקערהייט זיך גענומען גרייטן . . . לויט דער עצה פון איר יוגנט־חבר אַרנאָלד, אַן אויטאָריטעט אין דעם ענין, האָט זי אין איינעם אַ זוניקן

פרימאָרגן, זיך אָוועקגעלאָזט זוכן איר ערשטן „דזשאַב" ביי אַ נאָענטן משפּחה'ניק, אַ פאַבריקאַנט פון מאַנסבילשע קליידער, מיסטער בערג.

יענעם אינדערפרי האָט עלים זיך אויפגעוועקט פריער ווי אַלע טאָג; פאַרזיכטיק אין דער שטיל זיך אָנגעטאָן, זיך געהיט פאַר טאַטע־מאַמע, ס'זאָל ביי זיי נישט פאַלן קיין פאַרדאַכט וואוהין — און דער עיקר — ביי וועמען זי גייט בעטן אַרבעט . . . און וואָס אמת איז אמת, דער משפּחה'ניק מיסטער בערג האָט זיך גאָר דערפרייט:

— אָ, „דאַרלינג" — האָט ער זי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט — זע נאָר דעם גאַסט — עלים ! . . . וואָס מאַכסטו, עלים ? וואָס מאַכט די מאַ און דער „אָלד־מען"? קום מיט מיר, עלים !

ער האָט זי גענומען אונטער דעם אָרעם, מיסטער בערג; געפירט אינעם גערוימען „שאָו־רום". שווייגנדיק האָט עלים באַוואונדערט דעם רייך־מעבלירטן צימער מיט ברייטע פענצטער אין דער עווניו; פּאַלי־טורטע שאַפעס מיט קליידער, און שפּיגלען — וואו אַ קער מיטן אויג. ער האָט טעאַטראַליש זיך אַ בויג געטאָן און געזאָגט:

— ווי כ'זע, עלים, ביזטו איבערראַשט — אַ יאָ, עלים ? ! מיין נישט, כ'האָב עס אַזוי געטראָפן אין אַמעריקע, אוי, טאָכטער, טאָכטער, ווען דו זאָלסט וויסן — וואָרט ! ווילסט דאָך זיכער זען ווי מיין שאָפ זעט אויס — ווילסטו ?

— ניין, מיסטער בערג. כ'קאָן דאָ נישט פאַרברענגען צו לאַנג, איר פאַרשטייט, מיסטער בערג.

זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין איינעם פון די אָפּגעזונדערטע צימערן. ער האָט פאַררויכערט און אָנגעהויבן:

— אַזוי, אַזוי, עלים „דאַרלינג". שוין גע'פּטר'ט קאַלעדזש, שוין! ווי לאַנג איז, ווען דו ביזט געווען אַ ברעקל, אויף מיינע הענט געטראָגן... ווייסטו כאָטש, אַז איך מיט דיין טאַטן זיינען צוזאַמען אַנטלאָפן פון דער צאַרסקער רוסלאַנד, אויף איין שיף אַהער געקומען, שפּעטער, גע־וואוינט ביי אייך — שאַ־שאַ, כ'האָב מיך דערמאָנט, ס'איז געווען אין האַרלעם, ביים איסט ריווער — כאַ־כאַ־כאַ. — —

ער האָט זיך מאָדנע צעלאַכט, מיסטער בערג. עלים, אַ שווייגנדי־קע, האָט באַטראַכט דעם מענטשן, וואָס באַדאַרף זיין אין איין עלטער מיט איר פאָר'חושב'ן טאַטן; געטראַכט, איצט איז די פּאַסיקע צייט אַ פרעג טאָן וועגן אַרבעט. נאָר דאָס מויל האָט זיך ביי איר נישט גע־עפנט.

— שאַ, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן — האָט ער זיך פּלוצים אָנגערופן — מאַכט כאָטש דער טאַטע אַ לעבן אין דער איצטיקער צייט ? מ׳בויט דאָך אַזוי פיל קעמפּס פאַר סאָלדאַטן . . . מ׳דאַרף סטאָליאַרעס, מען זוכט ווי מיט ליכט . . . מיינע שניידער זיינען זייער, זייער „ביזי" — ווי ? ער איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט מיטינגען ווי אַמאָל ?

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר עס ? — האָט עליס זיך אָנגעצונדן.

— ביזט אַ קינד, עליס, — האָט ער אָנגעהויבן ווייך. — דיין טאַטע האָט געקאָנט זיין מיט מענטשן צוגלייך ! כ׳האָב זיך ביי אים געבעטן . . . פאָרט אַ לייבלעכער קאָזין. נאָר גיי — טו, „יוניע" מיט מיטינגען — אַ צעדרייטער . . .

ער האָט זיך געהויבן פונעם זיץ ; פאַררויכערט אַ פריש ציגאַרעטל. עליס האָט האַסטיק זיך אַ הויב געטאָן, און מיט פולע אויגן גענומען שפרייזן צום טיר. ער האָט זי פאַרהאַלטן :

— ס׳טוט מיך ווייּ, עליס. כ׳האָב דיין טאַטן צופיל ליב . . . נו, וואַרט, מירן גיין האָבן „לאָנטש".

— אַ דאַנק, מיסטער בערג, איך גיי אהיים ! — האָט זי זיך אויסגעדרייט אָן אַ זיי־געזונט.

אין גאַס איז עליס געבליבן שטיין מיט אַ געמיש אין קאָפּ. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, וואו זי געפינט זיך ; זיך געדרייט און נישט געקענט געפינען די סאָבוויי אַהיים צו פאָרן. אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט פון די שעפער פאַר מיטיק. עליס האָט זיך אויסגעמישט מיט זיי ; זיך געפילט פאַרלוירן מיט איר שוואַכקייט : וואָס פאַר אַ וויינען גאָר ? פאַר אַ פּיעסטשען זיך ? — האָט זי צו זיך טענות געהאַט. און פאַר וואָס האָט זי פאַרשוויגן די באַליידיקונג אָט דעם בערעלע „בלאָפער", ווי טאַטע־מאַמע רופן אים . . . אַצינד, זאָל נאָר אַרני קומען צו איר... ס׳גאַנצע קודלעוואַטע האַר וועט זי אים אויסרייסן . . . זי וועט פון היינט אָן אים דערקלערן פאַר אויס אויטאָריטעט אין „דזשאַב־זוכעריי" — יאָ . . .

* * *

סעפּטעמבער־טעג ניינצן פערציק זיינען געקומען. מיט די דאָזיקע טעג האָט אַמעריקע אינעם שאָטן פון מלחמה געביטן דאָס פנים :

דורכגעפירט געצוואונגענע מיליטער־דינסט. און ווען די שטודירנדיקע יוגנטלעכע האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים, ווער פון אַפּרו, ווער פון צייט־ווייליקע אַרבעט, — האָבן זיי זיך געמוזט גרייטן . . . זינט עליס׳עס ערשטן דורכפאַל, האָט זי מער קיין אַרבעט נישט געקראָגן. דער טאַטע וועווקע האָט דווקא יאָ געהאַט אַרבעט. אויך איר יוגנט־חבר אַרני האָט געקראָגן אַ „דזשאָב״ אויף דערוויילע.

ס׳איז געווען אין אַ שפּעטיקער אָוונט־שעה, אַ נאַכט פאַר די עקזאַמענס צו ווערן לערער. די טומלדיקע גאַס איז פאַרשטומט געוואָרן. פון אויבן, פון די חושכ׳דיקע הייזער, האָט וואו ניט וואו אַ פייערל געפלעמלט. אין שטוב ביי וועווקען האָט זיך געהערט אַ פאַרשטיקטע שנאָרכעריי, ווי פון אַ ניט־דערקוילעטן עוף; דאָס האָט די מאַמע פייגע, אַן אָנגעהאָרעוועטע פון איר הויז־אַרבעט, אַזוי זיך אַביסל צוגעשפּאַרט פאַר איר שלאָפן גיין, ווי איר טבע איז געווען. דורך אַ האַסטיקן טיר־געקלאַפּ האָט זי זיך אויפגעוועקט און געבליבן האַלב־וואַך.

דער טאַטע וועווקע איז פון זיין יוניאָן־מיטינג געקומען שפּעטלעך. זיין זומער־דזשאַב האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט ער זיך באַדאַרפט זען מיט דעם און מיט יענעם; אגב, זיך געטראָפן דאָרטן מיטן צוקונפטיקן מחותן זיינעם, אַרני׳ס פאָטער, וועלכער האָט אים דערציילט גאָר נישט קיין פריילעכע נייעס . . . ווי זיין שטייגער, האָט וועווקע תיכף נאָכן אַריינקומען, אָנגעשטאָפּט די ליולקע טאַבאַק און ערשט נאָכדעם אויסגעטאָן דעם מאַנטל. און ווען ער איז שוין געזעסן באַקוועם ביים קיך־טיש, האָט ער פאַררויכערט און גענומען דערליינען „די שווערע אַרטילעריע״ פון זיין באַליבטער צייטונג.

דאָס ליינען האָט וועווקע צע׳סדר׳ט: אין פרימאָרגן — די טעגלעכע נייעס. ווען ער האָט צייט געהאַט בייטאָג — די לייכטערע אַרטיקלען. און די שווערע טעאָרעטישע אַרטיקלען, — דאָס האָט וועווקע געלאָזט אויף ביינאַכט, ווען אין שטוב איז שטיל, און מ׳קען זיך באַקוועם צעשפּרייטן איבער דער צייטונג מיט דער ליולקע אין מויל, זיצן און ליינען.

די מאַמע פייגע איז אין קיך אַריינגעקומען מיט פריש־אויסגעשלאָפענע אויגן. זי האָט זיך געזעצט ביים טיש, און בנעימות׳דיק זיך צוגעהערט צו די פרעמדע תורה־ווערטער, וואָס האָבן אין דער שטילקייט זיך דערטראָגן פון קליין צימערל, וואו עליס מיט אַרני׳ן זיינען געזעסן

און זיך געגרייט צו די מאָרגנדיקע עקזאַמענס. אויף דער מאַמע פייגע׳ס פרי־פאַרעלטערט פּנים האָט זיך אַ פרייד באַוויזן. זי האָט זיך אויפגע־הויבן און זיך גענומען פאַרען ביים אויוון פּאַרטיק מאַכן אַ גלעזל טיי, און בעת מעשה געפּעשטשעט ווי צו זיך:

— זאָל די קינדער כאָטש אָפּנעצן די ליפּן פאַר אַ גאַנצן טאָג.

זי האָט זיך צוריק געזעצט צום טיש, מיט דער כונה צו פאַרציען מיט איר ווערוקען אַ שמועס וועגן די קינדער, „וואָס האָבן זיך שוין אַזוי לאַנג ליב, און צו קיין ברעג קען מען נישט קומען", ווי זי פלעגט תמיד זאָגן. זי האָט געוואַרט אַ ווײַלע און זי האָט אָנגעהויבן:

— ווערוקע... כ׳וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן, דאָס קינד זאָל שוין פטר׳ן עקזאַמענס, אפשר... האַרכסט, ווערוקע?

ווערוקע האָט אָפּגעריסן די אויגן פון צייטונג, וואָס ער האָט כלור־מרשט געלייענט. און גוטמוטיק געפרעגט:

— וואָס דענקסטו וועט זיין, פייגע?

— כ׳מיין דאָ וועגן קינדער׳ס תכלית. ווי לאַנג זאָלן זיי אַרומגיין אַזוי?

ווערוקע האָט זי אָנגעקוקט מיט זיינע גוטמוטיקע אויגן און נישט געהאַט קיין האַרץ דערציילן איר די נייעס, וואָס ער האָט אָקאָרשט גע־הערט פון זייער מחותן... ער האָט אָבער געענטפערט אויף אַ אידיש־לעכן אופן:

— געדענקסט, פייגע, ווען מען האָט מיך אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָל־דאַט באַלד נאָך אונדזער חתונה, געדענקסטו, פייגע?...

— צו מיינע שונאים׳ס קעפּ — טפוי! וואָס עפּעס אין מיטנדריי־נען? כ׳רעד וועגן די קינדער, שוין צייט זאָל קומען צו אַ ברעג — האָט מאַמע פייגע געהויבן מיט די אַקסלען.

די טיי האָט אָנגעהויבן זידן. פייגע האָט געגאָסן טיי אין גלעזער. פאַר די קינדער האָט זי פון אַ פּאָליצע גענומען באַזונדער יום־טוב׳דיקע טיי־טעפּעלעך. און פּאַמעלעך, אויף די פינגער־שפּיצן, זיי געטראָגן אי־נעם מיטלסטן אָפּגעזונדערטן צימערל, וואו די קינדער זיינען געזעסן, אויפן טיש געשטעלט, און מיט דרך־ארץ ווי צו זיך, געמורמלט:

„זאָלן די קינדער כאָטש די ליפּן אָפּנעצן פאַר אַ גאַנצן טאָג".

די קינדער האָבן דער מאַמען באַדאַנקט מיט אַ ליבלעכן שמייכל. פאַר אומנויטיקע רייד איז קיין צייט נישט געווען. עליס איז געזעסן

איבער אַ ים פּאַפּירן, מעכאַניש געענטפערט שוין צום וויפלטן מאָל, אויף די זעלביקע געשריבענע פראַגן אין באַצוג צו די מאָרגנדיקע עקזאַמענס צו אַרנאָלד׳ן.

דאָס גרייטן זיך צו די עקזאַמענס איז עלים׳ן אָנגעקומען שווער. קיין צו „פייערדיקע״ קאָפּ האָט עלים נישט געהאַט. אויב זי האָט פּאָרט באַוויזן צו צוואַנציק יאָר פאַרענדיקן אַן אוניווערזיטעט, איז עס בלויז געווען אַ דאַנק איר פעסטן ווילן. וואָס־וואָס, אַ גוטע שילערין איז עלים געווען. נעכט האָט דאָס מיידל געאַרבעט, געלערנט און גע׳חזר׳ט. איצט צו די עקזאַמענס האָט זי באַדאַרפט אַלץ אויפמישן פון דאָס־ניי, פונעם סאַמע אָנהויב.

אין אָט דעם אָפּגעזונדערטן צימערל, האָט עלים זיך פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן חודש צייט. געהאָלפן האָט איר אַרנאָלד, וואָס איז ווידער גע־בליבן אָן אַ „דזשאַב״; געהאָלפן האָבן איר אויך די שוועסטער זילבער — אירע שול־חבר׳טעס. זייער טאַטע, אַ קרעמער, האָט געהאַט טענות צו דער וועלט, וואָס זיינע טעכטער האָבן זיך בעסער נישט פאַרנומען מיט „פּראַקטישע״ פּראָפעסיעס, און נישט אים „אָפּעסן״ דעם קאָפּ...

ס׳איז שוין געווען ווייט אַריבער האַלבע נאַכט, ווען אַרנאָלד האָט אויפגעהערט. עלים איז דעמאָלט שוין געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט. אין מוח — אַ געמיש פון „דאַטעס״, „פּערזענלעכקייטן״, „טייכן״, „ימ׳ען״ פון גאָר דער וועלט . . . מיט אירע הענט האָט זי אונטערגע־האַלטן דעם שווערן קאָפּ. און מיטאַמאָל האָבן אירע הענט זיך אַ וואַקל געטאָן, און דער מידער שווערער קאָפּ איז אַוועקגעפאַלן אויפן טיש.

דורך דער נאַכט האָט עלים זיך אויסגערוט. ווען זי האָט געעפנט די אויגן, האָט אַ זוניקער פרימאָרגן זיך געריסן דורכן פאַרהאַנגענעם פענצטער. מיט אַ פריידיקן געמיט, וואָס היינט, אינעם זוניקן טאָג, וועט זי ענדלעך דערגרייכן איר לעבנס־חלום, איז זי פלינק אַרונטער פון בעט, זינגענדיק אַריין אין וואַש־צימער; אַ ווייַלע אַרום, ווען זי איז געשטאַנען שוין אָן אָנגעטאָנענע מיט אַ קאָם פאַרן שפּיגל, זיך גע׳עוסק׳ט מיט אירע געדיכטע האָר, האָט אַרויסגעקוקט צו איר אַ פּנים׳ל פון אַ קינד, אַ שוואַכס, מיט בלויזלעכע צייכנס אונטער די וויעס, און דאָס נעזל איז עפּעס מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אַזוי מאָדנע . . .

די מאַמע פייגע איז פון קיך אַריינגעקומען. מיט איר בנעימות־דיקן שמייכל געמאַכט באַמערקונגען וועגן איר פריזור, און וועגן קלייד,

וואָס עליס האָט היינט אָנגעטאָן. און אַזוי זיך, זיך אָנגערופֿן:

— נעכטן געשמועסט מיטן טאַטן . . . אפשר איצט וועט קומען צו אַ ברעג . . .

עליס האָט געענטפֿערט מיט אַ שמייכל. זי האָט געשפּרייזט פֿון איין צימער צום צווייטן, איילנדיק אויפֿגעקליבן אַלצדינג, וואָס ס׳איז איר איצט נויטיק געווען. און ווען זי איז געשטאַנען ביים טיר, איז מאַמע פֿייגע געלאָפֿן צום קליידער־שאַפֿע, געבראַכט אַ מאַנטל, און זי האָט געזאָגט:

— וועסט דעם מאַנטל מיטנעמען, עליס׳קע. צי וועט נישט היינט רעגענען, חלילה.

עליס האָט שמייכלענדיק צוגעמאַכט די טיר. ערשט איצט, ווען עליס איז פֿון די טרעפּ אַרונטער, איז מאַמע פֿייגע אַ פֿאַרבענקטע גע־שטאַנען ביים אָפֿענעם פֿענצטער, און ווייט, ווי ס׳אויג דערגרייכט, נאָכ־געקוקט איר „בייבי״, איר עליס׳קע, ווי זי שפּאַנט אינעם זוניקן פֿרי־מאָרגן.

— — — — — — — — — — — — — —

טעג און וואָכן זיינען פֿאַראיבער. די לעצטע עקזאַמענס האָבן דער־ווייל קיין רעזולטאַטן נישט געבראַכט . . . האָט עליס זיך גענומען האַלטן אַנדערע עקזאַמענס: פּריער שטאַטישע, דערנאָך פֿעדעראַלע, און האָט זיך ווידער פֿאַרשפּאַרט אינעם קליינעם צימערל. אָבער דאָס מאָל אַליין. אַרנאָלד, איר יוגנט־חבר, איז שוין דעמאָלט געווען אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי . . .

# דער געצייכנטער

פאַר פסח זיינען די שניידער־שעפער געוואָרן אָנגעפילט מיט אַרבעט. נאָך אַ לאַנגע צייט זיך אַרומבלאָנקען האָב איך ענדלעך געקראָגן אַ פלאַץ, נישט אייגעם, נאָר אַ סך פלעצער. ווייל מער ווי אַ טאָג־צוויי האָב איך מיך אויף איין פלאַץ נישט געהאַלטן. אַמאָל איז די סיבה געווען דער באַלעבאָס, דער פאָרמאַן, דער אכזר; אַמאָל, דער שאַפ, וואָס האָט געהאַט אַ פנים פון אַ קאַזאַרמע: קויטיק און ענג, און פאַרדינען פאַרדינט מען דאָרטן אַ קרענק. און ווי דער אמת איז האָט מען פון יענער זייט יוניע־פענצטערל זיך מער נישט געוואָלט „באַדערן" מיט דעם „בראָדיאַגע", ווי זיי האָבן מיך דאָרט גערופן. נאָר אָט, איז אונטערגעקומען דער יום־טוב און כ׳האָב מיך געמוזט אונטערגעבן.

דער פלאַץ וואָס איך האָב געקראָגן איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר מיר: דער שאַפ — קליין און זויבער. ווען כ׳האָב ס׳ערשטע מאָל אַריינגעקוקט דאָרטן, האָבן מיך באַגעגנט פריינטלעכע אויגן פונעם ברייט־פלייציקן איטאַליענישן שאַפ־טשערמאַן. גוט־ברודעריש האָט ער מיך ביים האַנט גענומען, געפירט צום באַשיידענעם געשטעל, אָנגעוויזן מיין פלאַץ צווישן צוויי ווינקל־פענצטער, בעת ער האָט שמייכלדיק באַמערקט צו מיין קעגנאיבערדיקן שכן:

— זעסט, דעיוו, אָט האָסטו אַ לאַנדסמאַן: ברודער הערי, — באַקאַנט זיך.

פון העפלעכקייט האָב איך דעם קאָפ געהויבן איבער דעם געשטעל אַריבער, בעת מעשה זיך איינגעגעסן אין אַ באַקאַנטן פייגלשן פנים מיט אַ טיפן שניט־צייכן איבערן הויכן שטערן. דער־אָ צייכן האָט שאַרף אַרויסגעקוקט ווי אַן עדות פון אַן אַלטן שוידערלעכן פאַרברעכן וואָס האָט מיך פלוצים דערמאָנט . . . דאָס אַלץ האָט געדויערט בלויז אַן אויגנבליק. אָבער אָט דער אויגנבליק האָט געקילט ס׳בלוט אין מיר. שפעטער, ווען כ׳האָב אויסגעפּרואווט מיין מאַשין, זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָבן מיינע אויגן נאָך אַלץ מער געקוקט איבער דעם געשטעל אַריבער, צו דעם טרויעריק־באַקאַנטן פויגלשן פנים מיט דעם טיפן שניט־צייכן איבערן הויכן שטערן:

„דעיוו . . . דעיוועלע זיפער . . . דו סקעבישער מעסער־העלד!"

— האָבן מיינע ליפּן געמורמלט. יאָ, איך האָב אים דערקאָנט . . . כ׳בין געווען זיכער ! דעמאָלט פּונקט ווי איצט, איז אָט דער נפש מיטן פייגל־שען פּנים געווען מיין שכן אין שאַפּ אַ לאַנגע צייט איידער דער סטרייק איז פון דער יוניאָן גערופן געוואָרן. אַ סך יאָרן זיינען שוין אַריבער אָבער יענע טראַגעדיע אַרום שאַפּ איז בולט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן. דער באַלעבאָס פון יענעם שאַפּ, אַן „אונטערוועלט״־העלד, האָט זיך פאַר־מאָסטן מיט דער יוניאָן. צו הילף איז אים געקומען אָט דער דעיוועלע זיפּער . . . איך האָב געקוקט איבער דעם געשטעל אַריבער, און זיך דערמאָנט יענעם פּראַסטיקן באַגינען : מיר, די אַרבעטער, זיינען פאַרן שאַפּ געשטאַנען. פּלוצים, ווי פון אונטער דער ערד, איז אויסגעוואַקסן אָט דער דעיוועלע, און געצויגן אויף איינעם פון אונדז אַ לאַנגן שפּיציקן מעסער . . . אַ יונגער אַרבעטער איז דעמאָלט אַ קרבן געפאַלן . . . מיט אַ פאַרצווייפלט געשריי : — מאַמע ! . . . מיר האָבן זיך געוואָרפן אויפן מעסער־„העלד״ — — —

איך האָב אויפגעשווידערט פון דער דעראינערונג. מיינע ליפּן האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן ; כ׳האָב געוואָלט אויסשרייען הויך, אַז אַלע דאָ אין שאַפּ זאָלן דערהערן :

„קין מיט דעם צייכן אויפן שטערן !״

דעם אמת געזאָגט, ווען נישט די לאַגע אין וועלכער כ׳האָב מיך דעמאָלט געפונען, וואָלט איך זיכער פאַרלאָזט דעם פּלאַץ. וואָס מיך האָט פאַראינטערעסירט צו וויסן : צי האָט דער חברה־מאַן מיך דער־קאָנט. איך האָב געפּרואווט פאַרציען מיט אים אַ געשפּרעך :

—איר זעט מיך אויס זייער באַקאַנט, דעיוו, — האָב איך גע־שריען אַריבער דעם געשטעל.

ער האָט מיך שאַרף אָנגעקוקט און געצויגן מיט די שמאָלע אַקס־לען :

— איר מאַכט אַ טעות, מיסטער. קיינמאָל אייך נישט געזען.

ער האָט גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן, אַז איך האָב גענומען צווייפ־לען אין מיין זיכערקייט . . . נאָר ווען ער האָט נאָכדעם אַרונטערגע־בויגן דעם קאָפּ צו דער אַרבעט, און דער שטערן מיטן טיפן שניט־צייכן איז געשטאַנען ווי אַן עדות פאַר מיינע אויגן, האָט עס מיך נישט געלאָזט רוען. כ׳האָב ווידער געפרעגט :

— אפשר האָבן מיר זיך דאָך געטראָפן אין דער יוניאָן, אָדער ער־

געץ אין אַ שאָפּ ?

— איר דרייט מיך צו פּיל אַ ספּאָדעק, מיסטער. לאָזט מיך אַרבעטן.

איך האָב געפילט ווי דער מענטש איז שרעקלעך ברוגז אויף מיר פאַר די פראַגן, וואָס ער וויל נישט ענטפערן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך בעת מעשה געפילט נישט פייגלדיק, וואָס כ'האָב גאָר זיך אָנגעהויבן . . . מאָלע וואָס, ס'האָט מיט יאָרן צוריק פּאַסירט ? היינט איז אָט דער מענטש אַן ערלעכער יוניאָן־מיטגליד. טאָ צו־וואָס אויפמישן אַלטע זינד ? און כדי צו באַווייזן דעם מענטשן אַ פריינטלעכן זשעסט פון מיין זייט, האָב איך געפּרואווט צו פאַרנעמען דעם געשפּרעך אויף אַן אַנדער וועג :

— דעיוו . . . ברודער דעיוו — האָב איך ווייך אָנגעהויבן — איז דאָס אַ פּוירמאַנענט פּלאַץ ? וועט דער פריערדיקער נאָך קריק קומען צו ? . . .

— ניין ! דער פריערדיקער וועט נישט קריק קומען, קיינמאָל נישט קומען. ער איז דאָ געשטאָרבן, טאַקע דאָ אויפן פּלאַץ — האָט דעיוו מיט נצחון געזאָגט.

— וואָס רעדט איר ? — האָב איך מיט שרעק געפרעגט — טאַקע אָט־אָ־דאָ ? . . .

— יאָ, יאָ, — האָט ער צוויי מאָל איבערגע'חזר'ט — טאַקע דאָ וואו איר אַרבעט . . .

ער האָט בעת מעשה אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מיר, ווי דער מענטש וואָלט בכיון געצילט מיך צו שרעקן. צוליב וואָס ? האָב איך מיר נישט געכאַפּט. בין איך געוואָרן פאַראינטריגירט ביז גאָר, און איך האָב געפרעגט :

— ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, דעיוו ? זייט אַזוי גוט, דערציילט !

— אָט גאַרנישט. — האָט ער מיט רוגזה געזאָגט — ער איז דאָ געקומען מיט עטלעכע וואָכן קריק אַזוי ווי איר . . . און אַזוי, אין מיטן דער אַרבעט געוואָרן גרין און בלוי, זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים האַרצן, און — קאַפּוט ! . . .

די לעצטע ווערטער האָט ער ווי אויסגעשאָסן אין מיר. דערנאָך, געפּאַרשט מיט זיינע שאַרפע שטעכיקע אויגן, צי זיין שרעקלעכע מעשה וואָס ער האָט מיר דערציילט, האָט אויף מיר געווירקט . . . געזען האָט ער : גלייכגילטיקייט. ווי דאָס וואָלט ביי מיר געווען אַ נאַטירלעכע

דערשיינונג. און דאָס האָט אים אַפּנים אויפגערעגט, ווייל תיכף האָט ער מיר אַ פרעג געטאָן:

— נו, און ווי האַלט עס מיט אייער האַרץ, מיסטער?

איך האָב מיך צעלאַכט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט שאַרפע שפּיציקע אויגן פון אַ רויב־פייגל. ער האָט געזאָגט:

— זע נאָר ווי דאָס לאַכט! דער פריערדיקער איז אויך געווען אַזא חכם, ווי איר. אין די זעלבע יאָרן, דאַכט זיך...

אַצינד איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן... און וואָס אייגנטלעך פאַר־לאַנגט אָט דער חברה־מאַן פון מיר? פּטור ווערן און שוין! איך האָב אַפילו וועגן דעם נישט געטראַכט. איך האָב געוואַלדיק זיך געגנויטיקט אין אַ פּלאַץ; און דאָ איז אַלץ געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר מיר. בין איך געזעסן, געקוקט אויף אים איבער דעם געשטעל אַריבער, געקוקט און געשמייכלט... ענדלעך האָט ער אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און מיט טרערנדיקע אויגן האָט ער צו מיר געזאָגט:

— הערי, ברודער, וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?... וואָס — —

ער האָט זיך צעוויינט, דעיוו. כ'האָב אָפּגעקערט דעם קאָפּ צום זוניקן פענצטער, בעת מעשה פאַרדראָסיק געזאָגט:

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך צעפּיעשטשעט, גאָטש נעם און צאָל אים צו...

ער האָט עפּעס געמורמלט צווישן די ציין. איך האָב שטאַרקער געדריקט דעם „טרעטער" פון מיין ניי־מאַשין. דער מאַשין האָט זיך ערשט צעזונגען...

# די וואַנט

ריווערסייד דרייוו האָט אין משך פון יאָרן אָפּגעזונדערט די בעלאַכס ווי מיט אַ וואַנט פון זייערע אָרימע לאַנדסלייט, די פּראָסטע באַלמעלאָכעס, חברה אַנשי יעזעוו.

די אָנגעצויגנקייט האָט ביי די בעלאַכס זיך נאָך געקלייעט אַזש פון יעזעוו: ער, דוד בעלאַך, אַ זון פון משה הירש, אַ יעזעווער שיינער באַלעבאָס, אַ למדן, אַ „שטריימעלע" — ווי באַלמעלאָכעס האָבן אים באַטיטלט, האָט דאָרט פאַרמאָגט הייזער, פאַרמאָגט אַ גאַרבערײַ; זי, דוד'ס ווייב, ראַזיליע די „פּאַניענקע", איז געווען אַ טאָכטער פון ליפּניקער הויף.ביידע זיינען יונג נאָך געקומען קיין אַמעריקע, בעת דעם אויסברוך פון דעם רוסיש־יאַפּאַנעזישן קריג. דער טאַטע משה הירש האָט דעמאָלט שוין נישט געלעבט. די ירושה האָבן פאַרכאַפּט די עלטערע ברידער — גדליה און אברהם.

דוד איז געקומען אַהער אַן אָרימאַן. זייערע לאַנדסלייט, אַליין קבצנים, האָבן ס'פּאָרל מקרב געווען, פאַרגעסן היימישע קריוודעס, פאַרגעסן ווי אָט־דער דוד, נאָך אַלס שנעק, איז זיך באַגאַנגען מיט די אַרבעטער אין דער גאַרבערײַ. עליע, יאַסל דעם גאַרבער'ס, מיט פּערזענלעכע קריוודעס קעגן דוד'ן, האָט געזען, אַז חברה אנשי יעזעוו זאָל ס'פּאָרל געבן הילף. דאָס ערשטע מאָל האָט ער די הילף געקראָגן; דאָס צווייטע און דריטע מאָל האָט דוד מיטן טאַטנ'ס פלינקן קאָפּ גענומען אַליין: ער האָט געהאַנדלט מיט הייזער, מיט וואָס ס'האָט זיך געלאָזן. ביסלעכווייז האָט ער זיך גערוקט און זיך אָפּגעזונדערט אויף דער רייכער ריווערסייד דרייוו.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען די פּוילישע פּאַנעס האָבן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען דעם ביאַליסטאָקער געגנט מיטן שטעטל יעזעוו, האָבן זיי דעם ליפּניקער הויף געלאָזן ביי ראַזיליעס פאָטער, דעם פּריץ: די גאַרבערײַ — ביי דוד'ס ברידער, די באַלעבאַטים. דערפאַר האָט ס'גאַנצע שטעטל, קינד און קייט, געקרעכצט אונטער דער פּאַנסקער יאָך. בריוו, בלוטיקע בריוו זיינען אָנגעקומען צו חברה אנשי יעזעוו. עס האָט געבעטן הילף דער רב, דער דאָזאָר, חנא לאַפּטשיק דער גבאי, און גלאַט „שיינע" באַלעבאַטים. „חברה" האָט געענטפערט

מיט ממשות׳דיקער הילף: געגעבן אַליין און געשאַפן אַ קאָמיטעט וואָס האָט נאָך אַ טאָג אַרבעט אין שאָפּ זיך אָוועקגעלאָזט צו לאַנדסלייט, געקליבן ביי וועמען ס׳האָט זיך געלאָזט. ווען דער פּרעזידענט פון דער חברה ,עליע דעם גאַרבער׳ס, האָט וועגן דעם ענין באַדאַרפט גיין אין שליחות צום גביר, דוד בעלאַך, האָט ער ווי דער אמת לכתחילה זיך געקווייקלט:

— אַז אסור צי איך וואָלט אים, דעם דוד׳קען אין צורה געוואָלט אָנקוקן.

יענעם ווינטערדיקן זונטיק, ווען עליע דעם גאַרבער׳ס מיט לייזשקע דעם באַנדערס, האָבן מיט ציטערדיקע פינגער אָנגעקלונגען ביי די בעלאַכס, איז זיי אַנטקעגן געקומען דוד׳ס ווייב, ראַזיליע. מיט אַ נייגעריקשטאַלענעם בליק האָט זי, ביי דער האַלב־אָפענער טיר, אָנגעקוקט די געסט. עליע האָט קוים אַרויסגערעדט:

— לאַנדסלייט . . .

אין איר לענגלעך מילכיקן פּנים וואָס האָט זיך אַ היפּש ביסל געעלטערט, האָבן זיך געביטן די קאָלירן. זי האָט גערופן אויף אַ קוויטשיק קול:

— דאַוויד . . . דאַוויד . . . קום נאָר אַהער, דאַוויד!

דוד האָט תיכף אָפּגעוואָרפן זיין צייטונג, זיך אַרומגעכאַפּט מיט די לאַנדסלייט וואָס האָבן בעת מעשה באַטראַכט ס׳רייכע הויז. דוד האָט געזאָגט:

— ראַזיליע, וואָס פאַר אַ געסט! דאָס איז לייזשקע זוסל דעם בענדאַרס, און אָט איז עליע יאָסל׳ס . . . זע, זאָג איר, דער מערי׳ן דאָרטן אין קיך, זאָג איר . . .

אַ ווײַלע שפּעטער, ווען די געסט זיינען נאָך אַלץ נישט זיכער געזעסן אין די ווייכע אַרעמשטולן מיט גלעזלעך משקה אין די הענט, האָט דוד זיך גענומען אויספרעגן:

— ווי גייט עס, לאַנדסלייט? דיין טאַטן, לייזשקע געדענק איך גוט, ווי ער איז געשטאַנען אַזוי פאַרן הויז אין הקדש־געסל מיט דער צעפּלאָטערטער באָרד און אָנגעקלאַפּט רייפן אויף פעסער. און דו? וואָס? . . .

— איך מאַך הויזן אין אַמעריקע, — האָט לייזשקע געענטפערט.

די פריינטלעכע שטימונג האָט זיך גלייך מיט אַמאָל געענדערט:

די „פּאַניענקע" ראַזיליע, האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן. זי האָט אָנ־געשטעלט אויף אים אַ פּאָר פּאַרדראָסיקע אויגן, ווי דער לייזשקע וואָלט מיט די ווערטער אַליין פאַרשוועכט איר אַריסטאָקראַטישן סאַלאָן. דוד האָט חוזק'דיק געפרעגט:

— ווי? . . . פשוט הויזן, במחילה?

— מענטשן מאַכן הויזן, — האָט לייזשקע געענטפערט.

— זע, וואָס כ'האָב דיר געוואָלט פרעגן, עליע, — האָט דוד גע־ביטן דעם געשפּרעך, — דאַכט זיך, דו האָסט געהאַט אַ ברודערל חיים; ער האָט עס דיר מיטן טאַטן עסן געבראַכט אין גאַרבעריי?

— ער האָט פאַרנומען דעם טאַטנ'ס פּלאַץ אין גאַרבעריי . . . צו פערצן יאָר אַוועק אַרבעטן.

עליע האָט צוביסלעך אויפגעקלערט די לעצטע פּאַסירונגען. אויך וועגן זייער פּלוצלינגדיקן וויזיט אַהער. ער האָט געלייענט די בלוטיקע בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען פון שטעטל; די בריוו זיינען געשריבן פון אַ רב און פון די „שיינע" באַלעבאַטים. דוד איז געווען איינגע־גראָבן אין טיפן ארעמשטול, פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס, האָט ער דורך די אַריסטאָקראַטישע פענסנע באַטראַכט זיינע געסט, באַטראַכט דעם לייזשקע מיט דער איינגעפאַלענער ברוסט, מיט אַן אויפגעבלאָזע־נעם בויך, זיצט און דיכעט מיט דער נשמה; באַטראַכט דעם לאַנדס־מאַן עליע, וואָס איז סך־הכל מיט אַ צוויי יאָר עלטער פון אים און זעט אויס ווי אַ זקן, צעקנייטשט, מיט אַ הויכן אַקסל פונעם שווערן פּרעס־אייזן. ער האָט געקוקט אויף זיין דאַרן גוף, אויף די צעשטאָפּטע פינ־גער, וואָס האָלט דעם בריוו אין האַנט, וואָס דער רב מיט די שיינע באַ־לעבאַטים האָבן געשיקט צו אים, צו אָט־דעם עליע יאָסל'ס, וואָס ער מיט זיין טאַטן האָבן פון די דאַמפּ־גריבער געשלעפּט די נאַסע פעל אין גאַרבעריי . . . ער האָט געהערט וואָס ער, עליע, לייענט: „פּוילישע באַנדעס רייסן אידישע בערד; זיי פּיקעטן אידישע קראָמען אונטער דער פירערשאַפט פון באַוואוסטע אַנטיסעמיטן, ווי דער אַדוואָקאַט סטאַנ־קוס, מיטן אַפּטייקער קאַזשוק דאמאנסקי" . . .

ראַזילי איז אויפגעשפּרונגען:

— קאַזשוק דאָמאַנסקי? . . . דער איידעלער מענטש! גלויבסט עס, דאַוויד?

* * *

די בריוו פונעם רב מיט די שיינע באַלעבאַטים פונעם שטעטל צו עליע יאָסל׳ס דעם גאַרבאַר, האָבן דעם יחסן דוד׳ן אינטריגירט. אין אַ שבת נאַכט איז ער מיט ראַזיליען ביי דער זייט אין אויטאָמאָביל, זיך אָוועקגעלאָזט צו דער ניו־יאָרקער איסט סייד, צו די לאַנדסלייט, חברה אנשי יעזעוו.

דאָס שולכל האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אויפן זעלביקן פּלאַץ. די טרעפּ אינעם טונקעלן קאָרידאָר מיט די נישט־געפּאַרבטע ווענט האָט ס׳פּנים ביי ראַזיליען פאַרקרימט. דוד האָט געשמייכלט צו איר. און ווען ער האָט דאָרטן אַ עפן געטאָן די טיר, האָט אַ יום־טוב׳דיקייט זיי באַגריסט. חברה אנשי יעזעוו האָבן זיך אונטערהאַלטן מיט אַ פּעקל יום־טוב, לטובה זייער הילפסאַרבעט. ס׳גאַנצע שטעטל איז געווען פאַר־טראָטן, ביי געדעקטע טישן פון כל־טוב. די ליציטאַטאָרקע שרה׳קע דעם שמיד׳ס, איז ביי זייער אַריינקומען געבליבן אָן לשון. עליע האָט אָפּי־ציעל די געסט אויפגענומען, און זיי זיינען תיכף געוואָרן אַרומגערינגלט מיט אינטימער פריינטשאַפט.

די ליציטאַטאָרקע שרה׳קע איז ווידער אָנגעגאַנגען מיט איר אַר־בעט. מיט יעדן פּעקל וואָס איז איר געקומען צום האַנט, אָנגעבאָטן די קונים: „ווער גיט מער ?״ נאָך יעדן מסחור האָט דער עולם וואַרעם אַפּלאָדירט. ביים עפענען ס׳פּעקל — ווידער אַפּלאָדירט. צום סוף האָט שרה׳קע געטאָרגעוועט מיט אַ טאָרט, וואָס שיינע מלכה דעם מלמד׳ס, האָט ספּעציעל געבאַקן. ווידער פרייד, ווידער געלעכטער! . . .

דוד איז מיטגעריסן געוואָרן: געקומען איז ער אַהער ווי אויף קאַ־טאָוועס. צום סוף האָט ער דאָ געפונען האַרציקע פרייד, דאָס וואָס ער האָט נאָך ביז היינט נישט געטראָפן ביי דער וואַזשנער אַריסטאָקראַטי־שער געזעלשאַפט פון זיינע מענטשן דאָרט אין טעמפּל, האָט ער גע־טראָפן דאָ ביי די פשוט׳ע לאַנדסלייט! ער האָט באַמערקט צו ראַזיליע:

— זע, טייערע, זע וויפיל פרייד!

ראַזיליע האָט געשוויגן, בעת איר אָנגעצויגענער פּנים האָט זיך סיי־ווי באַטיילינקט אינעם שפּיל: אויף איר וואונק האָט ער אָנגעהויבן צו שטייגן אין מקח און אַריבערגעשטייגט. דוד מיט ראַזיליע האָבן פאַר דעם געקראָגן גאָר אַ וואַרימען אַפּלאָדז. דעם טאָרט האָט מען אויפן אָרט צעשניטן. שרה׳קע די ליציטאַטאָרקע האָט יעדן אַ חלק איינגע־טיילט.

**ס'איז אונטערגעקומען צום טיש אברהמ'ל שוסטער, אַ דאַר פאַר־חושכ'ט מענטשל, וואָס ביי אים אין קעלער אויף העברי סטריט איז גע־**ווען דער געזאַמל־פּלאַץ פון לאַנדסלייט, מיט אַ פלאַש היימיש־געמאַכ־טע ווישניק אין איין האַנט, אַ קידוש־גלעזעלע אין דער צווייטער האַנט, זינגענדיק בעת מעשה זיין טייער לידל:

אליהו הנביא, אליהו התישבי —
אליהו האַגילאַדי — האַגילאַדי — — — —

דער עולם האָט פאַרזוכט אַ קאַפּיטשקע און אַרום טיש איז פריילעך געוואָרן. זלמן בעד דער מסדר קדושין, מיט זיין שפּיציק בערדל, מיט אַ רונדן בייכל פול מיט דרשות, האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף אַ גריי־טער מיט אַן אָפענעם מויל צום דרש'ענען! די לאַנדסלייט האָבן גע־דרייט מיט די נעזער, געפאָדערט: רחל'ע דעם איינבינדערס זאָל זינ־גען!

פון אינמיטן טיש האָט פאַמעלעך זיך אַרויסגעקליבן רחל'ע, אַ דיי־נע, אַ שלאַנקע. אַ שמייכל האָט זיך געשפּרייט איבער איר לענגלעך יוגנטלעכן פּנים. מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן האָט זי אָנגעהויבן ווי מיט אַ געבעט:

. . . קום צו מיר מיין טייער זיס לעבן,
זעץ זיך אַנידער לעם מיר.
דעם לעצטן קוש וועל כ'דיר געבן,
זאָלסט האָבן אַן אָנדענק נאָך מיר.

מיין האַרץ ציט צו דיר —
ווי מאַגנעט ציט צו זיך אייזן.
מיין געזיכט איז שיין ווי די וועלט,
כ'שעם מיך ניט פאַר לייטן צו ווייזן.

— אמת, אמת! — האָבן די לאַנדסלייט פייערדיק אַפּלאַדירט.
— אמת . . . אמת . . . — האָט ראַזיליע אויפן וואונק צוגעגעבן.

* * *

פון יענעם אָוונט איז דוד געוואָרן היימיש. די וואַנט וואָס איז גע־שטאַנען אין משך פון דורות צווישן אים און זיינע לאַנדסלייט, איז מיט דער צייט פאַרשוואונדן. דוד האָט איבערגענומען די הילפס־אַרבעט אין

זיין האַנט, געוואָרן דער פירער, דער אָרגאַניזאַטאָר; ער האָט געפירט אויף אַ געשעפטסמעסיקן אופן: ער האָט געפּלאַנט. חברה־ברידער האָבן געטאָן די אַרבעט . . . דוד האָט אָנגעשטעלט דעם „שטריימעלע״ נאָטע׳ן מיט דער שיינער האַנטשריפט פאַר סעקרעטאַר, פאַר אַ פיינעם געצאָלטס צו פאַרשרייבן, וואָס חברה־ברידער וועלן צאָלן וועכנטלעך פון די קעשענעס, און שאַפן פון אונטערנעמונגען. זלמן בער מיט דעם רונד בייכל האָט ער אָנגעשטעלט צו האַלטן טראָווערדיקע דרשות . . . די בריוו פונעם שטעטל זיינען איצט געקומען צו אים. זיין עלטערן ברוך־דער גדליה, דעם גביר פון שטעטל, איז איינגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו זיין דער „קאַפּ״ פונעם דאָרטיקן קאָמיטעט, וואָס דאַרף אַלעמען גלייך אויסטיילן די געשיקטע געלטער.

אַלץ איז ביי דוד׳ן געווען אין אָרעדנונג. אָבער די בריוו וואָס זיינען פּריוואַט געקומען פונעם שטעטל יעזעוו צו חברה־־ברידער האָבן באַוויזן, אַז ס׳איז גאָרנישט אין אָרדענונג . . .

האָט דער ברודער חיים געשריבן צו עליע דעם גאַרבער׳ס: „דאָס געשיקטע געלט גיט מען אוועק די „שטריימעלעך״, די יחסנים; אונדזערע באַלמעלאָכעס פּטור׳ט מען אָפּ מיט אַ שיבוש״ . . .

האָט שרה׳קע יואל דעם שמיד׳ס געקראָגן אַ בריוו: „דיין טאַטע יואל ליגט אין הקדש, ווערים עסן אים לעבעדיקערהייט. קיינער קוקט זיך נישט אום״ . . .

לייזשקע דעם באַנדער׳ס שוועסטער, אַ וויסטע אַלמנה שרייבט: „איך מיט די קינדער גייען בוכשטעבלעך אויס פון הונגער. דער קאָמיטעט העלפט מיר כמעט גאָרניט!״

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ בורעניגע צווישן חברה־ברידער. מיט לשון איז מען ערשט אַרויסגעקומען ביי דער יערלעכער פאַרזאַמלונג: דאָס שולכל איז געווען אָנגעפילט מיט לאַנדסלייט. אויף דעם באַלעמער איז געשטאַנען דוד און געקוקט מיט די אַריסטאָקראַטישע פענסנע אויפן פאַרזאַמלטן עולם. פון ביידע זייטן — זיין סעקרעטאַר נאָטע און זלמן בער. דער סעקרעטאַר האָט געלייענט אַ קבלה וואָס ס׳איז אָנגעקומען אויף די געשיקטע געלטער, מיט אַ צעטל וועמען און ווי אַזוי דער דאָרטיקער קאָמיטעט פונעם שטעטל האָט די געלטער פאַרטיילט:

„חיים דעם שוסטער צען זלאָטעס. ברוך דעם רב׳ס פינף און צוואַנציק. זלמן דעם סטאָליאַר פופצן זלאָטעס. שאַיע שמש פינף און דרייסיק״ — —

— די שטריימעלעך! אין גאַנצן פֿאַר די שטריימעלעך! — האָט אויפֿגעריסן לייזשקע דעם באַנדערס.

— דרך־ארץ גראָבער יונג! — האָט דוד בייז אַ זאָג געטאָן.

— דרך־ארץ פֿאַר „חברה"! — האָט עליע זיך אָקעגנגעשטעלט.

— אַ קאָטער זיי אין די אויגן! — האָט אברהמ׳קע שוסטער אויסגעברומט.

— מיט ניכפּה אַ צולייג! — האָט עמיצער צוגעגעבן.

* * *

ס׳איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה. דייטשלאַנד, אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿונעם בלוטיקן נאַצי־היטלער, האָט זיינע נאַצישע חיילות געוואָרפֿן אויף די פּוילישע שליאַכן. די נאַציס האָבן געזייט מיט פֿייער און טויט אויף דאָרף, אויף שטאָט, געדראָעט צו פֿאַרוויסטן, אויסראָטן די גאַנצע פּוילישע באַפֿעלקערונג מיט אירע איבער דריי מיליאָן אידן — די ערשטע קרבנות. די סאָוועטן־מאַכט מיט איר העלדישער רויטער אַרמיי האָט דעם נאַצי־חייל פֿאַרצאַמט דעם וועג: באַפֿרייט גאַנץ מערב־אוקראַינע, באַפֿרייט ס׳שטעטל יעזעוו הינטער ביאַליסטאָק.

ס׳איז געשען אין ניינצן הונדערט פֿערציק. אין אַ מיטן העלן זומער־טאָג. די פּוילישע פּאַנעס האָבן פֿאַר זייער אַנטלויפֿן זיך געגרייט צו אַ פּאָגראָם, זיך נוקם זיין אין די „זשידעס". איז פּלוצלונג אָנגעקומען מיטן ביאַליסטאָקער שאָסיי, ריזיקע טאַנקען. אויף די טאַנקען — רויט־אַרמייער; פֿאַרטריבן די פּאַנעס: די סטאַנקוסעס, די „איידעלע" דאַמאַנסקיס; געטיילט די צעשראָקענע אידן ברויט, געטיילט פֿלייש, פּאַפּיראָסן און זיך באמת באַפֿעסטיקט.

בריוו האָבן ווידער אָנגעהויבן קומען צו חברה־ברידער פֿון אנשי יעזעוו; בריוו, וואָס דערציילן פֿון אַ פֿריילעכן היינט, פֿון אַ ליכטיקן מאָרגן!

האָט שרה׳קע יואל דעם שמיד׳ס געקראָגן אַ בריוו וואָס דערציילט:

אין שטעטל יעזעוו האָט די סאָוועטן־מלוכה ליקווידירט דעם ברודיקן הקדש. זיי האָבן אויסגעבויט אַ שפּיטאָל מיטן פּנים צום נאַרעוו־טייך. יעדער איינער וואָס פֿאַרלאַנגט קריגט דאָרטן פֿרייע מעדיצינישע באַהאַנדלונג . . . האָט לייזשקע דעם באַנדעס געקראָגן אַ בריוו: זיין שוועסטער די אלמנה מיט אירע יתומים ווערן באַזאָרגט מיט אַרבעט,

מיט אַלצדינג אין וואָס זיי נויטיקן זיך . . . האָט דער ברודער חיים געשריבן צום ברודער עליע דעם גאַרבערס: זאָרג נישט פאַר מיר, ברודער, די סאָוועטן־מלוכה האָט איבערגענומען און פאַרגרעסערט די פאַרבעריי פון די ברידער בעלאַך. ער, חיים, איז דאָרט איצט דער פאַרוואַלטער . . .

צו אַ פאַרזאַמלונג קומען צו „חברה" לאַנדסלייט מיט בריוו: קומט אברהמ'ל שוסטער זינגענדיק זיין „אליהו הנביא", מיט אַ בריוו, וואו ס'שטייט שוואַרץ אויף ווייס, אַז זיין ברודער'ס בחור'ל, פּיני, איז באַפרייט געוואָרן פון ביאַליסטאָקער טורמע, און ער איז איצט דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון דעם ליפּניקער הויף . . .

ביי די פאַרזאַמלונגען פון חברה אנשי יעזעוו איז מען פריילעך־זאָרגלאָז: די סאָוועטן־מלוכה וועט נישקשה דאָרטן אַלעמען באַזאָרגן! דוד בעלאַך האָט נאָך די נייעס תיכף אָפּגעדאַנקט, זיך צוריק אָפּגעזונדערט ווי מיט אַ וואַנט. זלמן בער מיטן רונדן פולן בייכל זיצט אָנגעלאָדן מיט טראָווערדיקע דרשות . . . לעבן אים: נאָטע דער סעקרעטאַר — פאַר'אָבל'ט, דרייט מיט דער פען אין דער לופטן:

„וואָס? שוין? טאַקע שוין?!!!

# ביים איסט ריווער

.1

מיסעס הערמאַן האָט צוגעראַמט די קיך נאָכן אָוונט־מאָלצייט.

זינט דער נייער קוואַרטיראַנט איסאַק האָט זיך אַריינגעצויגן אין אַ צימער ביי דער מיסעס הערמאַן, האָט צוריק גענומען דאָרט אויפלעבן דער געדעקטער טיש מיט די פיינע צוגעגרייטע מאכלים, ווי אַמאָל, ווען איר לייזער האָט געלעבט. מיט זיך אַליין האָט זי זיך גאַנץ ווייניק צערעמאָניעט, וואָס מען עסט, עסט מען, האָט זי געזאָגט. און איר טאָכטער עני איז זעלטן אַהיים געקומען אין צייט פון עסן. נאָך דער אַרבעט, איז דאָס מיידל אָפט געווען פאַרנומען מיט אָרגאַניזאַציע־אַרבעט, וואו זי איז געווען אַקטיוו. ווי גיך אָבער דער נייער קוואַרטיראַנט איסאַק האָט זיך דאָרט באַוויזן, האָט דאָס גאַנצע לעבן דאָרטן זיך געענדערט: די מיסעס הערמאַן האָט געקעכלט פאַר אים די בעסטע מאכלים. און פאַר איר טאָכטער עני איז איסאַק געווען אינטערעסאַנט פונעם ערשטען באַגעגענען זיך: „דאָס איז אַ מענטש מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ", האָט דאָס מיידל צו זיך געזאָגט, און ווי דער אמת, האָט ביי איר ערגעץ וואו געקלאַפּט אַ צאַרט אָדערל פאַר אים . . . זי האָט דאָס אָבער דערווייל געהאַלטן בסוד, ווי אַ באַהאַלטענעם אוצר.

ווען מיסעס הערמאַן איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער קיך־אַרבעט, האָט זי אויף אַ הויכן פריידיקן קול גערופן כלומרשט איר טאָכטער, איר דערציילט, אַז די שכנה מיסעס רובין, האָט אַ „דזשאַב" פאַר איסאַקן, ביי איר איידעם אין שאַפּ. באמת אָבער האָט די מאַמע מיט דערדאָזיקער נייעס נישט געמיינט דאָס צו דערציילן איר טאָכטער, ווי דעם נייעם קוואַרטיראַנט, דאָרטן אינעם פאַרלאָר־צימער, וואו ער איז געזעסן און געלייענט אַ בוך, אַז ער, איסאַק, זאָל עס דאָרטן דערהערן, און וויסן זאָל ער, ווי זי, די מאַמע, איז פאַראינטערעסירט אין זיין לאַגע. עני האָט געשוויגן, בעת אַ ליכטיקער שמייכל האָט געשוועבט איבער איר חנ'עוודיקן פנים.

ס'איז געווען אַ נאָוועמבער־נאַכט ניינצן הונדערט און פיר. אין גאַס האָט געטומלט מיט די נאַציאָנאַלע וואַלן פאַר פּרעזידענט פון די

פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָט אינגיכן געדאַרפט פאַרקומען. פונעם באָענטן איסט ריווער האָט אַ קילער נאָוועמבער־ווינטל אַריינגעבלאָזן דורך די האַלב־צעעפנטע פענצטער. איסאַק האָט אין פאַרלאָר־צימער געלייענט אַ בוך, וואָס עני האָט אים פאַרשאַפט פון דער שטאָט־ביבליאָטעק. דער בוך איז געווען פון אַ באַוואוסטן אידישן שרייבער, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין שילדערן דאָס שווערע לעבן פונעם אַמעריקאַנער אַרבעטער אין די סוועט־שעפּער, וואָס האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט.

דאָס לייענען איז איסאַק'ן אָנגעקומען שווער. מחמת צו עלף יאָר האָט שוין זיין טאַטע, איטשע דער טלית־מאַכער, אַ גרויסער אָרעמאַן, אים געמוזט אַוועקרייסן פון לערנען און אים איבערגעבן צו סאַלאָמאָן אין מאַסטערסקאַיאַ זיך אויסצולערנען שניידעריי. דער טאַטע איטשע האָט אין זיבן געהאַט אַ תכלית פאַר זיין קינד. און ביי דעם באָרימטן שניידער־באַלעבאָס וועט זיין קינד ווערן אַ לייט — אַ באַלמעלאָכע. אַזוי אַרום זיינען איסאַק'ס קינדער־יאָרן אַוועק מיט אויסלערנען זיך אַ מלאכה. און דאָס שטעטל, פון וואַנען איסאַק איז געקומען, האָט קיין ביבליאָטעק מיט ביכער קיינמאָל נישט פאַרמאָגט, און זי איז בכלל געווען אַ טויטע שטעטל. בלויז איינמאָל האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט ווי דורך אַ נס.

געשען איז דער נס, ווען די שוסטער־שניידער געזעלן האָבן געהאַט זיך צונויפגערעדט, נישט צו אַרבעטן שפּעטער פון אַכט אָוונט און נישט שבת־צו־נאַכטן! דעמאָלט האָבן אַלע באַלעבאַטים פונעם שטעטל מיט דעם טלית־פאַבריקאַנט בערל קראָט בראַש, אַ קראָפּקער קורצער מענטשל מיט אַ רונדער גרויליכער באָרד, געקערט וועלטן! ס'האָט זיך געררדערט אויפן מאַרק ביי די קרעמער, אין בית־מדרש ביים דאַווענען. סע האָט געהאַלטן ביי אַרויסרופן אַ חרם אויף די בונטאָווש־טשיקעס, וואָס פאַרשוואַרצן דעם אידישן נאָמען ביי נאַטשאַלסטוואָ. האָט אָבער נחמיה מלמד, אַ איד אַ למדן, בפירוש דערקלערט, אַז נאָך אַ חרם קומט חלילה אַמאָל אַ מגיפה, האָט מען דערפאַר קיין חרם נישט גערופן, און דער טלית־פאַבריקאַנט, בערל קראָט, האָט געזוכט הילף ביי פּאָליציי . . . און ביי זיך אין פאַבריק האָט ער געוואָרנט דעם טאַטן איטשען, ער זאָל בעסער צאַמען זיין בענאָק דעם טריפה'נעם ביין, זאָל ער! . . .

דורך דער קורצער צייט פון איסאַק'ס זיין אין אַמעריקע האָט ער גענוג צייט געהאַט צו דערפילן דעם ביטערן טעם פון די אַמעריקאַנער

סוועט־שעפּער, וואָס כמעט אַלע פֿון זיי האָבן זיך געפֿונען אַרום דעם איסט ריווער, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז די אַלע דאָרטיקע שניידער־שעפּער האָבן דעם זעלביקן פּנים: אַלע פֿינצטערע קאָרידאָרן, שמאָלע געדרייטע טרעפּ, און אַלע מיט דעם זעלביקן טוכלען געשטאַנק. און ניט בלויז די שעפּער, אַפֿילו די באַלעבאַטים פֿון די אַלע שעפּער זיינען אַלע ווי פֿון איין טייג געקנאָטן: אַלע מיט מרודנע פּנים׳ער, זשעדנע בליקן; און דער עיקר — די געמיינע באַהאַנדלונג פֿון יעדן שניידער־באַלעבאָס צום אַרבעטער, האָט איין צוועק — צו דערנידעריקן! אָט־די טרויעריקע דערפֿאַרונג האָט אויף דעם פֿיינפֿילנדיקן איסאַק געשאַפֿן דעם ערשטן נעגאַטיוון איינדרוק וועגן דער פֿרייער, שיינער אַמעריקע, פֿון וועלכער ער האָט אַזוי פֿיל דערוואַרט.

פֿונעם קיך־צימער האָט זיך דערטראָגן צו אים דער מיסעס הער־מאַנ׳ס הויכער פֿריידיקער קול. פֿאַר אַ ווייל האָט ער זיך צוגעהערט צום געשפּרעך. דורך דער אָפֿענער טיר האָט איסאַק באַטראַכט דער מאַמע מיט איר טאָכטער, געטראַכט, ווי פֿאַרשיידנאַרטיק זיי ביידע זיינען, סיי מיט זייער אויסזען, סיי מיט זייער כאַראַקטער: ער האָט באַטראַכט דער מאַמע ביילע מיט איר שיינעם קאָפּ גאָלד־געקרויזטע האָר, מיט איר ליבן מוטערלעכן שמייכל אויף איר ווייס־בלאַסן פּנים, און זאָגט שטענ־דיק וואָס זי פֿילט; איר טאָכטער ענִי, מיט אַ קליינעם רונדן פּנים וואָס איז שטענדיק ערנסט, פֿאַרטראַכט, בעת אירע ברענענדיקע אויגן הערן נישט אויף צו פֿלעמלען. פֿון דער ווייטן האָט ער זי באַטראַכט, ווי זי שטייט אַ הויכע, אַ שלאַנקע פֿאַר דעם שפּיגל, ווי זי פֿאַריכט אירע גע־דיכטע שוואַרצע האָר וואָס צעפּאַלן זיך כוואַליעסווייז אונטער דעם קאָם, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַזעלכע ווי ענִי האָט ער קיינמאָל אין ער־געץ נישט באַגעגנט, און געפֿילט האָט ער זיך קעגן איר אין דער רגע קליין און נישטיק.

זי איז אַריינגעקומען צו אים אין פּאַרלאָר־צימער, ענִי, צונעמען בלומרשט אַ בוך וואָס זי האָט געהאַט דאָרט איבערגעלאָזט. זי האָט גע־זוכט דעם בוך בעת זי האָט צו אים באַמערקט:

אַנטשולדיקט, איסאַק, מיט מיין שטערן אייך. אגב, ווי געפֿעלט אייך דאָס בוך וואָס איר לייענט?

איסאַק האָט צעטומלט געשוויגן, ווי דאָס לשון וואָלט אים אָפּגענו־מען. און זי האָט שטיפֿעריש אַריינגעקוקט אין זיינע צעטומלטע אויגן,

געקוקט אויף דעם הויכן שטערן וואָס האָט געפּיבערט, ווי ער וואָלט גע־זוכט צו געפינען אַ פּאַסיקן ענטפער. אָבער וואָס אַ שטייגער זאָל ער איר ענטפערן ? ער זאָל פּלוצלונג מבינות זאָגן איבער אַ בוך ?

— דאָס בוך געפעלט מיר, יאָ, — האָט ער נישט־זיכער אָנגעהויבן, — דער מענטש וואָס האָט דעם בוך געשריבן זאָגט אמת מיט יעדן וואָרט ! איך האָב עס צוגעזען אין די שעפּער וואו איך האָב געאַרבעט. דאָס איז אָבער נישט אַלץ. ס'טוט וויי, וואָס דורך אָט־דער קורצער צייט, איז צעשטערט געוואָרן מיין האָפענונג, וואָס איך האָב דערוואַרט צו זען אין די שעפּער אין אַמעריקע !

— וואָס אייגנטלעך האָט איר דערוואַרט צו זען אין די אַמעריקאַ־נער שעפּער ? — האָט עני פאַרשנדיק געפרעגט.

— איך וויל פאַר אייך עפּעס דערציילן, — האָט ער געלאָסן גע־זאָגט, — מיט יאָרן צוריק איז אַן אַרבעטער פון מיין מאַסטערסקאַיאַ קיין אַמעריקע אַוועק. פאַרבראַכט האָט ער אין אַמעריקע עטלעכע יאָר, און איז צוריק אַהיים געקומען צו גאַסט. גערופן האָט מען דעם אַרבע־טער פייוועלע טויבעס, אָבער ווען ער איז געקומען צו גאַסט אין שטעטל, האָט ער זיך שוין גערופן „פיליפ דער אַמעריקאַנעץ". געקומען איז ער באַקליידט מיט אַ נייעם אַנצוג, מיט געלע עלעגאַנטע שיך, איבערן ברוסט ביי אים — אַ טאָפּלטע גאָלדענע קייט מיט אַ גאָלדענעם זייגער, ווי אַ גראַף ! מיט זיין הויכן אַמעריקאַנעם קאַפּעליוש האָט זיך אַלעמען אויס־געדוכט, אַז אָט־דער פייוועלע, וואָס איז פאַר זיין אַוועקפאָרן געווען אַ קורצינקער, איז פּלוצלונג, אין די אַמעריקאַנער מלבושים, אויסגעוואַקסן געוואַלדיק הויך. פון וואָס האָט פיליפ דער אַמעריקאַנעץ געהאַט צו דער־ציילן פון „זיין" אַמעריקע ? פון פּאַרקס מיט אַלערליי חיות, וואָס ער האָט אַליין געזען, פון בריקן וואָס שטייען אַן סלופּעס איבער לאַנגע טייכען, און וועגן שעפּער גרויסע — אַזוי גרויס ווי דער מאַרק פון שטעטל, מיט הונדערטער, הונדערטער מאַשינען וואָס לויפן מיט עלעקטריק ! און מענטשן — ווער ס'האָט נאָר שכל דער שאַרט זיך אָן מיט געלט ! איך האָב אַלצדינג געגלויבט וואָס דער אַמעריקאַנעץ דערציילט ;; זיבעצן יאָר בין איך אַלט געווען. איך בין געווען אָרעם און הויל, האָב איך גע־קוקט אַרויף צו דעם פיליפ דעם אַמעריקאַנעץ, געקוקט אויף זיינע רייכע בגדים, זיך צוגעהערט צו זיינע מעשות און איך האָב געגלויבט. איצט, דורך דער קורצער צייט וואָס איך האָב געאַרבעט אין די אַמעריקאַנער

שעפער, ווייס איך שוין ווי אַזוי מען שאַרט געלט אין אַמעריקע . . . איר פרעגט מיך, צי עס געפעלט מיר דער בוך וואָס איך לייען ? יאָ, ער גע־פעלט מיר. איך לייען אין אים דעם ביטערן אמת, ווי מען זאָל אַריינ־קוקן אין אַ שפיגל.

ער האָט אויפגעהערט דערציילן. אַ פאַרטראַכטער האָט ער גענומען נאָכדענקען וואָס ער האָט דאָ אָפגערעדט. ענִי האָט געזאָגט :

— זייער אינטערעסאַנט, איסאַק. אָט־דער פּיליפּ דער אַמעריקאַ־נער איז אַ לעבעדיקער טיפּ פאַר אַ שרייבער. איך מוז זאָגן, איר זענט אַ גוטער דערציילער, אָבער מער פון אַלץ געפעלט מיר וואָס איר זוכט דעם אמת. און ווי איר דערקלערט, האָט איר דעם אמת געפונען לייענענ־דיק דעם בוך. שטים איך צו, אַז דער אַרבעטער לײדט טאַקע אַלערליי צרות, אָבער מיין טייערער איסאַק, ס׳איז בלויז אַ האַלבער אמת. נאָך מיין באַגריף נאָך מיינט עס נאָך נישט, אַז אויב נאָר דער לייענער דער־קאָנט אין דער געשילדערונג אינעם בוך זיינע ליידן, איז שוין אַ באַווייז, אַז דער בוך איז ווערט געלייענט צו ווערן ? ניין. ס׳איז בלויז האַלבער אמת. וואָרים אַ בוך איז נישט בלויז אַ שפיגל פון לעבן, אַ בוך דאַרף זיין מער ווי דאָס — ער דאַרף לערנען, ווערן דער וועג־ווייזער, ווי אויס־צובעסערן דאָס לעבן !

אין די שפּעטערדיקע טעג האָט איסאַק לאַנג נאָכגעטראַכט וואָס ענִי האָט געזאָגט.

---

דער נייער דזשאָב וואָס די גוטע מיסעס הערמאַן האָט פאַר איסאַק׳ן זיך באַמיט צו קריגן ביי איר שכנה מיסעס רובין, איז געווען ביים באַ־לעבאָס גודמאַן. געהאַלטן זיין שאָפּ האָט ער אויף גאַרעק סטריט ביים איסט ריווער.

דער באַלעבאָס גודמאַן, אַ דאַרינקער, פּיצעלע יונגערמאַנטשיק, מיט געציילטע זיידענע האָר אויף אַ רויטלעכער פּאַטעלניצע, האָט געהאַט אַ טבע אַרומצולויפן איבערן שאָפּ ווי אַ פאַרסמ׳טע מויז;געלאָפן מיט איבער־געקערטע אויגן ווי אַ וואַלד־גזלן, געהאַט כסדר טענות צו אַלעמען ; גע־קוויטשעט אויף זיין שפּילקענעם קול׳כל :

— קאַם־אָן, באַיעס ! קאַם־אַן !

אַמאָל אויף פּראָסט „אידיש" מיטן זעלבן געקוויטש :

— אַ שאָקל, באָיעלעך — אַ שאָקל ! שוין באַלד שבת !

ריידן צווישן זיך אַ וואָרט האָט מען נישט געסמייעט, תיכף איז גודמאַן גרייט געווען מיט זידלערייען. איסאַק האָט זיך געפילט פאַר־לאָרן. סטייטש: די גוטע מיסעס הערמאַן האָט זיך אַזוי געמיט פאַר אים ביי איר שכנה . . . אָבער ווי דער אמת, האָט גאָר די טאָכטער עני אים צוגעשמידט צום פלאַץ: וואָס וועט עני דענקען וועגן אים ? אַנ־שטאָט צו קעמפן, אַנטלויפט ער גאָר! — וועט עני זיך טראַכטן. ער האָט געפּרואווט ריידן צו זיין שכן ביים מאַשין:

— זאָגט מיר, ר׳ יואל, וואָס טרייבט ער אונדז אַזוי ? זיינען מיר פערד ?

דער שכן יואל, אַ רויטלעכער יאַדישליווער הוסטער, האָט בלויז גע־צוקט מיט די שמאָלע אַקסלען:

— ר׳ יואל — האָט איסאַק אים שוין אַ טאָרקע געטאָן ער זאָל דער־פילן, — ר׳ יואל, איר זענט דאָך עפּעס נישט קיין גרינער אין אַמערי־קע. אפשר . . .

— באַדערט ניט, מיסטער! — האָט דער שכן יואל שוין מיט כעס אַ בורטשע געטאָן, — אַ מכה פאַרן וועלן!

ווען איסאַק האָט פאַרענדיקט די וואָך אַרבעט, האָט דער באַלעבאָס, צו שכירות־צאָלן, אים אַ פרעג געטאָן, פינטלענדיק מיט אַן אויג:

— ס׳סעי, ווי רופט מען דיך ?

— איסאַק.

— וו־אָס ? איסאַק גאָר ? כי־כי־כי — אַ נאָמען אַ מענטש קלייבט זיך דאָס אויס!

— וואָסי, ס׳געפעלט אייך ניט מיין נאָמען ?

— ביזט אַ גרינהאָרן, דאַצאָל! אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין אי־סאַקס — דו האָרכסט! אין אַמעריקע איז דיין נאָמען איזי! חזר זיך אייך, גרינע חיה: איזי . . . איזי . . .

איסאַק האָט זיך אויסגעדרייט פון זיין באַלעבאָס און געטראַכט, אַז אַ פונט זאַלץ וועט ער ביי דעם לעק זיכער נישט אויפעסן.

דער באַלעבאָס האָט זיך אָבער געצונדן, די ניכפּה געקראָגן — סטייטש, געהערט ? אַ גרינע חיה, און שוין! מיט די הענט אונטער די באָקעס האָט דער באַלעבאָס זיך אַ קער געטאָן צום שכן יואל:

— יואל! — האָט דער באַלעבאָס וואוילעונגעריש אים אַ רוף גע־טאָן, — יואל . . . זאָגט, האָט איר געהערט אין אַמעריקע פון אַ נאָמען

איסאַק ?

דער שכן יואל האָט טאַמעוואַטע אַנגעזשומרעט די אויגן און געצוקט מיט די שמאָלע אַקסלען :

— דאַ־הי, אין אַמעריקע ? ניין, מיסטער גודמאַן. זעט איר, ביי אונדז אין שטעטל איז יע געווען אַ איסאַק, אַ שמייסער־יונג . . .

— וואָס באַלבעסטו דאָרטן, וואָס ? — האָט דער באַלעבאָס זיך אָנ־געצונדן.

דער שכן יואל האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין באַלעבאָס׳ אָנגעצונדע־נעם רויטן פּנים, ער איז פאַרציטערט געוואָרן :

— ניין, ניין, מיסטער גודמאַן ! נישט אַ שמייסער ביי פערד . . . כ׳מיין אַ שמייסער אין אַ באָד — אַ פאַרשטשיק, מיין איך, — האָט דער שכן יואל זיך געפּרואווט אַרויסדרייען.

— גענוג צו באַלעבאַטשען אַלטע פאַדלע !

— אַ צערייצטער האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איסאַק׳ן און אים געפרעגט :

— נו, איזי . . . וויפיל פאַרלאַנגסטו, איזי ? . . .

— מיין נאָמען איז איסאַק ! — האָט ער מיט עקשנות געזאָגט, — און איך וויל צוועלף דאָלער אַ וואָך.

— זעסטע — האָט דער באַלעבאָס צוגעשמייכלט, — איך גיב דיר מער ווי דו פאַרלאַנגסט, האָט האָסטו אין מזומן פופצן רוסישע קאַרבאָנ־צעס ! — אויסציילנדיק אים זיבן און אַ האַלב דאָלער.

איסאַק האָט אַוועקגעשאַרט דאָס געלט און זיך געלאָזט צום טיר. דער באַלעבאָס האָט אים דעם וועג פאַרלאָפן מיט צעשפּרייטע הענט :

— וואָס־זשע לויפסטו אַזוי ? האָסטו געזען אַזוינס, נעמט און לויפט !

---

צוליב דעם זיג וואָס איסאַק האָט דעם טאָג געהאַט איבער זיין באַ־לעבאָס, האָט ער נאָך דער אַרבעט אַהיים געשפּאַנט אַ פריילעכער, מיט אַ לייכטן געמיט. אינדרויסן איז געפאַלן דער ערשטער שניי, מענטשן האָבן אָנגעפילט די טראָטואַרן, און ער האָט שפּילעוודיק, כמעט אונטער־געטענצלט, געשפּאַנט און געטראַכט, אויף וועלכן אופן איבערצוגעבן די פריילעכע נייעס צו עני׳ן . . . ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט די גוּ־טע מיסעס הערמאַן מיט איר טאָכטער עני געוואַרט אויף אים, פאַרוואָרפן

אים מיט פראַגן וועגן זיין נייעם דזשאַב. אימיצער האָט אין טיר אָנגע־קלאַפּט. ס'איז אַריינגעקומען אַן אומבאַקאַנטער דיקלעכער יונגערמאַן, מיט אַ צעקרימטן פאַרוואָקסענעם פּנים. דער גאַסט האָט זיך אַרומגע־קוקט, איסאַק האָט מיט חידוש אויסגערופן:

— פיליפּ! דו?!

— יאָ. — האָט פיליפּ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך צוריק דער אַמעריקאַנעץ...

— איר ווייסט ווער דער גאַסט איז? — האָט איסאַק זיך געווענדט צו דער מיסעס הערמאַן און איר טאָכטער עני, — דאָס איז דאָך מיין לאַנדסמאַן פיליפּ, — יאָ, דער אַמעריקאַנעץ... שוין דאָס צווייטע מאָל אין אַמעריקע!

אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן איבער פיליפּ'ס צעקרימטן פּנים. ער האָט סאַרקאַסטיש געזאָגט:

— איצט בין איך ווידער אַ גרינער... אָבער, זאָרגט נישט. ווי איר קוקט מיך אָן, אַרבעט איך שוין צוריק ביי מיין אַלטן באַלעבאָס קנוירעק. ווייסט וואָס, איסאַק, קום מיט מיר אַרבעטן, וועסט מאַכן אַ לעבן און נישט אַרבעטן שווער, ס'איז אַ מאָדערן שאַפּ, ס'לויפט אויף עלעקטריק!...

ער האָט צוגעוואונקען מיט אַן אויגל, פיליפּ, ווי ער וואָלט מיט דעם אָנגעדייט, אַז דאָס וואָס ער דערציילט אים איז נאָך נישט אַלץ. ער האָט נאָך אַ סך צו דערציילן, און איסאַק האָט נאָך זייער פיל צו הערן און צו באַוואונדערן אין „זיין" אַמעריקע, וואו ער, פיליפּ, איז שוין דאָס צווייטע מאָל געקומען, און איז אין לאַנד שוין גאָרנישט קיין גרינער...

.2

דער מאָדערן שאַפּ, וואָס דער לאַנדסמאַן פיליפּ האָט אַזוי גערימט, האָט זיך געפונען אויפן העכסטן שטאָק פון אַן אַלטער שאַפּ־געביידע ביים איסט ריווער.

ווען איסאַק האָט צום ערשטן מאָל דאָרטן אַן עפן געטאָן די שווערע קאָרידאָר־טיר, האָט אַ טונקלקייט אים די אויגן פאַרבלענדט. אַ וויילע שפּעטער האָט ער ווי דורך אַ טומאַן דערזען פאַר זיך אַ משופּע'דיקן באַרג־טרעפּ, וואָס ציען זיך אַרויף־אַרויף, וואו דער סאַמע שפּיץ — פינף

שטאָק הויך, האָט געפירט אין קנוירעק׳ס „מאָדערן־שאָפּ״ אַריין.

דער באַלעבאָס קנוירעק, אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיקער יונגערמאַן מיט אַ טונקל־בלאַסן פּנים, ווי ער וואָלט פון אַ צייט זיך געמאַרעט מיט אַ „דאַיעט״, מיט גרויסע רונדע אויגן וואָס אַט־אַט קריכן זיי פון קאָפּ אַרויס, האָט איסאַק׳ן זייער פריינטלעך אויפגענומען:

— אַזוי? — האָט זיך קנוירעק ווי גע׳חידוש׳ט, — דו ביזט עס דער איסאַק, וואָס . . . זע, וואו האָסטו געאַרבעט?

— ביי גודמאַנען אין גאַרעק סטריט.

— ביי ווּעמען זאָגסטו? ביי גודמאַנקע פאַרך? ביי אים אַרבעט מען נאָך מיט די פיס, דוכט זיך.

— זיכער מיט די פיס, וואָדען?

— כ׳מיין, — האָט קנוירעק זיך געכאַפּט, — ביי מיר גייט עס שוין אויף עלעקטריק. פּאַר פינפעדרייסיק סענט אַ וואָך ביזטו אַ גאַנצער קניאַזש.

דער באַלעבאָס האָט אַ רוף געטאָן זיין פאָרמאַן:

— העי, פרעד!

אַ בלאָנד יונג בחור׳ל, געשוירן צום קאָפּ ווי אַן אַרעסטאַנט, האָט פון יענער זייט שאָפּ זיך געטאָן אַ גליטש־צו, און מיט דרך־ארץ געוואַרט.

— זעסט, פרעד, — האָט קנוירעק געזאָגט, — אָט דער יונגערמאַן איז פּיליפּ׳ס לאַנדסמאַן. זעץ אים צו דער אַרבעט טאַקע קעגנאיבער פּי־ליפּ׳ן.

— וויפיל „דאַטשן״ (שטיקלעך אַרבעט) זאָל איך אים צוטיילן? — האָט פרעד געפרעגט אויף שאָפּ־לשון.

— וואָס פאַר אַ פראַגעס, גיב אים וויפיל ער וויל, אַן אייגענער מענטש, הע — — —

---

שווערע טעג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר איסאַק׳ן אין קנוירעק׳ס „מאָ־דערן־שאָפּ״. די שעה׳ן — לאַנגע. די טעג — פינצטערע.

פרי האָט דער בייזער ווינטער זיך אָנגעהויבן מיט פרעסט און זאַ־ווערוכעס. דער דאַך־פענצטער, וואָס האָט באַלויכטן דעם געשטעל, איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט בערג שניי. פון דאָרט האָט אַ ביטערע קעלט גע־צויגן איבער דעם געשטעל, איבער די פאַרשוויצטע לייבער.

דער שאָפּ — שמאָל און לאַנג, איז ביי די פענצטער צום גאַס אַרויס

באַזעצט געווען מיט דעם באַלעבאָס׳ יחסנים — זיינע צוויי, וואָס האָבן געאַרבעט פון דער וואָך: דער יונגער שימעלע חזיר, אַ שיינער בחור׳ל מיט רויטע בעקלעך, מיט אַ קאָפּ געדיכטע שוואַרצע טשופּרינעס, וואָס פלעגן זיך צעפאַלן ביי דער אַרבעט איבער דעם קורצן שטערן, איבער די אויגן. הענט האָט שימעלע פאַרמאָגט וואָס האָבן געמאָלן ווי אַ ווינט־מיל. דער צווייטער מיוחס — מאַקס וואָראָנע, אַ דאַרער איבערגעוואַק־סענער יונג מיט אַ נאָז אַ פלאַטשיקן אויף אַן אויסגעצויגענעם געשטופּל־טען פּנים; איצט אַ קעפּעלע אַ שפּיציקס, וואו ס׳האָט אויסגעפּעלט גאַנצע זשמעניעס האָר. אַט־די צוויי וואָך־אַרבעטער זיינען געזעסן אוי־בענאָן ביי קנוירעק׳ן. ביי די הינטערשטע פענצטער מיט בלינדע שויבן, זיינען געשטאַנען די פּרעסער און דער עקזאַמען־טיש. און דער גאַנצער לאַנגער געשטעל מיט ניי־מאַשינען מיט איבער פערציק אַרבעטער, זיי־נען אָפּט געווען איינגעהילט אין אַ נעפּל פון פּאַרע פון די אָנגעברענטע פּרעס־אייזנס, אויך פון דעם טשעגונענעם אויוון, וואָס איז ווינטער־צייט געשטאַנען הינטער דעם געשטעל; ס׳איז אויך געשטאַנען הינטער דעם געשטעל די אומריינע אָפּטריטן, וואו די וואַסער־לייטונג ווינטער־צייט איז אָפּט געווען פאַרפרוירן. און ווען דער אויוון האָט זיך צעברענט, האָבן די אָפּטריטן פאַראַוועט דעם שאַפּ.

אַרום זיך האָט איסאַק בלויז געזען שטומע געבויגענע מענטשן, אויסגעזעצט אין צוויי גלייכע רייען איינע קעגנאיבער די אַנדערע, אַרום אַ לאַנגן טיש. די פּנימ׳ער פון אַט־די מענטשן זעען אויס בייז, צערייצט, ווי זיי ווילן פון קיין אַנדער זאַך נישט וויסן אויסער זייער אַרבעט. ער האָט באַטראַכט דעם לאַנדסמאַן פיליפּ, קעגנאיבער אים, ווי ער זיצט אַ פאַרשטומטער מיט אַ פאַרקרימטן צערייצטן פּנים — פאַרטיפט אין דער אַרבעט ווי אַ טיגער איבער זיין קרבן. און געוואָלט האָט זיך אים, איי־סאַק׳ן, איצט פאַרגלייכן דעם־אָ מיט יענעם „פיליפּ דער אַמעריקאַנעץ״, ווען ער איז צו גאַסט געקומען פון „זיין״ אַמעריקע, אויסגעסטרויעט ווי אַ גראַף; ווי ער, אַט־דער פיליפּ דער אַמעריקאַנעץ איז געשטאַנען אַ שטאָלצער ביי סאָלאָמאָן אין מאַסטערסקאַיאַ, און מיט פוריע זיך אַ זאָג געטאָן: „ווער ס׳האָט שכל שאַרט געלט אין אַמעריקע״ . . .

דער זייגער האָט זיך גערוקט צו מיטיק־צייט.

האַלבע שעה בלויז פאַר עסן און רוען. מען רוט אָבער נישט. דער „מאָטאָר״ איז אַפילו אָפּגעשטעלט. נו, אַרבעט מען אָן מאָטאָר: מען

כאַפּט אַ ביס ברויט, מען צעקייט אַביסל, מען שלינגט אין איילעניש גאַנ־צע ביסנס, און מיט די הענט אַרבעט מען מיט דער שניידער־שער . . . מען „פאַרשניידט", מען „פאַרגלייכט" — אַרבעט, וואָס מען האָט ספּע־ציעל זיך אָנגעגרייט פאַר מיטיק־צייט, ווען דער מאָטאָר לויפט נישט. און איידער מען קוקט זיך אַרום, איז די האַלבע שעה אַוועק! דער טאָג־אַרבעט, וואָס דער פאָרמאַן, פרעד, האָט אינעם פּרימאָרגן צוגעטיילט, מוז פּאַרטיק ווערן צו דער מינוט זעקס פאַרנאַכט! אויב נישט, קריגט מען אויפצומאָרגנס ווייניקער אַרבעט, ווייניקער פאַרדינסט; איז דערפאַר הויבט מען די זשעדנע אויגן אַלע ווײַלע צו דעם אומ׳רחמנות׳דיקן שאָפּ־זייגער אויפן וואַנט. מ׳זעט, ווי די צוויי שוואַרצע ווייזערס רוקן זיך ווייטער, ווייטער מיט יעדער רגע, איבערן ווייסן ציפער־בלאַט אויף להכעיס! דריקט מען פעסטער מיט די פיס אויפן „טרעטער", דאָס מאַ־שין־רעדל יאָגט זיך, יאָגט מען זיך נאָך מער; מ׳בויגט זיך, מ׳כאַפּט די אַרבעט, מ׳מאַכט מיט אַלע אברים — פלוצים רייסט זיך איבער דער ריי־מען פון אויבן אויפן רעדל, פון אונטער דעם געשטעל — דאָס גרויסע ראָד האָט זיך אָפּגעשטעלט! איצט ווערט מען נערוועז, ס׳פאַלט פון די הענט, מ׳פאַלט אַליין שיעור אַוועק . . . דעמאָלט לייגט מען זיך אונ־טער דעם געשטעל, אויפן שמוציקן דיל טאַרעט מען זיך ביז מען פאַר־ריכט. די צייט שטייט אָבער נישט, די ווייזערס רוקן זיך . . . ווערט דאָס לייב באַגאָסן מיט שווייס פון איבער דעם שטערן, פון הינטער דעם קאַלנער. אַנגעסטן־ציטער באַפאַלט. מיט אַמאָל: שאַ־שטיל. דער מאָ־טאָר איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. אין דער שטילקייט קלינגט דעם פאָר־מאַנ׳ס קול׳כל, ס׳הילכט אין די אויערן:

— אַ—ל—ע אַרונ—טער! אַרונ—טער!

ס׳האָט געמיינט:

די אַרבעטער זאָלן מוחל זיין אַרונטערגיין פון די טרעפּ אין גאַס אַרויס און אַרויפטראָגן די פּעק אַרבעט וואָס זיינען אָנגעקומען אויפצו־מאַכן.

און די אַרבעטער האָבן געפאָלגט. מיט זייערע פאַרשוויצטע לײַ־בער און מיט געבויגענע קעפּ האָבן זיי אויסגעפאָלגט. טרויעריק האָט איסאַק באַטראַכט אָט־דעם ספּעקטאַקל. דער לאַנדסמאַן פּיליפּ האָט אים אַ שלעפּ געטאָן מיט זיך מיט די טרעפּ אַרונטער.

אין גאַס פאַרן שאַפּ איז דער טראָטואַר פאַרלייגט געווען מיט

„באָנדלס". דער פאָרמאַן פרעד האָט דאָרטן יעדן אַרבעטער נאָך דער ריי מכבד געווען מיט „באָנדלס" אויפן קאַרק און איבערן קאַרק. און אַזוי האָבן די אַרבעטער מיט די געפעק אויף זיך געשלעפּט באַרג־אַרויף די טרעפּ, און תּיכף זיך ווידער געזעצט צו דער אַרבעט. דערפאַר, פאַר־נאַכט, האָט דער באַלעבאָס קנוירעק פאַרביי געשפּאַצירט אַרום דעם גע־שטעל און מיט אַ שמייכל יעדן באַזונדער געפרעגט:

— ווי האָלסטו אין דער אַרבעט מיט דיינע „דאַטשן", יודל?

— און דו, פיליפּ? אַביסל הינטערשטעליק, האַ?

צו זיינע צוויי וואָך־אַרבעטער האָט קנוירעק ווי באַפוילן:

— שימל! און דו, וואָראָנע! איר וועט היינט אַרבעטן מער מיט אַ שעה! די עלעקטריק וועט לויפן!

וואָראָנע האָט אונטערגעבורטשעט:

— וואָס עפּעס אַרבעטן אַ שעה מער? פאַר וואָס קומט אים?

שימעלע האָט נאַריש צוגעשמייכלט:

— דערפאַר, וואָראָנע, פאַרשפּאָרן מיר דאָך אַרויפצושלעפּן די פּעק אַרבעט . . .

— ביזט אַן אידיאָט! — האָט וואָראָנע זיך געקאָכט, — הערסט אַ טובה? וואָסי, מיר פאַרשפּאָרן אַרויפטראָגן די פּעק אַרבעט?! און אַז מיר מאַכן פאַר אים אַ וועלט מיט אַרבעט פאַר לויזיקע פּופּצן טאָלער אַ וואָך! טאָ וואָס טוט קנוירעק פאַר אַ טובה, וואָס?

באמת האָט קנוירעק קיינעם מיט דעם קיין טובה נישט געטאָן. די אַרבעטער וואָלטן אים זיכער מוחל געווען סיי דאָס אַרויפשלעפּן די גע־פּעק אַרבעט, און סיי די טובה, וואָס דער באַלעבאָס דערלויבט זיי נאָכ־דעם צו אַרבעטן אַ שעה מער מיט זיין עלעקטריק. איסאַק וואָלט אוודאי מוחל געווען די טובה. און ווען נישט דער לאַנדסמאַן פיליפּ, וועלכער האָלט כסדר אין זאָגן, אַז ער, פיליפּ, האָט אים ווי דאָס לעבן געראַטע־וועט מיט דעם, וואָס ער האָט אים גענומען אַרבעטן אין מאָדערן שאָפּ, און דערפאַר מוז ער אויספאָלגן ווען פיליפּ שלעפּט אים ממש מיט גע־וואַלד!

צוויי טעג שפּעטער האָט זיך איבערגע'חזר'ט דער זעלביקער ספּעק־טאַקל: דער מאַטאָר איז אינמיטן דער אַרבעט פאַרשטומט געוואָרן, און דער פאָרמאַן פרעד האָט זיך ווידער געלאָזט הערן אויף זיין דין־קלינ־גענדיק קול'כל, און ווידער האָבן די גרעסטע טייל אַרבעטער, מיט אַרונ־

טערגעלאָזטע קעפּ, אויסגעפּאָלגט דעם פאָרמאַנ׳ס רוף. דער לאַנדסמאַן פילים האָט צו איסאַק׳ן אַ וואונק געטאָן קאַסאַקע, אים געשלעפט פאַר דער האַנט, אָבער איסאַק האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— וואָסי ? ביזט שוין אַ חכם, האַ ? . . .

ער האָט געבורטשעט, פילים, און זיך אויסגעדרייט אַ באַליידיקטער צו די טרעפּ . . . איסאַק האָט געכאַפּט אַ בליק איבערן געשטעל און איז געוועזן איבערראַשט : ער איז נישט דער איינציקער וואָס האָט נישט אויסגעפּאָלגט. אַפּנים ס׳באַוועגט זיך . . .

דער באַלעבאָס, מיט זיין פאַרביסענעם שמייכעלע, האָט געפרעגט איסאַק׳ן :

— וואָס־זשע שטייסטו אַזוי ? מ׳מיינט דיר אויך ! נו, כאַפּ זיך אַרונטער, באַלעמוטשע נישט !

איסאַק האָט זיין באַלעבאָס איגנאָרירט. קנוירעק איז געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט. ער האָט געשפּרייזט צום שאַפּ־ווינקל, און צו זיינע יחסנים — די וואָד־אַרבעטער, וואָס שלעפן קיינמאָל נישט קיין אַרבעט אין שאַפּ אַריין. צו זיי האָט ער כלומרשט טענות געהאַט :

— וואָס זיצסטו שימל ווי אַ חתן, האַ ? און דו וואָראַנע ? וואָס דענקט איר, די פּעק אַרבעט וועלן אַליין אַרויפקריכן אין שאַפּ אַריין, האַ?

— וואָס עפּעס פּלוצים, מיסטער קנוירעק ? — האָט וואָראַנע טענות געהאַט, — פאַרוואָס זיצן זאַוול, מעכעלע, און וואָס פאַר אַ מיוחס איז שוין געוואָרן ביי אייך דער נייער באַלמעלאָכע ?

— איך מיין טאַקע אַז אַלע זאָלן העלפן. ס׳איז אַלעמענס אַרבעט, אַלעמענס בענעפיט — האָט קנוירעק צוגעשטימט.

— וואָדען נישט ? — האָט זאַוול פאַרקרימט די נאָז, — אייערע וואָדאַ־רבעטער האָבן טאַקע גאָר נישט קיין בענעפיט פון די פּעק־אַרבעט, דעריבער זיצן זיי ווי די פּריצים ווען מיר מאַטערן זיך מיט אַרויפ־ שלעפן — — —

— ס׳ט האַלטן ס׳מויל ! — איז קנוירעק אים באַפאַלן, — אויך מיר אַ באַלמעלאָכע מיט זיינע זעכצן „דאַטשן" אַ טאָג !

קנוירעק האָט גע׳חוזק׳ט פון זיין שוואַכן באַלמעלאָכע זאַוול, אים איבערגעקרימט ווי ער, זאַוול, זיצט ביי דער אַרבעט מיט דער פּיפּקע אין מויל, ווי ער קריכט מיט שווערע הענט, ס׳פאַלט חלשות. איינצייטיק האָט קנוירעק׳ס פּנים דער בייזער געוואָרנט יעדן אַרבעטער באַזונדער,

וואָס וועט וואַגןווידערשפעניקן זיין באַפעל. אַרבעטער האָבן זיך מיט פאָרכט צוגעהערט צו זייער באַלעבאָס׳ וואָרענונג. מעכלע דער „שאָפּ־זינגער“ האָט זיך פּלוצים צעברומט:

— איר קאָנט ריידן און טאָן וואָס איר ווילט, מיסטער קנוירעק איך שלעפּ נישט מער די אַרבעט! אייערע וואָך־אַרבעטער נעמען פון אונדז אַוועק די בעסט־באַצאָלטע אַרבעט, טאָ זאָלן זיי שלעפּן! זאָלן זיי —

קנוירעק איז צוגעלאָפן צו מעכלען אַ צערייצטער... דער כּלומר־שטדיקער שאַפּ־פאָרשטייער סאָקאָל, אַן עלטערער שוואַכער מענטש, וואָס קנוירעק האָט געהאַט אַביסל דרך־ארץ פאַר אים, האָט זיך דאָ אַריינגעמישט:

— ס׳איז נישט יושר׳דיק, מיסטער קנוירעק... זיי, שימעלע און וואָראָנע זאָלן זיצן און קוקן ווי מיר אַלע שלעפּן אַרויף די אַרבעט, דער־פאַר ווייל זיי אַרבעטן ביי אייך פון דער וואָך? איז עס יושר׳דיק, מיס־טער קנוירעק?

— ס׳איז נישט דיין געשעפט ווי אַזוי זיי אַרבעטן! — האָט קנוי־רעק מיט רציחה געטופּעט מיטן פוס, — זיי וויסן, וועמען איך וועל באַ־פעלן עפּעס טאָן, דער וועט מוזן פאָלגן! און דו מיש זיך וואָס ווייני־קער, וועט זיין געזונטער!

מיט איבערגעקערטע אויגן, גרייט אויף דאָס ערגסטע, איז קנוירעק געשטאַנען איבער זיין שאַפּ־פאָרשטייער, ווי ער, סאָקאָל, זאָל זיין דער הויפּט־שולדיקער אין אַ פאַרשווערונג קעגן זיין מלוכה אין שאַפּ. ער איז געשטאַנען, קנוירעק, און האָט געוואַרט, אַז סאָקאָל זאָל פּרואוון זאָגן עפּעס... אָבער נישט סאָקאָל און נישט קיינער האָבן געוואַגט. אַר־בעטער האָבן אַצינד נאָך מער זייערע קעפּ געבויגן; קנוירעק׳ס וואָרע־נונג איז געהאנגען פאַר זיי ווי אַ שאַרפער שווערד. דער לאַנדסמאַן פּילים, וועלכער האָט שטענדיק מער געבורטשעט ווי גערעדט, האָט אַצינד מיט זיין צעקרימטן פּנים בייז געקוקט אין איסאַק׳ס זייט, ווי ער וואָלט זיך מיט אים, מיט איסאַק׳ן, אינגאַנצן אָפּגענאַרט.

אויפצומאָרגנס, ווען דער פאָרמאַן פרעד האָט אויסגעטיילט פאַר יעדן אַ טאָג אַרבעט, זיינען אַ טייל אַרבעטער, אָנהויבנדיק פון איסאַק׳ן, באַשטראָפט געוואָרן פון זייער באַלעבאָס מיט אַ נייע סאָרט אַרבעט „נומער דריי“. ס׳האָט געמיינט: די זעלביקע אַרבעט, נאָר וויניקער באַצאָלט.

## 3

אינעם „מאדערן־שאַפּ" האָט מען געאַרבעט אַריבער זעכציק שעה אַ וואָך. פאַר איסאַק'ן איז דאָס געווען צו שווער. צוביסלעך האָבן די לאַנגע שעה'ן מיט די ערגערנישן יעדן טאָג, אונטערגעגראָבן זיין געזונט. איסאַק האָט אויסגעמיטן וועגן דעם צו ריידן. און אַ ווי העלד תּמיד געברויזט מיט לעבן, סיי ביי דער אַרבעט, סיי אויסער דער אַרבעט, ווען ער האָט אין די פרייע אָוונטן באַזוכט אַ ענגלישע שול, אָדער גאָר זיצן אין שטאָט־ביבליאָטעק איבער אַ בוך. אָבער דאָס הוסטעניש ביי־נאַכט, מיט די בלוטיע צייכנס אונטער די אויגן, האָבן שלעכט עדות געזאָגט . . . די געטרייע מיסעס הערמאַן האָט איצט, שוין באַטראַכטנדיק איסאַק'ן פאַר איר צוקונפטיקן איידעם, געגנוג געעגבערט דעם מוח וועגן זיין געזונט. און געוואָלט האָט זי ריידן וועגן דעם ענין מיט איר עני'ן, און געוואוסט האָט די מאַמע, אַז בלויז זי, עני, וועט האָבן אַן אויסוועג צו דער געשאַפענער לאַגע.

די מיסעס הערמאַן האָט איר עני'ן געקאָנט מיט איר זעלבסטשטענדיקן כאַראַקטער. נאָך אַלס קינד אין דער אַלטער היים, האָט עני מיט איר אייגנאַרטיקייט זיך געלאָזט פילן אין קלאַס פון דער דאָרטיקער שטאָטישער שול, סיי מיט איר רואיקער האַלטונג אין צייט פון לערנען, סיי מיט איר פערזענלעכקייט. דער לערער פון קלאַס האָט צו דער קליינער עני'ן אַנדערש גערעדט, זיך אַנדערש באַנומען. נישט איינמאָל זיך אַנטשולדיקט פאַר איר. ווען דער טאַטע לייזער איז קיין אַמעריקע אַוועק, און קיין גליקן דאָרטן נישט געמאַכט, איז עני אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט אַרבעטן, און דאָרטן טעטיק געוואָרן אין דער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אויך דאָרטן האָט זי געצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט איר האַלטונג און סיי מיט איר שטאַרקן ווילן.

עני איז פון נאַטור שיין געווען. יעדעס גליד ביי איר איז געווען מיידלש און האָט געצויגן צו זיך. איר שיינקייט האָט זי אָבער נישט אַרויסגעשטעלט אין מאַרק. זי איז געווען זייער איבערקלייבעריש, געזוכט אין יעדן דעם „מענטשן". צו ניינצן יאָר איז זי מיט דער מאַמע ביידע קיין אַמעריקע געקומען. איין יאָר שפּעטער איז דער טאַטע לייזער געשטאָרבן ,און עני האָט איבערגענומען דעם יאָך : די טעג געאַרבעט און די נעכט מיט איר פרייער צייט אָפּגעגעבן דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אויך אין אַמעריקע האָט עני'ן נישט אויסגעפעלט קיין פאַרהערער. נאָך יעדן מיטינג האָט אַן אַנדער בחור איר אַהיים באַגלייט. די מאַמע ביילע — אַ וואָרטנדיקע, האָט פאַר זיי די טיר געעפנט, פריינטלעך זיי אויפגענומען. אויפצומאָרגנס האָט עני'ס כמורנער פּנים דער מאַמען אַלצדינג דערקלערט . . . ווען איסאַק האָט זיך באַוויזן, האָט עני'ס פּנים אויפגעלויכטן נאָך יעדער מאָל רעדן מיט אים. די מאַמע האָט גלייך דערפילט די ענדערונג: עני'ס קומען אַהיים אין צייט פון עסן, עני'ס לאַנגער שטיין ביים שפיגל . . . און ענדלעך יענעם מאָמענט, ווען עני מיט איסאַק'ן האָבן פאַר דער מאַמען פשוט דערקלערט, אַז זיי קלייבן זיךביידע חתונה האָבן.

צי די מאַמע איז צופרידן געווען? זיכער. פון גרויס פרייד האָט זי ביידן אַרומגעכאַפּט מיט קושן. אָבער מער וועגן דעם ענין האָט קיי־נער אַ וואָרט נישט דערמאָנט, און דאָס שווייגן האָט דער מאַמען אַנ־טוישט. ווייל זי, ווי יעדער מאַמע, האָט געוואָלט וואָס גיכער מאַכן אַ חתונה און האָבן אַביסל נחת. אָבער די קינדער האָבן וועגן דעם נישט געוואָלט ריידן און פאַרשוויגן ווען זי, די מאַמע, האָט וועגן דעם דער־מאָנט. איצט, צוליב איסאַק'ס געזונט, האָט די מאַמע געגאַרט צו ריידן מיט עני'ן, זאָגן דאָס וואָס זי פילט צו זאָגן שוין נישט פון היינט. ביז איינעם אַן אָוונט, ווען איסאַק איז אין דער היים נישט געווען, האָט די מאַמע זיך געזעצט לעבן איר טאָכטער און איר געפרעגט:

— זיצט גאָר אין דער היים? היינט האָסטו גאָר קיין מיטינג נישט, טאָכטער?

— ניין, מאַמע. איך וועל מיך היינט אויסרוען מיט לייענען אַ בוך.

מיט גרויס דרך־ארץ האָט די מיסעס הערמאַן צוגעטראָגן צום שאַפע מיט ביכער, און האָט באַטראַכט די דיקע בענדער מיט די אויפשריפטן אויף זייערע רוקנס, געקוקט מיט יראת־הכבוד ווי מ'שטייט פאַר אַ היי־ליקייט. זי האָט געזאָגט:

— וואָס־וואָס, טאָכטער מיינע, אַ שאַפע מיט ביכער האָבן מיר אַ דאַנק איסאַק'ן. ווי כ'האָב ס'ליב! מיר דוכט, אַז אַ הייליקייט האָט אַריינגעצויגן צו מיר אין שטוב.

— יאָ, מאַמע, ביכער זיינען אַ הייליקייט; ביכער לערנען דעם מענטשן ווי אזוי צו לעבן, כ'מיין, אַ מענטשלעכן לעבן.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, די מאַמע. מיט האַלב־פאַרמאַכטע

אויגן און מיט אַ פרומען פּנים האָט זי געזאָגט:

— מיין טאַטע, זאָל דאָרט האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, פלעגט אויך אַזוי זאָגן, אַז תורה ווייזט דעם וועג צו לעבן; תורה, האָט ער געזאָגט, איז געגליכן צו וואַסער וואָס דערקוויקט דעם דאָרשטיקן. ער האָט אָבער אויך געזאָגט, אַז די זעלביקע תורה איז אַמאָל פייער וואָס פאַרברענט, חלילה.

זי איז שטיל געבליבן מיט אַ טרער אין אויג און זיך אויסגעדרייט.

עני האָט מיט חידוש געפרעגט:

— וואָס איז געשען? עפּעס פאַרבאַהאַלטסטו פון מיר, מאַמע.

— איך פאַרבאַהאַלט גאָרנישט. ס׳איז אַן אָפענע זאַך וואָס יעדער זעט. איסאַק הוסט גאַנצע נעכט. אַרבעט שווער. לערנט און רוט זיך נישט אויס . . .

עני האָט זיך אַביסל אַנגעשטויסן צו וואָס איר מאַמע צילט, און וואָס זי איז אויסן מיט אירע רייד. זי האָט אָבער געזוכט אויסצומיידן דעם דאָזיקן געשפּרעך. זי האָט געזאָגט:

— עס איז אמת אַז איסאַק אַרבעט צו שווער. מיטן לערנען האָט עס גאָר נישט צו טאָן, מאַמע. פאַרקערט, אין לערנען געפינט מען רו. און אויב מען לערנט עפּעס אויס, מוז מען נישט אַרבעטן זעכציק שעה אַ וואָך אין שאַפּ ווי איסאַק מוז איצט טאָן. בין איך גערעכט, מאַמע?

— ביזט גערעכט, מיין קינד, — האָט די מאַמע זיך נעענטער צוגע־זעצט, — ביז איצט האָב איך קיינמאָל זיך נישט אַריינגעמישט מיט דעות. איך ווייס, אַז דו ביזט דערוואַקסן צו פירן דיין וועלט. איצט מוז איך דיר פרעגן: איר האָט זיך ליב, טאָר פאַרוואָס זאָלט איר נישט חתונה האָבן און פירן אַ נאָרמאַלן לעבן?!

עני האָט זיך צעלאַכט:

— אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע, אָט צו וואָס דו האָסט געצילט! ווילסט מיר זאָלן שוין חתונה האָבן. דו אַליין זאָגסט דאָך, אַז איך בין גענוג דערוואַקסן צו פירן מיין לעבן, פאַרשטייסטו דאָך, אַז מסתמא דאַרף מען נאָך צואוואַרטן! דו ציטערסט אַזוי פאַר איסאַק׳ס געזונט, דאַרפסטו דאָך אים געבן די געלעגנהייט זיך צוצוגרייטן פאַר אַ גרינ־גערן לעבן ווי אַרבעטן זעכציק שעה אַ וואָך אין שאַפּ!

— אָבער ווען? גאָט מיינער, ווען? — האָט די מאַמע געבראָכן מיט די הענט, — דער מענטש גייט אונטער! אַרבעט בייטאָג און

לערנט ביינאַכט. דערצו מיטינגען און אויפזיין גאַנצע נעכט וואָס פאַר־קאָנטשען אים! און דו? נאַרישע טאָכטער, האָלטסט אין מאַכן פּלע־נער פאַרן מאָרגן... פאַרן אַמאָל... וואָס טויגן דיר דיינע פּלענער, זאָג מיר? דורך וועלכן אופן ווילסטו צו עפּעס דערגרייכן? ס'איז דיין שולד, געדענק, טאָכטער מיינע!

די מאַמע איז געבליבן מיט פאַרבראָכענע הענט. עני האָט זיך אַ הויב געטאָן, אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל און גיך פאַרלאָזט דאָס הויז.

אין גאַס איז זי געבליבן שטיין ווי פאַרטשאַדעט. ס'איז געווען סוף חודש. דרויסן איז געווען פינצטער, גליטשיק. זי האָט געשפּאַנט אָן אַ ציל, דערנאָך אַריין אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק און גענומען אַ בוך און זיך געזעצט לייענען. אָבער ס'האָט זיך נישט געלייענט. די ווער־טער האָבן ווי געטאַנצט פאַר אירע אויגן. איר גאַנצער מוח איז געווען פאַרנומען מיט דער מאַמע, מיט אירע פאַרבראָכענע הענט... ס'ערש־טע מאָל ווי די מאַמע רעדט אַזוי צו איר, ווי זי, עני, וואָלט באמת גע־ווען די שולדיקע. אָבער פאַרוואָס איז זי גאָר אַנטלאָפן פון שטוב? פאַרוואָס האָט זי בעסער דער מאַמען נישט געפרעגט, צי זי, די מאַמע, איז אַזוי זיכער מיט איסאַק'ן אַז ער איז גרייט חתונה צו האָבן? אפשר האָט ער אויך פּלענער פאַר דער צוקונפט?

גריבלענדיק זיך וועגן דעם ענין, האָט עני געפּרואווט זיך דערמאָ־נען געשפּרעכן מיט איסאַק'ן, וואָס זי האָט געפירט זינט די לעצטע חדשים, און פאַר קיין איינציקן פאַל זיך נישט דערמאָנט, זיי זאָלן ריידן גאָר איבער דעם ענין חתונה־האָבן. זיכער וואָלט איסאַק צוגעשטימט צו וואָס זי וואָלט נישט אויסגעפּלאַנט, אָבער ווען עמען וועט עס טאָן גוטס? איסאַק'ן זיכער נישט. איסאַק מוז זיך צוגרייטן מיט קענטענישן צו אַ לעבן, נישט צו מוזן אַרבעטן אין שאַפּ זעכציק שעה אַ וואָך! טאָ צו וואָס דער געאייל? צו וואָס אויסנאַשן דעם מאָרגן, דעם גאַנצן לעבן?

עני האָט געפּרואווט צו אַנאַליזירן דער מאַמע'ס טענות אין ליכט פון זייער צוקונפט, און האָט געדרונגען פון דעם, אַז די מאַמע איז נישט גערעכט מיט אירע פאָדערונגען צו זיי. אָבער נאָך איר אַנאַליזירונג, און נאָך איר גערעכטן שטאַנדפּונקט וואָס זי, עני, האָט אַזוי פאַרטיידיקט, האָט זי זיך אַלץ נישט באַרואיקט. ערגעץ ביי איר האָט אַ צווייפל גע־נאָגט.

זי איז געזעסן אַ פאַרטראַכטע איבערן בוך. זי האָט געזען דער מאַ־

מען, ווי זי זיצט לעבן איר, ברעכט מיט די הענט און יאָמערט, ווי דע־מאָלט, ווען זי האָט באַוויינט איר פאַרשטאָרבענעם טאַטן. טרערן האָבן זיך געקייקלט פון אירע אויגן און געפאַלן אויף די ווערטער פונעם בוך. זי האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועק אַהיים. איסאַק האָט שוין געהאַט געשלאָפן. די מאַמע, אַ שמייכלענדיקע, האָט איר באַגעגנט ביים טיר מיט אַ טענה:

— וואוהין ביזטו אַנטלאָפן אין דער חושך? וועסט טרינקען אַ וואַ־רעמע גלאָז מילך, טאָכטערקע!

---

ס׳איז געווען אַן אָוונט אין חודש מערץ. דורכן טאָג האָט אַ קאַל־טער ווינט געבלאָזן. ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן, האָט אַ דריבנער רעגנדל געטריפט. איסאַק מיטן עני׳ן זיינען נאָכן עסן געבליבן אין דער־היים. איסאַק איז אין פאַרלאָר־צימער געזעסן און האָט געלייענט יעקב גאָרדינ׳ס באַרימטע דראַמע „גאָט, מענטש און טייוול“. עני האָט צוגע־האָלפן דער מאַמען אין קיך מיט צונעמען פון טיש. דערנאָך, אונטער פייפנדיק אַ באַקאַנטע מעלאָדיע, אַריינגעטענצלט צו איסאַק׳ן אין פאַר־לאָר־צימער. זי האָט באַמערקט ווי פאַרטיפט ער איז אין לייענען און זי האָט שטיפעריש געזאָגט:

— זע נאָר ווי פאַרטיפט ער איז אין לייענען! אַזוי עסק׳ט ער זיך מיט שאַפּ־ און יוניאָן־פּראָבלעמען, ווען עס קומט אָבער צו לייענען, ווערט ער גאָר ראָמאַנטיש, כאַ, כאַ, כאַ — — — —

ער האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן פונעם בוך, איר אָנגעקוקט מיט אַ ערנסט פּנים, ווי ער וואָלט נישט געקאָנט באַנעמען וועגן וואָס זי האָט זיך פּלוצים צעלאַכט. ער האָט געפרעגט:

— צו וואָס דער געלעכטער, טייערע? אָט איז מיין טאַטע דעם גאַנ־צען לעבן געווען אַ טלית־מאַכער, און מיר, זיין בנ׳אָק, געמאַכט גאָר פאַר אַ שניידער!

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, — האָט עני צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — געפינסט דאָרטן אין בוך אַ טלית־פאַבריקע, האַ? ! הפּנים דער טאַטע דיינער ליגט דיר טיף אין די ביינער, איסאַק!

— געוויס, — האָט איסאַק געזאָגט, — נישט נאָר אין די ביינער. זיין הייסע בלוט, דעם טאַטנ׳ס, זידט איצט אין מיר! אין גאָרדינ׳ס דראַמע, געפין איך אַ שטיק צאַפּלדיק לעבן פון מיין טאַטן פון דער צייט, ווען ער האָט געהאַט געאַרבעט ביים טלית־פאַבריקאַנט בערל קראָט!

איצט, לייענענדיק דעם בוך, האָב איך מיר דערמאָנט פון יענע יאָרן, ווען דער טאַטע איז נאָך יונג געווען, און האָט געאַרבעט דאָרטן זעקס טעג ביז שפּעט ביינאַכט פאַר אַכטצן גילדן אַ וואָך. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי ביי אונדז אין שטוב האָבן זיך געהאַט צונויפגעקליבן באַלמעלאָכעס־טליתים־מאַכער, זיך צונויפגערעדט וועגן זייער לאַגע. דערנאָך זיינען זיי אוועק צו זייער פאַבריקאַנט בערל קראַט און געבעטן אַן העכערונג פון צוויי גילדן מער אויף די שכירות. דער פאַבריקאַנט בערל קראַט, האָט זיי נישט אַנטזאָגט, נאָר וואָס דען? אַזוי ווי ער פּאָרט איינגאַכן אָפּ מיט טליתים צו פאַרקויפן, און מיט גאָט׳ס הילף, ווען ער וועט די סחורה אויספאַרקויפן, און אַהיים קומען בשלום מיט אויסגעליידיקטע טשעמאָדאַנעס, וועט ער זיי זיכער געבן די געפאָדערטע צוויי גילדן אויפן וואָך מער!

ווען דער פאַבריקאַנט בערל קראַט איז אַהיים געקומען, האָט ער באַצייטנס זיך באַוואָרנט: די אויסגעליידיקטע טשעמאָדאַנעס האָט ער אָנגעפילט מיט שמאַטעס און מיט זיין שווערן רייזע־מאַנטל, און צו זיינע אַרבעטער אין פאַבריק איז ער געקומען מיט אַ טענה:

נו, שלימזל׳ניקעס, שטייט נישט! נעמט, זייט מוחל, אַרונטער פון וואָגן די פולע טשעמאָדאַנעס מיט אייער אַרבעט!

עני האָט געוואָלט עפּעס באַמערקן. תיכף האָט איסאַק ווידער אָנגעהויבן:

— ווי איך זע, טייטסטו אויס פאַר יעדן וואָס צו לייענען. ס׳קומט אויס: אויב אַ מענטש איז פאַרנומען מיט לייזן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, מוז ער בלויז לייענען די ליטעראַטור וועגן דעם ענין און נישט קיין אַנדערע. איך דענק, ס׳איז אַ טעות. לויט נאָך מיין באַגריף, דאַרף מען אַלץ לייענען! אגב, פרעג איך דיר, צי דו, עני, ביזט טאַקע אַזוי זיכער, אַז אין דעם טעגלעכן קאַמף פון אַרבעטער קעגן זיין באַלעבאָס, איז ווירקלעך גאָר קיין ראָמאַנטיק נישטאָ?

זי האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס און געפילט, אַז איסאַק רעדט דאָס וואָס עס טוט אים וויי. און ווי דער אמת, איז איר דווקא געפעלן געווען זיין עקשנות, און דער אופן ווי אַזוי ער רעדט. אָבער מיט דעם תוך פון זיינע טענות איז זי גאָר נישט געווען צופרידן:

— פון וואַנען דו דרינגסט, אַז איך טייל אויס פאַר יעדן וואָס צו לייענען, ווייס איך נישט. איך האַלט, אַז ליטעראַטור בכלל אונטער־

שיידט זיך בלויז אין פאָרם. און הויפטזאַכלעך אינעם לייענער׳ס גע־שמאַק, מיט איין באַדינג: דאָס וואָס מען לייענט דאַרף באַרייכערן דאָס לעבן! זעסטו, צי איך בין אַזוי זיכער, אַז אינעם טעגלעכן קאַמף פונעם אַרבעטער פאַר זיין ברויט איז פאַראַן ראָמאַנטיק? ניין. זאָג מיר, טייערער, וויפיל ראָמאַנטיק האָסטו געפונען אינעם „מאָדערן־שאָפּ"? אפשר רופסטו ראָמאַנטיק דעם ביטערן קאַמף וואָס דו פירסט טאָג־איין, טאָג־אויס קעגן דיין כיטרען באַלעבאָס מיט זיין „סטודזש", דעם לאַנדס־מאַן פיליפּ? וואָס־וואָס, ראָמאַנטיק איז עס זיכער נישט.

— און אפשר יאָ, — האָט ער מורמלענדיק גענומען שפּאַנען הין און צוריק, — טאָקע וועגן דעם מאָדערן־שאָפּ לוינט זיך צו ריידן: עס איז אמת אַז דאָרטן ליידן די אַרבעטער, ווי דו זאָגסט, אָבער דער שאָפּ איז נאָך אַלץ נישט דער ערגסטער, דערפאַר ווייל ערשטנס, אַרבעטן דאָר־טען איבער פערציק מענטשן און עס לוינט זיך דעם שאָפּ צו אָרגאַניזירן.. צווייטנס, „לויפט" דאָרט די עלעקטריק און ס׳איז לייכטער צו אַרבעטן. שלעכט איז: מ׳מוז פאַר דער עלעקטריק באַצאָלן דעם באַלעבאָס! מען מוז אויך אויף זיך שלעפּן די אַרבעט אין שאָפּ אַריין, און צום ערגסטן, וואָס ס׳פעלט איינהייטלעכקייט און סיסטעם — אויסצוטיילן די אַרבעט פאַר אַלעמען צוגלייך און קיין איינציקן נישט צו באַקריוודען! און די אַלע איבלען ליידן די אַרבעטער נישט בלויז אינעם „מאָדערן־שאָפּ", נאָר אומעטום, אין אַלע סוועט־שעפּער וואו זיי געפינען זיך, און דערפאַר הערשט צווישן די אַרבעטער קנאה, שנאה, מען איז צווישן זיך צעקריגט, מען האָט זיך פיינט, און דאָס לוינט זיך דווקא פאַר זייערע באַלעבאַטים!

— איצט, פאַרטראַכט זיך, טייערע:

— ס׳באַווייזט זיך צווישן די אַרבעטער־רייען איינער אַ באַפרייער, וועלכער זוכט און געפינט צווישן די אַרבעטער חברים, מענטשן ערלעכע, וואָס זיינען מיט לייב און לעבן גרייט מיטצוהעלפן, גרייט אויסצעוואָרצ־לען דעם שעדלעכן סיסטעם פון צעשטערונג! אָט־די אַלע ריידן זיך צו־נויף. צוביסלעך ווערט מען פריינט, מ׳ווערט היימיש, מ׳פאַרטרויט זיך ווי מענטשן פון איין משפּחה, און די משפּחה צעוואַקסט זיך גרעסער און גרעסער, דעמאָלט . . . איז פאַראַן ראָמאַנטיק אין דער דאָזיקער אַרבעט?

— נו, זיכער, — האָט עני האַלב־ערנסט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — אָבער זאָג מיר טייערינקער, ווען? ווען וועט געבוירן ווערן דיין פאַנ־טאַסטישער העלד, דער באַפרייער, ווען?

ער האָט געשפּאַנט אַ פּאַרטראַכטער, ווי ער וואָלט פאַרצווייפלט גע־זוכט אַ לאָגישן ענטפער כדי זיך אַליין צו באַרואיקן. מיט אַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איר און האָט דרייסט געזאָגט:

— איך זע, טייערע . . . טיף אין דיינע שוואַרצאַפּלען זע איך אַ מענטשעלע. קליין, נעבעכדיק זעט אויס דאָס מענטשעלע, ווייל ער איז אַליין! ווען אָבער אָט־דאָס מענטשעלע וועט געפינען די לאַנג־באַגערטע חברים, זיך אַרומרינגלען מיט זיי, און צוזאַמען אָנהייבן דעם הייליקן קאַמף צו באַפרייען, דעמאָלט וועט פונעם מענטשעלע אויסוואַקסן אַ העלד! און ער, דער העלד, וועט מיט די חברים זיינע גיין פון שאַפּ־צו־שאַפּ, ריידן צו די אַרבעטער, זיי זאָלן אויפשטיין פון זייער קנעכטשאַפט! זיך אויסגלייכן די געבויגענע רוקנס און אויסקעמפן מענטשלעכע באַדינ־גונגען!

ער האָט אָפּגעהאַקט און אַ מידער זיך צוגעזעצט. עני, אַ פאַר־טראַכטע, האָט זיך געזעצט לעבן אים — איר העלד, דער באַפרייער! ווי שיין איר העלד איז פאַר איר פּלוצים אויסגעוואַקסן! ער אַרבעט נישט מער זעכציק שעה אַ וואָך און הוסט נישט מער . . . אויך זי, עני, זיצט נישט מער אירע טעג ביי דער אַרבעט אין דעם שמוציקן הינטער־צימער פון קראָם, אָן אַ ברעקל זון, און אָן פרישע לופט, ביי די ווייבערשע קאָ־פּעליושן. אַצינד זעצט זי פאַר איר שטודיום פאַר „סאָשעל וואָרקער", די אַרבעט וואָס איז איר ליב, און צוליב דעם טאַטנ׳ס טויט איז זי גע־צוואונגען געווען דאָס איבערצורייסן . . . זי זעט שוין אַפילו זייער בייע היים מיט שאַפעס ביכער . . . מיט קונסט־אַרטיקלען: אַ היים, אַ גע־זאַמל־פּלאַץ פאַר בויער און שאַפער פאַר אַ שענערער וועלט! און די מאַמע איז מיט זיי — יאָ . . .

זי האָט געדרעמלט, עני . . . די מאַמע ביילע איז איינגעשלאָפן ביי דעם צייטונג־ראָמאַן. אימה׳דיק שטיל איז געווען אין שטוב. דער ווינט האָט געריסן די פענצטער.

## 4.

דער ליבער זומער איז געקומען. דרויסן האָט געלויכטן אַ ליכטיקע זון. אין קנוירעק׳ס „מאָדערן־שאָפּ" האָט געשטיקט אַ קלעפּיקע היץ. איצט, זומער־צייט, האָט אויבן דער דאַך־פענצטער אָנגעברענט פון

דער גליענדיקער זון, געבריט ווי אַ העליש פייער. קיין ווינטל האָט פון ערגעץ זיך נישט פאַר׳גנב׳עט. און דווקא האָט דער נייער סעזאָן זיך אָנגעהויבן מיט אַ ברען: „באַנדלעך״ אויפצומאַכן — אויף פּאָליצעס, אין די שאַפּ־ווינקלען, אונטער די טישן, וואו נאָר דאָס אויג האָט דאָרטן דערגרייכט — באַנדלעך אויפצומאַכן, אָבער די באַנדלעך האָבן זיך ווייניק געריירט. זיכער נישט די צאָל, ווי דער באַלעבאָס קנוירעק וואָלט אַצינד חשק געהאַט.

און שולדיק וואָרום די באַנדלעך האָבן זיך ווייניק געריירט איז געווען דער באַלעבאָס אַליין. צוליב דעם וואָס ער, דער באַלעבאָס, האָט דורכגעפירט אַ שטראָף אויף פריערדיקע באַלמעלאָכעס, אַז זיי בונטעווען זיך און ווילן צעטרייסלען זיין מלוכה, און דערפאַר זיי אויסגעטיילט דעם נייעם סאָרט אַרבעט „בומער דריי״ וואָס האָט אין דערווירקלעכקייט געמיינט: די זעלביקע אַרבעט און ווייניקער באַצאָלט, האָבן אַ טייל אַרבעטער איצט, ווען דער נייער סעזאָן האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן, פאַרלאָזט קנוירעק׳ס שאַפּ. און וואוהין די דאָזיקע אַרבעטער זיינען געקומען, האָבן זיי דערציילט די „גרויסע גליקן״ פונעם באַרימטן „מאַדערן־שאַפּ״ מיט דעם כיטרען באַלעבאָס קנוירעק.

אַזוי אַרום האָט דער „מאַדערן־שאַפּ״ געקראָגן אַ מיאוס׳ן נאָמען אין אַרבעטער־מאַרקעט. אַרבעטער האָבן געוויכט פון דעם־אָ שאָפּ ווי פרומע אידן פון אַ קלויסטער. קנוירעק האָט אָבער געוואַלדיק זיך גענויטיקט אין באַלמעלאָכעס . . . קנוירעק האָט די ניכפּה געקראָגן פון יעדן ליידיקן ניי־מאַשין; דער סעזאָן מיט די באַנדלעך איז אַ צו גוטער ביסן צו פאַרלירן און דערפאַר איז קנוירעק געקומען מיט אַ פּשרה צו די אַרבעטער זיינע אין אַ פאַרנאַכט.

אַזוי פּלוצלונג איז עס געשען: נאָך אַ שוויץ־טאָג אין שאַפּ, האָבן די אַרבעטער דערזען אַ פּעסעלע ביר מיט פאַרשיידענע צובייסן פון כל־טוב אויסגעשטעלט אויף אַ טיש. נאָכדעם, ווען די ברידער אַרבעטער זיינען געווען שוין אַ קאַפּעטשקע מיט אַ פאַרדרייטן קאָפּ, האָט זיך אינמיטן באַוויזן דער באַלעבאָס קנוירעק און מיט אַ פּנים אַ שמייכלענדיקן געהאַט מיט זיינע אַרבעטער אַ „האַרץ־צו־האַרץ״־געשפּרעך.

וואָס קנוירעק האָט באַצוועקט מיט דעם האָבן לכתחילה די אַרבעטער זיך נישט אָנגעשטויסן. מאַלע־וואָס אַ באַלעבאָס שענקט אַ פּעסעלע ביר?! און בפרט, ווען די ביר איז געווען אייז־קאַלט, געשמאַק צו

טרינקען נאָך אַ ברענענדיקן שוויץ־טאָג, האָט מען זיך געקילט מיט איין ביסעלע, נאָך אַ ביסעלע . . . ביז דער מידער קאָפּ האָט אָנגעהויבן צו „פאָרן", צוערשט אַ גלייכן וועג, דערנאָך שוין אין אַ זיג־זאַג . . . וואָס דער באַלעבאָס האָט דעמאָלט אינמיטן „געספּיטשעט" — ווער־וואָס ? . . .

ערשט אויפצומאָרגנס, ווען מען האָט ווידער אויסגעטיילט די „נו־מער דריי" אַרבעט, און מען האָט געאַרבעט אַ שעה לענגער, אַזוי יעדן טאָג פון דער וואָך, לענגערע שעה'ן, און אַ פּעני נישט מער שכירות, דע־מאָלט האָבן די ברידער־אַרבעטער זיך געכאַפּט, אַז זייער באַלעבאָס קנויר־רעק האָט מיט דער געשענקטער פּעסעלע ביר זיי פּשוט פאַרנאַרט אין זאַך אַריין.

האָט מען צוערשט זיך גע'סוד'עט : „וואָס הייסט ? פאַר קנוירעק'ס טובה כלומרשט, וואָס ער לאָזט (פאַר די זעלבע פינף־און־דרייסיק סענט אַ וואָך) לויפן „זיין" עלעקטריק אַ שעה מער, וועלן מיר אַרבעטן דעם „נומער דריי" פאַרן זעלביקן מקח איצט, ווען ביי אים ברענט דער סעזאָן? וואו איז אַזעלכעס געהערט געוואָרן, וואו ?" . . . שפּעטער־צו האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן צו בונטעווען . . . ביי איסאַק'ן אין פּאַרלאָר־צימער האָט אַ געקליבענע גרופּע פונעם שאָפּ יעדן אויפדערנאַכט פלענער גע־בויט. ס'האָט געשמעקט מיט אַ רעוואָלט !

בלויז דער לאַנדסמאַן פיליפּ האָט זיך געפילט פאַרצווייפלט, ווי ער וואָלט נישט אָנהויבן צו וויסן וואָס צו טאָן, און וואו ער איז אין דער וועלט. אַזוי האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק מיט זיין האַלטונג, מיט זיין איזאָלירן זיך פון אַלעמען. דאָס איז אָבער געווען בלויז דער אָנ־שטעל זיינער. באמת האָט דער לאַנדסמאַן פיליפּ אַלצדינג געטאָן אויס־גערעכנט ווי ס'לוינט זיך פאַר אים און נאָר פאַר אים !

ביז נישט לאַנג צוריק איז דער לאַנדסמאַן פיליפּ אויך געווען פאַר־רעכנט פון קנוירעק'ס יחסנים. אַזוי ווי שימעלע און וואַראַנע האָט ער, פיליפּ, אויך געקראָגן די בעסער־באַצאָלטע אַרבעט פון דער וואָך. אָבער נאָך אַ קורצער צייט אַרבעטן ביי קנוירעק'ן פון דער וואָך, האָט פיליפּ זיך אַרומגעזען אַז דער געשעפט פאַסט נישט פאַר אים. „ער, פיליפּ, אַן אַלטער חבר פון באַלעבאָס קנוירעק זאָל זיך אַזוי דערנידעריקן, זיך לאָזן איינשפּאַנען ווי אַ פערד, זיך יעדן טאָג פאַרמעסטן מיט אַזאַ שנעק ווי שימעלע חזיר, ווער ס'וועט איבעריאָגן ? ! אַז נישט דערלעבן זאָל ער מיטן באַלעבאָס !"

אַט־ידי טעגלעכע פאַרמעסטונג האָט דעם לאַנדסמאַן פּיליפּ געבּרענט ווי אַ פייער: „סטייטש, ער מיט קנוירעק'ן האָבּן יאָרן צוזאַמען געאַר־בעט, דערנאָך ווען קנוירעק איז געוואָרן אַ באַלעבאַס, האָט ער, פּיליפּ, פאַרלאָזט זיין גוטן פּלאַץ — אַלץ צוליבּ קנוירעק'ן. און וויפיל מאָל ער, פּיליפּ, האָט אַרבעטנדיק ביי קנוירעק'ן, דערלאַנגט זיין גאָלדענעם זייגער צו פאַרזעצן צו קנוירעק'ן אויסצוצאָלן שכירות! יאָ, פּיליפּ גדעדנקט עס. און ער, קנוירעק, דינט אים אַזוי מיאוס אָפּ, פע" . . .

אַצינד, ווען פּיליפּ האָט זיך באַפרייט פון קנוירעק'ס „וואָך־אַרבעט", איז ער טאַקע אויך באַפרייט געוואָרן צו פאַרמעסטן זיך יעדן טאָג מיט שימעלע חזיר. ער איז אָבער אַצינד איינגאַנצן געווען אָפּהענגיק אין קנוירעק'ס גוטן ווילן, ער, דער באַלעבאַס, זאָל אים צוטיילן אַ בעסער־באַצאָלטע אַרבעט. און דאָס צו דערגרייכן האָט ער פאַר זיינע אייגענע נוצן זיך אָנגעגרייט אַ געהילף — איסאַק זאָל אים העלפן! ער האָט אָבער גיך איינגעזען זיין טעות: אַנשטאָט הילף צו אים און בלויז צו אים, האָט איסאַק גאָר געבורעט פאַר אַ רעוואָלט קעגן קנוירעק'ס מלוכה.. איז דער לאַנדסמאַן פּיליפּ געווען אין פאַרצווייפלונג. מיט איין אויג האָט ער חניפה'דיק געקוקט צום באַלעבאַס. דאָס אויג האָט גע'טענה'ט: „זעסט, באַלעבאָס לעבן, ווי געטריי איך בין דיר: איך סוד'ע זיך נישט, בונטעווע זיך נישט, דאָך ווען עס קומט צו אַ בעסער־באַצאָלטע אַרבעט פאַרגעסטו מיך אָפּט!"

דאָס צווייטע אויג האָט ביים זעלביקן פּיליפּ געוואָרפן גיפטיקע פייַלן צו דעם יחסנ'דיקן ווינקל — צו שימעלע חזיר און אויף דעם לאַנגן געשטופּלטן וואָראָנע — אויף זיי, מיט זייער באַלעבאָס קנוירעק!

אַזוי אַרום האָט פּיליפּ זיך אַליין איזאָלירט פון אַלעמען. אָבער גע־זוכט האָט ער אינעם איצטיקן געראַנגל פערזענלעך צו געניסן. און ווי־דער איז אים אויפן זינען געקומען דער לאַנדסמאַן איסאַק, וועמען ער האָט אַזאַ טובה געטאָן און איז אים דערפאַר שולדיק אַ חוב . . .

איינמאָל, נאָך דער אַרבעט, ווען איסאַק האָט זיך אַ היים געלאָזט, איז פּלוצים אונטערגעקומען פּיליפּ און מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן צו איסאַק'ן געזאָגט:

— איך זע, ביזט אָנגעשטויסן אויף מיר . . . קיין שלעכטס האָב איך דאָך דיר נישט געטאָן! . . .

ער האָט זיך פאַרהאַקט פּיליפּ. פּיבערדיק האָט ער מיט ציטערנדי־

קע הענט פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, און אַרויסבלאָזנדיק דעם רויך, האָט ער דערווייל באַטראַכט איסאַק׳ן מיט אַ פאַרצווייפלטן פּנים, ווי ער וואָלט זיך געיישוב׳ט, צי ער זאָל ווייטער אָנגיין מיטן שמועס.

— דו ווייסט אַז איך בין דיר מער פריינט ווי די אַלע חברה דיינע דאָרטן . . . — האָט ער מיט קוראַזש אָנגעהויבן, — ווער האָט דיר אַריינגעבראַכט צו קנוירעק׳ן, ווער? איך בין דיר אַ פריינט. איך וויל זאָלסט מאַכן אַ לעבן, און איצט, ווען דו גייסט חתונה האָבן דאַרפסטו אוודאי! . . .

איצט, ווען פיליפּ איז אַריין אין זיין ראָל, האָט ער געברענט ווי פייער אויף אַלעמען, סיי אויפן באַלעבאָס מיט זיינע יחסנים, און סיי אויף די טוער פונעם שאַפּ — איסאַק׳ס חברים, „די טומלער", וואָס ער, פיליפּ געטרויט זיי קיינעם נישט, ווייל ער קאָן זיי אָט די־אָ . . .

— זעסט, איסאַק, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן? — האָט ער געפייערט מיט יעדן וואָרט, — צו וואָס פאַר אַ קלאָג פרעג איך דאַרפסטו זיך מי־שען? פאַר וועמען? פאַר די לאַכודרעס וואָס דו קאָנסט זיי נישט גע־טרויען פון דאַנען אַהער? דאָ איז נישט יוראָפּ, ס׳איז אַמעריקע! . . .

איסאַק האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער, פיליפּ, ווינקט צו מיט אַ קאָ־סאָקע אויגל און באַלד איז פיליפּ אַרויס מיט לשון:

— איצט הער מיך אויך, איסאַק. מיר ביידע קענען איבערנעמען די גאַנצע פירונג פון שאַפּ . . . מיר קענען אַפילו ווערן די באַלעבאַטים איבער דער גאַנצער אַרבעט. יאָ, אויב דו ווילסט, וועלן מיר שוין גיין צום באַלעבאָס שמועסן וועגן דעם. טאָ וואָס שווייגסטו? קום! . . .

איסאַק האָט געשמייכלט און האָט געזוכט ווי גיך פּטור צו ווערן און אַהיים גיין. אָבער פיליפּ האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט. איז איסאַק געשטאַנען מיטן שמייכל אויפן אויסגעבלייכטן מידן פּנים, און האָט באַ־דויערט דעם לאַנדסמאַן זיינעם, ווי נידעריק ער איז געפאַלן, און זוכט אים, איסאַק׳ן, פאַר אַ שותף . . .

— שרעק זיך נישט! האָט פיליפּ אים געטרייסט, — זע נאָר ווי בלאַס ער איז געוואָרן! ווי איך וואָלט אים וועלן קוילענען! דאַרפסט גאָרנישט טאָן אויב דו ווילסט נישט . . . דאַרפסט בלויז איצט שווייגן!

איסאַק האָט דווקא נישט געשוויגן. אויפצומאָרגנס אין שאַפּ האָבן אַרבעטער שוין געוואוסט וועגן שמועס . . . דער שאַפּ־זינגער מעכעלע האָט באַלד פאַרפאַסט וועגן דעם אַ לידל און צוגעפאַסט אַ באַקאַנטע מע־

לאַדיע און זיך צעזונגען מיט דער חברה אַרום:
. . . צי האָט איר חברה אַזוינס געהערט?
אַז פּיליפּקע ממזר וויל אונדז פֿאַרקויפֿן פֿאַר קנעכט!
פּיליפּקע וויל אונדז פֿאַרקויפֿן צום באָס,
זאָל אים שוין טאַקע איינדאַרן דער נאָז . . .

---

וואָלטן כאַטש שימעלע און וואָראָנע, דעם באַלעבאָס יחסנים, צופֿרידן געווען מיט זייער באַלעבאָס׳ פּשרה? ניין. אמת, פֿאַר עלעקטריק צאָלן זיינען זיי פּטור, אָבער אַ שעה מער אַרבעטן יעדן טאָג, אַזוי זיך, אָן געצאָלט — פֿאַרוואָס? נאָכמער: זיי, די יחסנים, וואָס האָבן קיינמאָל קיין געפּעק־אַרבעט נישט געטראָגן אין שאַפּ אַריין, זאָלן איצט נאָך זייער באַלעבאָס׳ פּשרה ווערן צוגלייך מיט אַלעמען און שלעפּן די געפּעק אין שאַפּ אַריין? „אַזאַ שאַנדע”, ווי דער שאַפּ־זינגער, מעכעלע, רייצט זיך מיט זיי! אַ נקמה האָבן די שונאים דערלעבט . . . און מעכעלע דערגייט זיי גאָר די יאָרן. דעם גאַנצן טאָג זינגט ער מיט דער חברה אַרום:

שימעלע חזיר, בו־בו־בו,
שלעפּט די „באַנדאַטשעס” —
טשו־טשו־טשו . . .

דער יונגער שימעלע האָט פֿאַר מורא געשוויגן. אָבער דער געשטורפּעלטער וואָראָנע — אים האָט דער שלאַק געטראָפֿן! ס׳האָט געבורעט ביי אים. ער האָט געוואַרט פֿאַר דער געלעגנהייט אָנצופֿאַלן. איינמאָל, ווען זיין אַרומיקע חברה האָט זיך געשמאַק צעזונגען לכבוד שימעלע חזיר, האָט וואָראָנע אַ בורטשע געטאָן:

— צוליב דעם־אָ משוגענעם הונט . . . אַלץ צוליב דעם־אָ . . .

מעכעלע, אַליין אַ קורצער, אַ פּויילינקער אַזאַ, באַוואַקסן ווי אַ בער, האָט פֿאַרקנייטשט דעם קורצן באַוואָקסענעם שטערן, און ער האָט גערעדט אויף צעפּיקעניש:

— ווי כ׳זע, געפֿעל כ׳דיך נישט, וואָראָניטשקע, — אמת ניט?!
אַרויפֿשלעפּן „באַנדאַטשעס” אויפֿן פֿינפֿטן שטאָק געפֿעלט דיר יע? נו, זאָג! וואָס־זשע שווייגסטו?!

— ס׳בעסער האַלטן דיין פֿאַסקודנעם פּיסק! — האָט וואָראָנע געשפּיגן מיט גאַל.

מעכעלע האָט צענומען זיינע האַריקע הענט און ער האָט ווי פאַר־צווייפלט געזאָגט:

— ניט? איז ניט! האָב איך דיך אין דער אדמה טיף־טיף! פאַר־געס־זשע נישט, פאַר איין וועגס נעם מיט דיין שותף, דעם חאַזערוק שי־מעלע, נעמט אייןביידע אַ מיתה, אָמן!

שימעלע איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ געקוויטש:

— ס־סע... וועמענען שילסטו, וועמען? ביזט משוגע? איך רוף שוין אַן אַמבולאַנס אין אַ משוגעים־הויז, שוין!

מעכעלע האָט זיך צעלייגט מיט די האַריקע הענט אויפן געשטעל און זיך צעברומט:

— דו חזיר׳שער סקעבאַטש דו!... מיינסט ס׳איז ביי פינקלסטיין אין סקעב־שאָפּ וואו דו ביזט געווען אַ מיוחס?! נאַ דיר גאָר, אַ יחסן אַ סקעב!

ער האָט תיכף אַ וואונק געטאָן צו דער חברה אַרום דעם געשטעל. דער כאָר האָט אָנגעהויבן:

... שימעלע חזיר, בו־בו־בו,
אַ סקעב אַ יחסן — טשו־טשו־טשו...

דער געשטופּלטער וואָראָנע האָט אים געוואָרנט מיט אַ פינגער אַז ער, מעכעלע, זאָל שווייגן:

— אַט קומט דער באַלעבאָס! — האָט וואָראָנע געזשיפּעט ער וועט דיך אַ נעם טאָן פאַרן משוגענעם קאָפּ, דיך אַרונטערשליידערן פון אַלע טרעפּ! וועסט מער נישט קענען אָנקומען צו דער אַרבעט ביי קיין באַלעבאָס — ער וועט שוין זען... וועסט פּגר׳ן פון הונגער, משוגענער הונט!

מעכעלע האָט זיך אינגאַנצן אויסגעדרייט צו אים. שוין מיט אַ פּייערל אין די אויגן האָט ער אָציגד גערעדט:

— וועמען?... מיך שליידערן פון די טרעפּ — מיך? אַזוי לאַנג קרענקסטו מיטן באַלעבאָס! כ׳האָב נאָך אַ פּופּציקער אין באַנק ביי יאַרמאָלאָווסקי׳ן, זעסט, אָט האָב איך אַ „וואַטש ען טשיין" (אַ גאָלדע־נעם זייגער מיט אַ קייט) אָבער דו, וואָס האָסטו? אַ פּאַרך מיט אַ גראָבן טראָמבעטשקע (נאָז) — האַ? וואָס?

— זאָג עס שוין איבער נאָך אַ מאָל! — האָט וואָראָנע מיט געבייל־טע פויסטן אים געוואָרנט, — איך האַק דיר שוין אונטער די אויגן אַז קיין דאָקטאָר וועט דיר נישט העלפן!

מעכעלע האָט זיך צעלאַכט קוקנדיק אויף אים און ער האָט געזאָגט:

— קוקט אים אָן ווי דער פֿאַרך האָט זיך צערויעט . . . העי, חברה, לאָמיר אים נאָר אַ זינג טאָן:

. . . פֿאַרך, פֿאַרך, אַ באָמבעריק
קומט אַ פֿייגל טוט אַ פּיק.
קומט די מוטער באַשמירט מיט פּוטער,
קומט דער פֿאָטער און לעקט אויס בע־ע . . .

— בראַוואָ, בראַוואָ, מעכלע! — האָבן אַרבעטער אַרום געשטעלט געשטורעמט.

קנוירעק איז געקומען צולויפֿן מיט אַ וואָרענונג:

— שטיל זאָל זיין! אָט שוין איז אויס מיט „זיין" עלעקטריק!

---

דעם באַלאָבעס סטראַשונעק, אַז ער שטעלט אָפּ די עלעקטריק האָט קיינעם נישט איבערגעשראָקן, מחמת מען האָט געפֿילט, אַז אינעם באַלע־באָס וואָרענונג פֿעלט די אויפֿריכטיקייט. אַרבעטער אין שאָפּ האָבן גע־זען ווי די באַנדלס אַרבעט מערן זיך און מערן זיך. און די אַרבעט האָט „געברענט", ס'האָט געמוזט ווערן פֿאַרטיק פֿאַר די קונים. און צו זיין זיכער, עס זאָל אויפֿהערן די בורעניגע צווישן די אַרבעטער, האָט קנוי־רעק פֿון דער זעלבער אַרבעט וואָס איז ביז איצט געווען צעטיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס — פֿאַר יחסנים די בעסערע און די „נומער דריי" פֿאַר די איבעריקע אַרבעטער, זיך איצט דערטראַכט פֿון אַ „נומער צוויי" — אַ מיטל־באַצאָלטע אַרבעט.

אַזוי אַרום האָבן די אַרבעטער פֿון קנוירעק'ס „מאָדערן־שאָפּ", אין אַ באַגינען, ווען דער פֿאָרמאַן פֿרעד האָט אויסגעטיילט פֿאַר יעדן אַ טאָג־אַרבעט, זיך פּלוצים אַליין געפֿונען צעטיילט אין איינעם פֿון די דריי קאַ־טעגאָריעס: די בעסט־באַצאָלטע אַרבעט „נומער איינס" בלויז פֿאַר גע־קליבענע יחסנים; די „נומער צוויי" — פֿאַר אַלעמען. און ווער ס'איז געשטעלט געוואָרן (פֿון אַ מסירה'לע אָדער פֿון אַ וואָרט קעגן באַלעבאָס) הינטער דעם באַלעבאָס פֿאַרדאַכט פֿאַר אַ בונטאָווששיק, איז באַ־שטראָפֿט געוואָרן מיט די נידעריק־באַצאָלטע אַרבעט — „נומער דריי".

געדאַכט האָט זיך קנוירעק'ן אַז מיט דעם־אַ נייעם איינפֿיר האָט ער דערגרייכט זיין ציל. אָנשטאָט דער בורעניגע קעגן אים, איז עס דער־גאַנגען צווישן איין אַרבעטער און צווייטן. אויך איסאַק האָט עס צוגע־קוקט מיט שרעק און מיט צער, ווי אַרבעטער צווישן זיך הויבן זיך אָן

אַרומצוקריגן און רייסן זיך ווי די הינט . . . ס׳האָט געדראָעט מיט אַמאָל אויפצוגעבן די אַלע סטראַטעגישע פּלענער, וואָס ער, מיט אַ גרופּע פונעם שאַפּ, האָבן אין די פרייע, שפּעטע אָוונטן געהאַט אויסגעפּלאַנעוועט צו אָרגאַניזירן ווי געהעריק דעם שאַפּ און אַרויסשטעלן מענטשלעכע פאָדע־רונגען צום באַלעבאָס. וועגן דער געביטענער לאַגע האָט איסאַק זיך באַ־ראַטן מיט דעם שאַפּ־פאָרשטייער סאָקאָל. פאַרנאַכט זיינען זיי אַוועק אין זייער יוניאָן, וואָס האָט דעמאָלט זיך געפונען אויף דער ניו־יאָרקער איסט־סייד איבער אַ ווייַנקעלער. זיי האָבן זיך אויסגערעדט ס׳האַרץ פאַר זייער יוניאָן־פירער ברודער רעקס. ביי דעם איז עס אָבער געבליבן.

וואָס אמת איז אמת, אַז די דעמאָלטדיקע שוואַכע שניידער־יוניאָן זאָל וואַגן אָנצוהויבן אַ קאַמף פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען מיט אַזאַ מעכטיקן באַלעבאָס ווי קנוירעק, איז נישט געווען גרינג. סיי פאַר דער יוניאָן וואָס איז געווען שוואַך און אומבאַדייטנדיק, און זיכער האָט צו דעם נישט געקאָנט דערמוטיקן דער יונגער אומדערפאַרענער איסאַק. די הויפּט־שטערונג אָנצוהויבן די אַקציע זיינען געווען אַ באַדייטנדיקער טייל אומבאַוואוסטזיניקע אַרבעטער פון „מאַדערן־שאַפּ", וואָס האָבן גע־טענה׳ט, אַז ביי אַנדערע באַלעבאַטים איז נאָך ערגער, מ׳מוז אַרבעטן מיט די פיס אָנשטאָט אויף עלעקטריק . . . אויך די שכירות זיינען אין ערגעץ נישט אַזוי זיכער ווי ביי קנורעק׳ן. אַזוי האָבן אַרבעטער גע־טענה׳ט און מיט דעם באַאיינפלוסט זייער שאַפּ־פאָרשטייער, דעם ברו־דער סאָקאָל.

סאָקאָל איז דווקא געווען אַן ערלעכער, באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, מיט גענוג דערפאַרונג וועגן יוניאָן־פּראָבלעמען. אָבער אַלע זיינע ביז־איצטיקע דערפאַרונגען זיינען געווען אַ לאַנגע קייט פון אַנטוישונגען, פון דורכגעפאַלענע סטרייקס . . . און דאָס איז געווען די הויפּט־שטערונג, דער „שטיין אין וועג", וואָס האָט דעם אַלטן ערלעכן אַרבעטער צוריקגע־האַלטן פון יעדער אַקציע פון דאָס ניי ווידער אָנצוהויבן. און אָנשטאָט צו דערמונטערן, האָט ער געהאַלטן „גיסן קאַלטע וואַסער" אויף די קעפּ: „ס׳איז אַ שאָד די צייט!" — האָט ער גע׳טענה׳ט — „שוין אַלעס גע־הערט און אַלעס דורכגעמאַכט!" . . .

פאַר דעם יונגן ענערגישן איסאַק זיינען די אַלע פּעסימיסטישע טענות מיט רייד געוואָרן אַ פּראָבלעם, מחמת אַזוינע רייד האָט ער אַפילו אין דער אַלטער היים, הינטער דעם שאָטן פון טורמע, זעלטן געהערט.

אויך אין די אַמעריקאַנער שעפּער האָט ער געטראָפן גענוג אַרבעטער מיט גאַנץ אַנדערע מיינונגען; יעדעס מאָל ווען ער האָט פּרובירט ריידן צו זיי, ווי אויסצובעסערן זייערע באַדינגונגען, האָט ער אָפט געהערט אַ פּאָזיטיווע מיינונג, אַ דערמוטיקונג אָנצוהויבן די אַקציע. און דערפאַר האָט אים ווי געטאָן פאַר דעם ברודער סאָקאָל׳ס רייד. ער, איסאַק, איז געווען געגנויגט בעסער צו גלויבן אין דעם אַרבעטער׳ס שטאַרקן ווילן, אַז ביי אַ געהעריקער פירערשאַפט וועלן די מערסטע אַרבעטער שטענדיק זיין גרייט זיך אויסצובעסערן די לאַגע, זאָל נאָר קומען די צייט!

און די צייט איז געקומען. פאַר דעם יוניאָן־פירער, ברודער רעקס, זיינען געשטאַנען די אַקטיווע טוער פונעם „מאָדערן־שאַפּ" מיט זייער פאָרשטייער ברודער סאָקאָל און האָבן דערציילט זייערע צרות.

דער ברודער רעקס, אַ קורץ־געפּאַקטער מיטליאָריקער מענטש, האָט מיט זיינע קליינע אומרואיקע אויגן דורכגענומען יעדן באַזונדער, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערגרונטעווען ווי ווייט ער קען מיט זיי גיין . . . פּלוצים האָט ער אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ צו דער סטעליע און האָט אין דער וועלט אַריין געפרעגט:

— אָבער . . . וואָס ווילט איר פון מיר?

און תיכף האָט ער, דער ברודער רעקס, זיך אויסגעגלייכט, און מיט די קליינע אומרואיקע אויגן אָנגעשפּיצט אויף דעם שאַפּ־פאָרשטייער סאָקאָל, ס׳זאָל מיינען: „ווער־ווער, אָבער דו סאָקאָל, אַן אַלטער דערפאַרענער יוניאָן־טוער, דו ווייסט דאָך דעם ביטערן אמת, ווי קליין און נישטיק מיר זיינען".

סאָקאָל האָט אויפגעכאַפּט דעם יוניאָן־פירער׳ס טענות, און ער האָט געענטפערט:

— אונדזער פאַרלאַנג איז, ברודער רעקס, רופט צונויף אונדזערע אַרבעטער פאַר אַ באַראַטונג. בלויז דאָס ווילן מיר פון אייך.

דער ברודער רעקס האָט זיך צוגעהערט אַ שווייגנדיקער, ווי ער וואָלט געוועזן אומצופרידן. געדאַכט האָט זיך, אַז ער, דער ברודער רעקס, צווייפלט אין סאָקאָל׳ס רייד און אין סאָקאָל׳ס אויפריכטיקייט, פּויקנדיק מיט די פינגער אינעם שרייב־טיש. נאָך אַ לאַנגן ישוב, האָט ער געזאָגט:

— גוט, איך בין וויליק צונויפרופן אייערע מענטשן פאַר אַ באַראַטונג; זענט איר צופרידן? קאָנט איר מיר אָבער דערקלערן אייערע פאָדערונגען צום באַלעבאָס?

איסאַק האָט דערקלערט די פאָדערונגען ווי די שאַפּ־גרופּע האָט זיך געאייניקט:

— ערשטנס פאַרלאַנגען מיר, נישט באַצאָלן פאַר דער עלעקטריק. צווייטנס, נישט מער טראָגן אַרבעט אין שאַפּ אַריין. דריטנס, און דאָס איז די הויפּט־פאָדערונג: אָפּשאַפן די נומערן־אַרבעט! מיר ווילן איין מקח — דעם בעסט־באַצאָלטן פאַר יעדער מין אַרבעט!

— דאָס אַלץ? — האָט דער ברודער רעקס סאַטיריש געפרעגט. מעכעלע האָט זיך אַריינגעמישט:

— ניין, נישט אַלץ. פריער מוזן מיר אַרויס׳פּטר׳ן די אַלע סקע־באַטשעס — די יחסנים זיינע! איך ווייס וואָס איך רעד, — האָט מע־כעלע געבורטשעט.

— מיר ווילן קיינעם נישט אַרויס׳פּטר׳ן פון שאַפּ! — האָט איסאַק זיך איינגעשטעלט — שימעלע און וואָראַנע זיינען אויך אַרבעטער, פאַר־פירטע אַרבעטער פון זייער באַלעבאָס, און קעגן זיי קעמפן מיר נישט! בין איך גערעכט, ברודער רעקס?

דער ברודער רעקס האָט געשוויגן. ער האָט איינגעגראָבן די אויגן אין צייטונג, וואָס איז געלעגן אויפן שרייב־טיש און איגנאָרירט דעם דאָ־זיקן וויכטיקן געשפּרעך. פּלוצים האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— איר דענקט טאַקע אַרויסצושטעלן די ריי פאָדערונגען, האַ? ביי מיר האָט איר שוין אַלצדינג גע׳פּועל׳ט. ווי וועט אָבער זיין, אויב אייער באַלעבאָס וועט זיך פאַר׳עקשנ׳ען? מיינט עס: אַ סטרייק! ווייסט איר כאָטש, מיינע ברידער, וואָס אַ סטרייק מיינט פאַר די יעניקע וועל־כע שטייען ביים יוניאָן־רודער?

איסאַק האָט זיך אַ הויב געטאָן און האָט געזאָגט:

— וואָס פאַלט אייך איין, אַז דער באַלעבאָס וועט זיך פאַר׳עקשנ׳־ען? איצט, ווען דער שאַפּ איז אָנגעפּיקעוועט מיט „באַנדלס” אויפצו־מאַכן, וועט דער באַלעבאָס זיך אונטערנעמען אַ סטרייק? קליידער דאַרף איצט דער באַלעבאָס! קליידער, נישט קיין סטרייק!

דער יוניאָן־פירער האָט אָפּגעמאָסטן דעם אומבאַקאַנטן יונגנמאַן מיט אַן אויג וואָס איז אים געפעלן געוואָרן. אַ צופרידענער האָט ער גע־זאָגט:

— דער יונגערמאַן רעדט גאָר שכל׳דיק... סטרייקס אינמיטן דעם סעזאָן איז באמת אַ קנאַפּער געשעפט פאַר אייער באַלעבאָס. אָבער

לאָמיר זיין אָפנהאַרציק: מיר, די יוניאָן, זיינען פּאַרטיק. צי זענט איר אויך פאַרטיק מיט אייערע אַלע ברידער אין שאָפּ? וועלן זיי זיין צו־פרידן צו סטרייקן ווען מען וועט מוזן? וואָס זאָגט איר, ברודער סאָ־קאָל?

דער שאָפּ־פאָרשטייער ברודער סאָקאָל, דער שטענדיקער צווייפלער, איז דורך אָט־דער באַראַטונג מיט די פּאָזיטיווע לאָגישע טענות פון דער אַקטיווער שאָפּ־גרופּע, מיטן יוניאָן־פאָרשטייער, ברודער רעקס, אַליין צוגעקראָגן מוט. מיט זיכערקייט האָט ער איצט געענטפערט:

— מיר אַלע זיינען פאַראייניקט, ברודער רעקס! ווי איר קוקט אונדז אָן, וואַרטן אַלע שאָפּ־ברידער בלויז אויף דעם רוף פון אונדזער יו־ניאָן!

— פיין. אַ פיין שטיקל ארבעט בנאמנות, — האָט דער ברודער רעקס באַגייסטערט געזאָגט, — ס׳הייסט: איר האָט טאָקע אויף אייער זייט דעם שאָפּ. הייסט עס, שוין לאַנג צייט געווען, עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ שאָפּ... אַזאַ שאָפּ...

.5

אין אַ וואָכעדיקן פרימאָרגן, ווען דער אַרבעט־טאָג הייבט זיך גע־וויינלעך אָן, איז אין קווירעק׳ס שניידער־שאָפּ געווען שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין. די רעדער פון אונטער דעם געשטעל האָבן זיך ניט גערירט. קיינער פון די אַרבעטער האָט זיך נישט באַוויזן. געקומען זיינען צו דער אַרבעט בלויז דעם באַלעבאָס יחסנים.

דער באַלעבאָס קווירעק, מיט אַ פּנים פון א בר־מנן, האָט נערוועז געקוקט אויפן זייגער, געציילט די פאַרלאָרענע מינוטן, און איז מיט יע־דער מינוט אומרואיקער געוואָרן.

— איז עס אַ חלום?

ער האָט זיך געריבן די אויגן, דער באַלעבאָס — ניין, ס׳איז נישט קיין חלום! אַ סימן: אָט שאַרן זיך זיינע פיס... אָט שטייט ער און ציטערט פאַר זיינע געטרייסטע, פאַר שימעלע און וואָראָנע; אָט קוקט ער מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן אין זייערע פנימער, פאָרשט זייער יעדע מינע, זייער מאַך מיטן קאָפּ, זייער פינטלען מיט די אויגן: אפשר ווייסן זיי פונעם אומגליק וואָס ס׳האָט געטראָפן צו זייער באַלעבאָס!

אויב נישט אין גאַנצן, טאָ זאָלן זיי אים כאָטש זאָגן, וואו עס זיינען היני־
געקומען די באַלמעלאָכעס זיינע — אַלע מיט אַמאָל! . . . אָבער נישט
שימעלע, נישט וואָראָנע און נישט קיינער האָבן אים געקאָנט געבן וועלכן
ס׳איז ענטפער.

פון צער אויפן גרויסן פאַרלוסט, וואָס די לײַדיקע מינוטן נעמען
אַוועק, האָט דער באַלעבאָס קנוירעק אָנגעהויבן שפּרייזן מיט אַ געבויגע־
נעם קאָפּ איבער דער לענג פון זיין שאָפּ, באַווײַנט דעם דיל, באַווײַנט די
בערג האַלב־געמאַכטע אַרבעט, וואָס האָבן זיך נעבעך געוואַלגערט און
האָבן געוואַרט אויפגעמאַכט צו ווערן; אָט די דאָזיקע הויכע בערג האָבן
זיך געפּלאָנטערט אונטער זיינע פיס, ווי זיי וואָלטן בכיוון אים דעם וועג
פאַרהאַלטן — ער, דער באַלעבאָס, זאָל רחמנות האָבן און ראַטעווען . . .
אָבער די פיס האָבן נישט געקאָנט רוען, און ער האָט געשפּרייזט, און אין
מוח ביי אים האָט אַ געדאַנק געעגבערט, אַז „שולדיק אין זיין אומגליק
איז פיליפּקע ממזר, וואָס זיצט דאָרטן איינער אַליין ביים פענצטער . . .
יאָ, פיליפּקע האָט אָנגעברייעט די חתונה! . . . פאַר אָט־דעם בורילאָ
וועט ער זיך שוין קיינמאָל נישט אויסצאָלן! אָ שונא, אַ בלוטיקער שונא
— אַזוי האָט ער געטראַכט. און געקרענקט מער פון אַלץ האָט קנוירעק׳ן,
אַז אים, דעם גרויסן חכם, וואָס איז תמיד אַזוי פאַרזיכטיק, קוקט דאַכט
זיך, מיט געניטע אויגן אין זיין יעדן אַרבעטער׳ס נשמה, זאָל אים אַזוינס
טרעפן גאָך אינמיטן סעזאָן! . . .

די שאַפּ־טיר האָט זיך צעפּראַלט. אַ גרופּע אַרבעטער מיט איסאַק׳ן
בראש זיינען אַריין. איסאַק האָט דערקלערט וואָס די אַרבעטער פאַר־
לאַנגען.

קנוירעק האָט אויסגעראַטשעט אויף איסאַק׳ן זיינע גרויסע בולבע־
אויגן, ווי ער וואָלט זיך נישט געוואָלט גלויבן אָט־דאָס, וואָס זיינע אויע־
רען הערן. און נאָך פון וועמען? פון אָט דעם . . .

— ד־דו? — האָט ער אַלץ נישט געוואָלט גלויבן.

— יע, איך! איך רייד אָבער נישט פאַר מיר אַליין! פאַר זיי,
וואָס שטייען דאָ, און פאַר יענע — דאָרטן, רייד איך!

קנוירעק׳ס פּנים האָט זיך צונויפגעצויגן ווי דאָס פּנים פון אַ שלאַנג
וואָס קלייבט זיך אָנצופאַלן. און געדאַכט האָט זיך, אַז אָט־שוין וואַרפט
ער זיך אַרויף און ווער ווייסט וואָס ס׳קאָן פּאַסירן! נאָר תיכף האָט ער
זיינע הענט פאַררוקט אין די הויזן־קעשענעס, און זיך הוידענדיק אויף

זיינע פינגער־שפּיצן, האָט ער זיך באַמיט צו זיין געלאַסן. רואיק און קאַלט האָט ער געזאָגט:

— איר קענט סטרייקן ווי לאַנג איר ווילט. מיין אַרבעט וועט גע־מאַכט ווערן!

---

דער באַלעבאָס קנוירעק האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטן. באַלד אויפצומאָרגנס, נאָך איידער דער יוניאָן־פירער איז געקומען אין זיין אָפּיס, האָט אויף אים שוין געהאַט געוואַרט דער גרויסער באַלעבאָס קנוי־רעק, און מיט אַ שמייכעלע אַלצדינג אונטערגעשריבן די אַלע פאָדערונ־גען וואָס די באַלמעלאָכעס האָבן פאַרלאַנגט. נאָכדעם געבעטן רחמים, אַז שוין זאָלן די באַלמעלאָכעס קומען צו דער אַרבעט.

די באַלמעלאָכעס האָבן דווקא זיך נישט געאיילט. פריער האָבן זיי זיך צונויפגעקליבן צו אַ שאַפּ־מיטינג, וואו דער יוניאָן־פירער, ברודער רעקס האָט פאַר די אַרבעטער איבערגעגעבן מיט אַלע פּינקטלעכקייטן די פאָדערונגען וואָס דער באַלעבאָס האָט נאָכגעגעבן, און ווי געוויינטלעך, געהאַלטן פאַר זיי אַ שיינע רעדע. נאָכדעם האָבן אַרבעטער גערעדט, דערציילט. דער מיטינג האָט זיך פאַרצויגן ביז אַרום האַלבן טאָג. צום סוף, ווען מען האָט אויסגעקליבן אַ נייעם שאַפּ־פאַרשטייער, ברודער אי־סאַק, האָט מען ערשט, שוין אַרום צוויי נאָך מיטיק, זיך געלאָזט צו דער אַרבעט.

געטראָפן האָבן די אַרבעטער דעם זעלביקן נישט־זויבערן שוויץ־שאַפּ מיטן זעלביקן געשטאַנק פּונקט ווי זיי האָבן אים פאַרלאָזט. אַזוי האָט אויסגעזען אויסערלעך די דעקאָראַציע, וואָס האָט מיט קיין זאַך זיך נישט געביטן. אָבער דער אינהאַלט איז אין גאַנצן געווען אַ נייער . . . די אַרבעטער זיינען צוריק געקומען פרייע מענטשן, אָן דעם באַלעבאָס קייטן אויף זייערע לייבער . . . יעדער אַרבעטער האָט ערשט געפילט אָן אַנדערשקייט: ער דאַרף מער דעם קאָפּ פאַר קיינעם נישט בויגן — ער האָט אַ יוניאָן וואָס נעמט זיך אָן זיין קריוודע; ער האָט אויך אַ שאַפּ־פאַרשטייער פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן. און אַזוי אַרום האָט ביי די אַרבעטער ס׳ערשטע מאָל פּאַסירט דורך לאַנגע יאָרן, אַז מיט דעם כוח פון זייער יוניאָן זיינען זיי פּטור געוואָרן פון צאָלן דעם באַלעבאָס פאַר „זיין" עלעקטריק, פּטור געוואָרן פון אַרויפטראָגן די „באַנדלעך" אויף צו מאַכן. און דער עיקר — פּטור פון די נומערן! און מיט אַ מאָל האָט

דאָס וואָרט „יוניאָן" ביים באַלעבאָס קנוירעק געקראָגן גאָר אַ חשוב'ן פּנים.

פריער, ווען דער שאַפּ איז נישט געווען אָרגאַניזירט, האָט דער באַ־לעבאָס קנוירעק אינגאַנצן נישט געוואָלט אָנקוקן דעם יוניאָן־פירער, ברודער רעקס. דער נאָמען „יוניע" האָט פאַר קנוירעק'ן געמיינט גע־שפּאָט, מחמת דאָס וואָס ער, דער באַלעבאָס, האָט געוואָלט, האָט ער אומגעשטערט דערגרייכט. און דעמאָלט, ווען דער ברודער רעקס איז געקומען צו אים אין שאַפּ אויפמאָנען ביי די אַרבעטער דעם חודש־שטייער, האָט קנוירעק אים באַטראַכט פאַר אַ נדבה־קלייבער — אַ בעט־לער. די אַרבעטער וואָס צאָלן האָט ער באַטראַכט פאַר יאָלדן. איצט, ווען דער שאַפּ איז אָרגאַניזירט, איז דער זעלביקער ברודער רעקס מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אין קנוירעק'ס אויגן אין אַ וואַזשנער פּערזענלעכ־קייט, אַ געהויבענער מענטש — אַ פירער! און אויב דער־אַ פירער וויל, רופט ער אַרויס זיינע אַרבעטער אין אַ סטרייק! נאָך אינעם רעכטן ברען פונעם סעזאָן! . . . דעמאָלט וועלן די באַנדלעך־אַרבעט אויפצומאַכן בלייבן אויף די פּאָליצעס ווי פּגרים! מען וועט נישט נייען, מען וועט נישט פּרעסן, מען וועט קיין זאַך אין שאַפּ נישט טאָן, און די קונדן? . . . קיין „טשעקעלעך" וועלן זיי מער נישט שיקן! צי קען ער דען אינגאַנצן נישט פאַרלירן די פּרנסה מיט דעם שאַפּ?! וואָס? עס פעלט וואו צו מאַכן? עס פעלט ווער עס זאָל צונעמען די „טשעקעלעך"? דעמאָלט?...

קנוירעק האָט זיך דערזען מיט די ביינער אין יענע פּריקליאַטע צייַ־טען, ווען ער אַליין, אַ געבויגענער, מיט אַ שוויסיק־פאַרוואָקסענעם פּנים האָט געדרייט די „קאַטערינקע" און זיך געהאַלטן אין איין יאָגן מיטן טאָג־אַרבעט, און זיך גאָר נישט פאַרגונען. נישט אַ מינוט צייט אין אָפּ־טריט צו גיין, און נישט אַ פעני פאַר אַ גלאָז סאָדע וואַסער צו קויפן! וואו איז אַ באַנק־בוך? וואו אַ טשעק־בוך? וואו געליבטע, וואו? ניש־טאָ — אויס! אַלץ איז אויס! . . .

נאָך אַזעלכע טראַכטענישן האָט קנוירעק זיך געפילט ווי אַ בידנער ווערעמל, וואָס גראָבט זיך טיף אין דער ערד פאַר מורא. קנוירעק'ן איז אַ פּחד באַפאַלן; די קני האָבן זיך ווי אין קדחות געצאַפּלט, ווען ער פלעגט איצט דערזען דעם ברודער רעקס אין שאַפּ ביי זיך. חניפה'דיק איז ער אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַ קעסטל ציגאַרן:

— איר רויכערט, מיסטער רעקס, אַ־יאָ! . . .

וואָס אמת איז אמת, דער ברודער רעקס האָט זיך געפילט געשמיי־כעלט, און איז מיט דער צייט געוואָרן היימיש מיט דעם באַלעבאָס . . . און מיט די אַרבעטער — אוודאי.

פריער, ווען דער ברודער רעקס איז געקומען אויפמאָנען דעם חודש־שטייער, האָט ער צו די אַרבעטער זיך באַצויגן מיט אַ געוואַלדיקן גע־דולד: „גיב ס׳יוניאָן־ביכל מיט די פאָר גראָצער" — פלעגט ער אונ־טערשמייכלען און זיך בעטן. אַצינד, האָט דער ברודער רעקס געקראָגן ביי זיך מער קוראַזש. זיין באַציאונג צו די אַרבעטער האָט זיך געביטן. ער האָט גאַנץ אַנדערש גערעדט ביים אויפמאָנען דעם חודש־שטייער:

— אַהער ס׳ביכל מיטן געלט! נישטאָ קיין צייט! ס׳ביכל מיטן געלט דאַרף זיין גרייט! . . .

די גאַנצע אחריות פון דער נייער אָרדענונג אין שאַפּ האָט געטראָגן איסאַק. גאַנץ פרי איז ער אין שאַפּ געקומען און צוגעזען ווי אַזוי דער פאָרמאַן פרעד טיילט אויס די אַרבעט. און אויפגענומען און אויסגע־גלייכט די אַלע קלאַגעס וואָס יעדער אַרבעטער האָט געבראַכט צו אים. ער האָט אויך באַפוילן דעם פאָרמאַן פרעד׳ן, גיך צוצושטעלן די אַלע ניי־מכשירים וואָס דער ארבעטער געברויכט אויפצומאַכן די אַרבעט. און אויך די אַרבעטער האָבן געקראָגן אַ שטרענגן באפעל, אַז די האַלבע שעה מיטיק־צייט — איז צו רוען! די אַרבעטער זיינען געווען צופרידן. זייע־רע פּנים׳ער האָבן אויף דעם עדות געזאָגט. און געדאַכט האָט זיך, אַז נישט נאָר זיי, אַפילו דער באַלעבאָס קנוירעק מיט זיינע פריינט, די יח־סנים, זיינען אויך צופרידן, אַזוי האָט זיך אויסגעדאַכט . . .

בלויז דער לאַנדסמאַן פיליפּ איז ווי תמיד געבליבן אומצופרידן. איצט נאָך מער ווי אַלע מאָל. זיין פּנים אַליין דער פאַרקרימטער האָט עדות געזאָגט וואָס עס טוט זיך ביי אים; אָבער נישט נאָר בלויז דאָס פּנים . . . גאַנץ אָפן האָט ער ווי דעמאָנסטרירט מיט נישט אויספּלגן די יוניאָן־דיסציפּלין, אַרבעטנדיק מיטיק־צייט, נישט ווייל ער איז אַזוי געווען פאַרקאָכט אין פאַרדינסט, נאָר טאָן צולהכעס דעם נייעם פאָר־שטייער אסאַק! „אָט דעם־אַ גרינעם, וואָס ווען נישט ער, פּיליפּ, וואָלט ער געפּעכניעט ביי גודמאַנקען אין גאָרעק סטריט, און איצט איז ער גאָר געוואָרן דער „קנאַקער", און זאָגט אים וואָס ער מעג יאָ טאָן און וואָס נישט — אַ מכה!"

אַזוי האָט דער לאַנדסמאַן פּיליפּ אויפגענומען די נייע אָרדענונג אין

שאַפּ, מיט אַ שטענדיקע גרימעניש אין בויך און מיט אַ געבורטשעריי און מיט טאָן צולהכעיס. און געטאָן האָט ער עס מיט אַן אויסרעכענונג, אַז דער נייער שאַפּ־פאַרשטייער איסאַק וועט סוף־כל־סוף פאַרפירן מיט אים אַ שאַרפן שמועס, און ער, פיליפּ, וועט דעמאָלט אים באַווייזן, ווער ס'האָט מער מאַכט אינעם שאַפּ — יאָ! איסאַק האָט אים אָבער ווי שטענדיק איגנאָרירט, און דאָס האָט דעם לאַנדסמאַן פיליפּ דערנענטערט צו די שונאים פון דער נייער אָרדענונג אין שאַפּ.

---

ס'איז געווען שבת נאָכט. די צימערן ביי מיסעס הערמאַן זיינען געווען אויפגעראַמט ווי ערב־פּסח פאַרן סדר.

איר טאָכטער עני האָט געהאַט צוגעגרייט אַ הויז־שמחה'לע. איסאַק איז אַפילו געווען אומצופרידן מיט דעם. ער האָט גע'טענה'ט, עס איז נאָך צו פרי זיך צו פרייען. די אַרבעט — אויסצובעסערן די באַדינגונגען, האָט זיך קוים ערשט אָנגעהויבן. דערווייל אַרבעט מען נאָך אַלץ פולע זעכציק שעה אַ וואָך, און די פאַרדינסטן זיינען אַ היפּש ביסל הינטערשטעליק לגבי די לאַנגע שעה'ן. איסאַק האָט אויך גע'טענה'ט, אַז פריער פון אַלץ מוז דער באַלעבאָס איבערציען דעם שאַפּ, וואָס איז אַ פייער־פאַסטקע, אין אַ מער געזיכערטן פלאַץ, מיט גענוג ליכט און לופט. וועגן אָט־דעם ענין האָט איסאַק גענומען פאַרהאַנדלען מיטן באַלעבאָס, אים געוואָרנט, אַז ביז דעם קומענדיקן סעזאָן מוז ער, דער באַלעבאָס, אָן וואַקלעניש, דערליידיקן דעם ענין. ביי איסאַק'ן איז דער מוח אַציינד כסדר געווען באַשעפטיקט מיט פּלענער, ווי אַזוי, ווי גיך צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די אַרבעטער, כאָטש מיט די עלעמענטאַרסטע סאַניטאַרישע באַדינגונגען.

מיט דעם דאָזיקן יונגן ענערגישן איסאַק האָט פּאַסירט דאָס, ווי מיט יענעם אומגעלערנטן, וועלכער האָט קיינמאָל ביי זיך גאָרנישט געפּילט די פּוסטקייט זיינע, ביז ער האָט זיך גענומען צו לערנען און צו פאָרשן, און וואָס מער ער האָט געלערנט און האָט געפאָרשט, אַלץ מער האָט ער אַנטדעקט, אַז ס'פעלט אים נאָך גענוג צו וויסן. ערשט איצט, ווען דער מאָדערן־שאַפּ האָט ווי געהעריק זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אויפן וועג צו אַ ריכטיקן יוניאָן־שאַפּ, האָט איסאַק געפילט, אַז ביז איצט איז קנאַפּ וואָס געטאָן געוואָרן אין דער ריכטונג. און צו פראַווען זיג־שמחות איז נאָך דאָ צייט.

זיין געליבטע עני האָט אַנדערש געדענקט וועגן דעם ענין. עני האָט

דורך דער צייט נאָכגעפאָלגט איסאַק׳ס קאָמפּן אין שאָפּ מיט נשמה־ציי־טער; איר יונגער ווען האָט זיך קוים דערוואָרט אויף דעם טאָג אויס־צודריקן אירע געפילן צו איר געליבטן — דעם יונגן יוניאָן־פירער, און געפּלאַנט האָט זי צונויפצורופן אַ היימיש־געקליבענעם עולם — דעם גע־ליבטנ׳ס חברים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט איר איסאַק׳ן ביז שפּעט ביי־נאַכט פּלענער געמאַכט . . . און איצט זיינען די אַלע פּלענער דורכגע־פירט געוואָרן!

אַזוי האָט עני געדענקט און איסאַק האָט צוגעשטימט . . . דער פּראָבלעם איז בלויז געווען: דער לאַנדסמאַן פיליפּ . . . לאַדן אים צו דער שמחה, צי ניט. באמת האָט איסאַק געפילט, אַז ער, פיליפּ, איז אַ געפערלעכער שונא פון דער נייער אָרדענונג, און ער איז זיכער נישט ווירדיק געבוג, אַז מען זאָל אים איינלאַדן צוזאַמען מיט אויפריכטיקע, אַקטיווע טוער צו אַ שמחה, וואָס טראָגט נישט קיין פּערזענלעכן כאַראַק־טער, און נישט נאָר אים נישט איינצולאַדן, נאָר פיל פּראַקטישער וואָלט געווען אַרויסצופּטר׳ן אָט־דעם שעדיקער, אָבער ווי אַזוי? איסאַק האָט זיך נישט געפילט בכוח דורכצופירן די דאָזיקע אַקציע. און אויב נישט אַזוי, האָט איסאַק זיך געטראַכט, אַנצואווענדן דעם צווייטן עקסטרעם — זיך דערנעענטערן צו אים און אים איינלאַדן צוגלייך מיט די איבעריקע שאָפּ־טוער, און זאָל ער שפּעטער קיין טענה נישט האָבן, אַז מען איג־נאָרירט אים. אָבער דער לאַנדסמאַן פיליפּ האָט סיי־ווי אויף דער איינ־לאַדונג נישט געענטפערט.

---

דער יום־טוב האָט זיך געפילט גאַנץ ברייט ביי דער מיסעס הערמאַן אין שטוב.

די ווייס־געפּאָלדעוועטע פאָרהענגלעך האָבן געבליאַסקעט אויף די פענצטער, אויף די פּאָליצקעס, אונטער דעם וואַש־טאָפּ און אונטער די וואַסער־קראַנען, ווי אַ ווייס־געפּאַלענער שניי. די מאַמע ביילע, וועלכע האָט צוגעשטימט פאָרצובריייטן דעם יום־טוב איז אַצינד געשטאַנען ווי אַ מעכוטענעסטע — אַ שיינענדיקע, מיט איר שיין־פאַרקאַמטן קאָפּ בלאָנדע האָר, אויפגענומען די אַריינגעקומענע געסט און אין דער זעל־ביקער צייט אַכטונג געגעבן אויף די שמעקנדיקע מאכלים ביים אויוון, וואָס זי האָט ספּעציעל צוגעגרייט צום יום־טוב. לעבן איר איז געשטאַ־נען איר אַלטע מומע ברײנע, וואָס זי, די מאַמע ביילע, האָט בכיוון איינ־

געלאַדן צוזאַמען מיט איר מאַן חיים הערש, פּאָר מבינות אויפן חתן. חיים הערש, אַן עלטערער, שוואַכער מענטש מיט אַ שטאַרקן הוסט, איז געזעסן אין פּאַרלאָר־צימער מיט די געסט ביים טיש, און ס׳ווייב, די מומע ברײנע, מיט איר איינגעדאַרט פאַרשפּיצט מאָרדעטשקע, ווי פון אַ פייגל, האָט געהאַלטן אין דערוויסן זיך נייעס פון דער פלימעניצע, די מיסעס הערמאַן.

פונעם פּאַרלאָר־צימער האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג, באַגלייט מיט אַ צימבלערײ פון מעכעלע מיט אַ כאָר, וואָס ער האָט דאָ אויפן פּלאַץ אַראַנזשירט און **דיריגירט**:

. . . לאָמיר אַלע טרינקען און זינגען,
לאָמיר צוזאַמען מיט מעסער־גאָפּל קלינגען,
לאָמיר אַלע פריילעך זיין, טרינקען ווײַן —

די מאַמע ביילע האָט דער מומע ברײנע גענומען אונטערן האַנט אינעם פּאַרלאָר־צימער; איר באַקאַנט מיט איר צוקונפטיקן איידעם, איסאַק, בעת מעשה זיך געוואונטשן אינגיכן, אין אַ גוטן אופן, צו זייער חתונה, גאַטעניו! די מומע ברײנע האָט כלומרשט געפּרוּאווט צו כאַפּן אַ שמועס מיטן חתן. דערווייל זיך איינגעגעסן מיט איר שפּיציק פויגל־שען פנים אין איסאַק׳ן, אויף זיין אויסגעבלייכטן פנים מיט די שאַרפע באַקנביינער וואָס סטאַרטשען אַרויס . . . און תיכף האָט זי איר פנים פון אים אָפּגעקערט אַן אַ זייט מיט אַ דריי מיטן נאָז, וואָס ס׳האָט גע־מיינט: „נעבעך אַ צער אָנצוקוקן אים!" עני איז אונטערגעקומען מיט איר ניי־געפּאַסט קלייד און מיט אַ ליבלעכן שמייכל צו דער מומע ברײנע און צו אַלעמען. אין אירע הענט האָט זי געהאַלטן אַ פרישן בור־קעט רויטע ראָזעס. זי האָט עס גלייך איינגעטיילט צווישן די געסט: יעדן אַ רויט בלימל און אַ שמייכל.

עס איז שטיל געוואָרן ביי עני׳ס אַריינקומען. געדעדט האָבן אויגן, באַוואונדערט ווי שיין זי זעט אויס אין איר ניי־געפּאַסט ווייס קלייד. מעכעלע מיט זיין כאָר האָבן ווי פאַרלוירן ס׳לשון. דער געוועזענער שאַפּ־פאָרשטייער סאָקאָל, אַליין אַ דאַר מענטשל, איז געזעסן לעבן זיין פרוי, וועלכע איז געווען דווקא אַ פולינקע, מיט אַ גוטמוטיקן אויסזען. ער, סאָקאָל, האָט דאָ איצט, ביי דער געלגנהייט, געוואָלט זיך צייגן מיט זיין טאַלאַנט, און האָט זיך אויפגעשטעלט צו דעקלאַמירן אַ פּאָפּולער ליד פון עדעלשטאַט: „דאָקטאָר גראַן", וואָס איז דעמאָלט געווען אין

דער מאָדע. נאָר באַלד ביים ערשטן סטראָף האָט ער זיך פאַרהוסט, און ס׳ווייב האָט אים פאַרן האַנט אָנגענומען און אים צוגעפירט צום אָפּגענעם פענצטער. דער גלעקליבענער עולם האָט אים באַדויערט. און מעכעלע האָט אַ צימבל געטאָן צו דער חברה־זינגער:

. . . אָט אַזוי נייט אַ שניידער,
אָט אַזוי נייט ער דאָך . . .
כאָר: ער נייט, ער נייט אַ גאַנצע וואָך,
ס׳בלייבט אים אַ נאָדל מיט אַ לאָך . . .

דער כאָר האָט הילכיק זיך צעזונגען און צוגעצימבלט מיט געשיר, און מיט יעדער רגע האָט זיך דאָס געזאַנג פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט; אַצינד האָבן אַלע געסט מיטגעזונגען מיט התלהבות, מיט ברען, ווי חסידים ביים רבי׳נס טיש. מעכעלע מיט פאַר׳דבקה׳טע אויגן, פאַריסן צום סופיט, האָט פאַמעלעך זיך אַרויסגעשאַרט פונעם מיטן טיש וואו ער איז געזעסן, ס׳קעפל זיינס האָט ער פאַרוואָרפן אָן דער זייט, און מיט זיין רעקל אין דער האַנט, ווי אַ שניידער נעמט זיך צו דער אַרבעט, האָט ער מיט דער האַנט געהויבן אויף און אָפּ, געטשאָבעט, געטשאָבעט, ווי מיט אַ נאָדל־פאָדים, שיבערנדיק אַזוי מיט אַ זייט צו אַלעמען, האָט ער פון דאָסניי אָנגעהויבן צו זינגען מיט אַ ציטערדיק קול, ווי אַ חזן יום־כיפור צו נעילה:

. . . אָ־ט — אַזוי ניי־טאָך אַ שניי־דער
אָ־ט — אַזוי נייט ער דאָך:
כאָר: ער נייט, ער נייט — אָר־וואָ איז מיר, ער נייט!
ווען עס קומט אויף שבת איז ניטאָ אויף ברויט.

דער זינגענדיקער עולם איז אַצינד געשטאַנען מיט געשיר אין די הענט. ווי אַן איינגעשטודירטער אָרקעסטער האָבן זיי געזונגען און צוגעצימבלט. מעכעלע מיט דעם פאַרוואָרפענעם קעפל אָן דער זייט, מיטן רעקל אין האַנט, האָט טראָט־ביי־טראָט זיך געשאַרט מיט אַ זייט אַרום די ווענט און פאַר דעם עולם געסט ביים טיש. עני מיט איסאַק׳ן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט טאַנצן נאָכן ריטם פונעם געזאַנג. אין דער רגע איז דער געצימבל פאַרשטאַרקט געוואָרן און דאָס געזאַנג פונעם עולם האָט געהילכט העכער און העכער. עני׳ס קול האָט זיך צעקלונגען הויך און ווייט דורך די צעעפנטע פענצטער. פון די אָנטקעגנדיקע שטיבער האָבן נייגעריקע אויגן זיך באַוויזן. די מאַמע ביילע, אַ גליקלעכע, איז צוגעפאַלן צו די קינדער, מיט ליבע זיי אַרומגענומען און מיטגעטאַנצט.

די מומע בריינע האָט זיך געסוד'עט מיט איר מאַן:

— וואָס זאָגסטו ניט צום חתן, חיים הערש? האָסטו געזען אַ פּנים? אַ פּגירה! מיט אַ שענערן פּנים לייגט מען אין דער ערד אַריין, ניט־דאַ־געדאַכט.

— ער זעט אָבער אויס אַ פיינער, אַן איידעלער. ער איז אוודאי אַ געלערנטער, בריינע.

— וואָס זאָגסטו, אַ געלערנטער? צו מיינע שונא'ימס קעפּ — אַ שניידער, חיים הערש. ער איז אַ היימישער שניידערוק, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקע. אַ שיינע מעצאָצע האָנדלען זיי איין, — האָט בריינע געדרייט מיטן קאָפּ.

— אַזוי גאָר? אַ שאָד, אַ שיין מיידל, נישט קיין נאַר, דאַכט זיך, און דאָך . . . — האָט חיים הערש באַדויערט.

דאָס געזאַנג האָט זיך איינגעשטילט ערשט ווען מיסעס הערמאַן האָט צוגעבראַכט צום טיש אירע פיינע צוגעגרייטע שמעקעדיקע מאכ־לים, וואָס דער עולם געסט האָט געגעסן מיט אַ גוטן אַפּעטיט. בלויז איסאַק איז געזעסן אַ פאַרזאָרגטער, ווארום דער לאַנדסמאַן פיליפּ איז נישט געקומען צו דער שמחה. נישט אַנדערש, האָט ער געטראַכט, אַז עפּעס מוז דאָ זיין אין דעם, און דאָס וועט זיך שלעכט אָפּרופן אויף דער אייניקייט אין שאָפּ, וואָס איז אַזוי בויטיק. עני איז צוגעקומען אַ פריי־לעכע, אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער. די געסט האָבן געקלימ־פּערט מיטן געשיר: „אַ רעדע זאָל איסאַק האַלטן!" ער האָט זיך פאַר־נויגט און געזאָגט:

— די רעדע וואָס איך דאַרף האַלטן, וועל איך אָפּלייגן פאַר דער צוקונפטיקער שמחה וואָס מיר וועלן פייערן, ווען אונדזער זיג וועט זיין דערגאַנצט! כ'וויל זיין אָפנהאַרציק: אַ שאָד וואָס דער לאַנדסמאַן פיליפּ, וואָס דאַרף זיין אונדזער פריינט, איז נישטאָ היינט דאָ . . .

ער האָט פאַר די געסט דערציילט ווער אַט־דער פיליפּ איז, ווי אַזוי אַט־דער פיליפּ איז געקומען פון אַמעריקע אויף אַ באַזוך צו זיין משפחה, און ווי ער איז עס געקומען אין די אַמעריקאַנער מלבושים, מיט אַ גאָל־דענעם זייגער און קייט, ווי אַ גראַף — —

די אַקטיווע שאָפּ־טוער, וועלכע האָבן דעם פיליפּ'ן געקאָנט מיט זיינע פאַרדאָרבענע מעשים, האָבן בשעת מעשה געביסן מיט די ליפּן. דער טוער זאַוול, וואָס איז געזעסן אַ שווייגנדיקער, מיט דער פּיפּקע אין

מויל, האָט אַ שטאַרקן צי געטאָן דעם טאַבאַק־רויך און מיט כעס אים איבערגעהאַקט:

— וואָס פּאַר אַ וועזן מאַכסטו מיט דיין חזיר׳שן לאַנדסמאַן, דעם סקעבבאָטש ? !

זאַוול האָט גלייך אָנגעהויבן צו דערציילן אַ מעשה, וואָס ס׳איז זיך פאַרלאָפן אין זיין שטעטל מיט איינעם וואָס איז געקומען צוגאַסט פון אַמעריקע. פּלוצים האָט זיך דאָס טיר־גלעקל צעקלונגען. פיליפּ איז אַריינגעקומען . . .

איסאַק האָט זיין לאַנדסמאַן אַרומגעכאַפּט, כמעט אים געקושט... ער האָט אים צוגעפירט צום טיש, און לכבוד דעם גרויסן גאַסט האָט ער אָנגעגאָסן פרישע גלעזלעך משקה. זאַוול האָט דערויף געקוקט מיט פאַר־דראָס. ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף אַ בענקל און מיט אַ משונה־דיקן קול, מיט אַ ניגון, נאָכגעמאַכט דעם קאָוונער משולח, וועלכער פלעגט אין יענער צייט אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך צו האַל־טען מוסר־דרשות. ער האָט אָנגעהויבן דערציילן זיין מעשה:

. . . „הערט זיך איין, רבותי, רבותי, — הערט זיך איין צו דער אויסטערלישער מעשה, וואָס ביי אונדז אין שטעטל האָט זיך פאַרלאָפן, און געטראָפן מיט דעם פרומען רבי שלמה סענדער, מיט איינעם אַ אידן אַן אָרימאַן, מיט אַ בעל־מטופל מיט קינדער, און מיט זיין ווייב פעסי, וואָס גאָט, ברוך־הוא, האָט געשטראָפט מיט אָרעמקייט, נישט פאַר אייך געדאַכט !

„און ווי מיר ווייסן, רבותי, רבותי, אַז ווען גאָט, ברוך־הוא, שטראָפט איינעם, גיט ער אים מיט דער פולער האַנט ! אַזוי האָט גאָט, ברוך־הוא, געשטראָפט דעם רבי שלמה סענדער, אַז חוץ אָרעמקייט, זאָל ער נאָך זיין אַ גרויסער שלים־מזל, נישט פאַר אייך געדאַכט, — האָט נישט געטויגט אַ קאָץ אַן עק צו פאַרבינדן !

„אָבער, רבותי, רבותי ! מיר אידן זיינען דאָך רחמנים בני רח־מנים — מיר דערלאָזן דאָך נישט אַ מענטשן צו שטאַרבן פון הונגער, האָט מען זיך צונויפגעלייגט און דעם פרומען שלימזל, רבי שלמה סענדער, קיין אַמעריקע אַוועקגעשיקט, צו ווערן דאָרט אַ רב אין אַ שול ביי לאַנדסלייט.

„איצט, רבותי, הערט וואָס עס איז זיך פאַרלאָפן מיט דעם שלים־מזל, רבי שלמה סענדערס, אין אַמעריקע:

„אַ לאַנדסמאַן זייגער, אַ באַלעבאָס פון קינדערשע הויזקעס, האָט

אים אין שאַפּ געגומען אַלס וועכטער, צו היטן דעם שאַפּ ביינאַכט פון גנבים, און בייטאָג אים געגעבן צו פּרעסן קינדערשע הויזקעס. קיין רב אין אַמעריקע איז ער נישט געוואָרן. געוואָרן איז ער אַ פּרעסער, וואָס היט אויך דעם שאַפּ ביינאַכט. און דאָרטן אין שאַפּ האָט ער געגעסן און געשלאָפן. קיין נייעם מלבוש זיך נישט געקויפט, און זיך נישט פאַרגונען אַ איבעריקע פּעני אויסצוגעבן נישט פאַר זיך און נישט פאַר ווייב און קינדער, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אויף גאָט׳ס באַראָט.

„וואָס זאָל איך אייך, רבותי, דערציילן? בקיצור — רבי שלמה סענדער איז אַפילו קיין שלימזל שוין אויך נישט געווען, נישט פאַר אייך געדאַכט, ווייל פאַרמאָגט האָט ער אַ באַנק־בוך מיט טויזנטער! מיט יאָרן שפּעטער איז ער פּלוצים אַהיים געקומען צוגאַסט אויף אַ וויזיט, אָנגעטאָן אין אַ נייעם אָנצוג, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אין אַמעריקע געקויפט, מיט אַ גאָלדענעם שווערן זייגער מיט אַ געטאָפּלטער גאָלדענער קייט״ . . .

ער האָט בעת מעשה, זאַוול, אויסגעפּוטשעט דעם בויך, און אָנגעוויזן אויף דער קאָמעזעלקע זיינער, ווי אַזוי די געטאָפּלטע גאָלדענע קייט איז זיך ברחבה געלעגן אויסגעשפּרייט איבערן ברוסט, און איינציטיק זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע פון אַן אויפגעקומענעם גביר: פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס, מיט די הענט אויף אַ הינטער . . .

די געסט האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. פיליפּ איז געזעסן ווי אויף אַ הייסן אָנגעברענטן אויוון, ס׳גאַנצע פּנים ביי אים איז רויט געוואָרן און זיך צעקרימט. מיט רוגזה האָט ער אַרויסגעבורטשעט:

— ווען ווילסטו דאָ אָנציען, פּאַסקו — —

ער איז געשטאַנען אויג אויף אויג, פיליפּ. זאַוול האָט זיך ווי ניט־ וויסנדיק געמאַכט, ווי ער וואָלט אים אינגאַנצן איגנאָרירט. ער האָט אַ צי געטאָן די פּיפּקע, און מיטן זעלביקן מגיד׳ישן ניגון ווידער אָנגעהויבן:

„רבותי, רבותי! . . . לייגט צו אייערע אויערן און הערט אויס די וואונדערבאַרע מעשה, ווי אַזוי געוויסע שלימזל׳ניקעס וואָס טויגן נישט אַ קאָץ אַן עק צו פאַרבינדן, שאַרן געלט אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע! למשל: מען אַרבעט בייטאָג, מען אַרבעט ביינאַכט, און מען גיט אַן איבעריקע פּעני נישט אויס! און אויב מען איז נאָך צו דעם אַ פריינט פון באַלעבאָס, העלפט גאָט אַהיימצוקומען מיט אַ גאָלדענעם זייגער און קייט, רבותי! . . .

— אויב דיר געפעלט עס נישט — פּלאַצט מען ! — האָט פּיליפּ זיך ווידער אַ הויב געטאָן.

אַ אומרואיקע שטילקייט האָט געהערשט. און געפילט האָט מען, אַז לאַנג וועט די שטילקייט נישט אָנהאַלטן. אַ שטורעם וועט דאָ באַלד אויסברעכן. מיט ציטערדיקע הענט האָט איסאַק אַ נעם געטאָן אַ פלאַש בראַנפן, געגאָסן פולע גלעזלעך פאַר אַלעמען, ווי די גלעזלעך מיט בראַנפען וואָלטן איצט געווען אַ וויכטיקע רפואה. עני, מיט איר ליבן שמייכעל, האָט באַזונדער צוגעטראָגן אַ גלעזל בראַנפן צו פּיליפּ'ן, ער זאָל טרינקען מיט איר. פּיליפּ האָט גענומען פון איר האַנט ס'גלעזל בראַנפען, און מיט אַמאָל האָט זיך זיין כמורנער פּנים אינגאַנצן געביטן. עני האָט זיך גיך אויסגעדרייט צו איסאַק'ן, געקוקט אַ גליקלעכע אויף זיין ווידער־אויפגעלעבטן פּנים . . . דער עולם האָט געקלימפּערט מיטן געשיר . . . עני'ס פּנים האָט זיך גערויטלט. זי האָט געזאָגט :

— פריער פון אַלץ וועל איך זינגען פאַר אייך אַ ליד, וואָס איך געדענק נאָך פון מיין היים־שטאָט :

. . . איך גיי איבער פעלדער, איך גיי איבער וועלדער.  
איך הער ווי דער ווינט, ער רוישט און ער זינגט :  
„אַ קעלט, ליבער ברודער, אַ שרעקלעכע קעלט,  
ס'פרירט, ליבער ברודער, די גאַנצע וועלט !"

איך גיי איבער פעלדער, איך פרעג די זאַנגען :  
וואַרום זענט איר אַזוי מאָגער אויפגעגאַנגען ?  
„פון קעלט, ליבער ברודער, טרוקן איז די ערד !  
ניטאָ וואָס צו עסן פאַרן פויער מיט זיין פערד !"

איך גיי צום פויער, אַ שכן לעבן מיר :  
„וואָס מאַכסטו, ליבער חבר ? איז וואַרעם ביי דיר ?"  
„ס'איז קאַלט, ליבער ברודער, מיט הונגער און נויט —  
ס'איז אַ שווערער לעבן, ביטער ווי דער טויט".

איך גיי צום צווייטן, איך קלאַפּ אין זיין טיר :  
„וואָס שלאָגסטו דיין ווייבל ? וואָס האָסטו צו איר ?"  
„פון צרות, ליבער ברודער, פון הונגער, פון קעלט —  
פון פינצטערן לעבן איז ניט ניחא די וועלט !"

די געסט האָבן שטורעמדיק אַפּלאָדירט סיי דאָס ליד, און דעם אופן ווי עני האָט פאַרטייטשט די ווערטער מיט איר אינסצענירן יעדן פּערז. מ׳האָט איר אַפּלאָדירט מיט די הענט, געסטוקעט מיט די פיס. פיליפּ האָט מער פון אַלעמען געאַרבעט מיט יעדן גליד זיינעם. ס׳פּנים — פלאַם־פייערדיק, האָט אויסגעזען ממש ווילד פון אויפרעגונג. און פלר־צים פאַרלוירן קאָנטראָל. אין אַ ווילדן צושטאַנד האָט ער אַרומגעכאַפּט עני׳ן, און מיט זיינע שטאַרקע הענט זי צוגעדריקט צו זיך, זיך איינ־געגעסן מיט קושן אין איר פּנים, די אויגן, איר אַנטבלויזטן האַלדז, און וואו ס׳האָט זיך געלאָזט . . . עני האָט מיט אַ געקוויטש, ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַרומגעכאַפּט, זיך געריסן פון אים, געשריען היסטעריש, אַז די שטוב האָט געציטערט. אַ רגע איז דער עולם געבליבן ווי פאַרגאַפּט. איינער האָט אויפן צווייטן מאָדנע געקוקט, ווי יעדער פאַר זיך וואָלט געוועזן הילפלאָז צו געפינען אַן אויסוועג אין דער לאַגע. צוביסלעך האָט מען זיך פּאַמעלעך אַרויסגערוקט און פאַרלאָזן די שמחה.

די מאַמע ביילע, מיט פאַרבראָכענע הענט, איז צוגעפאַלן אַ וויי־נענדיקע צו דער מומע ברײנע אויפן האַלדז. יאָמערנדיק האָט זי גע־מורמלט:

— גאָטעניו, זאָל עס נאָר זיין צום גוטן, גאָטעניו! . . .

## 6.

קילע סעפּטעמבער־טעג. אין שאָפּ האָט פונעם נאָענטן איסט־רי־ווער אָפּטער אַ ווינטל אַריינגעבלאָזן. די טעג זיינען קלענער געוואָרן. די פּאָליצעס מיט די „באָנדלס" אויפצומאַכן — ליידיקער.

סוף סעזאָן.

און ווייל ס׳איז געוועזן סוף סעזאָן, מיט אויסגעליידיקטע פּאָליצעס, האָט פּלוצים די אַרבעט וואָס קנוירעק׳ס באַלמעלאָכעס האָבן געמאַכט, „געטויגט אויפן פייער". מיט אַזעלכע רייד האָט דער באַלעבאָס קנוי־רעק מיט יעדן טאָג אָנגעהויבן צו האַמערן איבער די אַרבעטער׳ס קעפּ. לכתחילה האָט מען זיך איינער דעם צווייטן געפרעגט: וואָס איז פלר־צים געשען? דאַכט זיך, די זעלבע באַלמעלאָכעס וואָס אַרבעטן שוין יאָרן ביי קנוירעק׳ן, און די זעלביקע קליידער; טאָ וואָס איז דאָ גע־שען? אויף אַלע פראַגן האָט דער באַלעבאָס געגעבן איין און דעם זעל־ביקן ענטפער:

— ס׳טויג אויפן פייער ! . . .

קנוירעק האָט זיך נישט באַנוגנט מיט רייד. ער האָט דעמאָנסטרירט מיט מעשים: יעדן אינדערפרי האָט ער צו יעדנס ניי־מאַשין צוגעטראָגן דעם נעכטיקן טאָג אַרבעט, וואָס מען האָט פּאַרטיק געמאַכט, און צום סוף עס צוגעוואָרפן צו איסאַק׳ן, צו זייער שאַפּ־פאָרשטייער, אַ בייזער:

— זע, „טשערמאַן”, זע ! . . .

איסאַק האָט באַטראַכט די געמאַכטע אַרבעט און געהויבן מיט די אַקסלען:

— וואָס אַזוינס איז געשען מיט אָט־דער אַרבעט? פאַרוואָס טויג עס נישט מיטאַמאָל, מיסטער קנוירעק?

— ווילסט וויסן? עס איז נאָכן סעזאָן! איצט וויל מען גוטע אַרבעט! — האָט קנוירעק ציניש דאָס אַרויסגעזאָגט.

— איר זאָגט נישט דעם אמת! — האָט איסאַק פּראָטעסטירט, — איר מיינט ניט אַזוי די גוטע אַרבעט, ווי איר מיינט דעם מקח, — אָט־וואָס ס׳טויג נישט פאַר אייך!

— איך בין דיר גאָרנישט מחויב צו ענטפערן, גרינע חיה! גענוג געבאַלעבאַטעוועט! ס׳וועט נעמען אַן עק! — האָט קנוירעק צוגעטופּעט מיטן פוס.

נאָך דעם געשפּרעך מיטן באַלעבאָס, האָט דער לאַנדסמאַן פיליפּ באַגעגנט איסאַק׳ן מיט אַ שמייכעלע, אַז דאָס בלוט האָט זיך צעצונדן. פונעם שמייכעלע איז פאַר איסאַק׳ן קלאָר געוואָרן די פּלוצימדיקע אי־בערקערעניש מיט דעם באַלעבאָס׳ חוצפה׳דיקן אויפפיר. — יאָ, פיליפּ־קע . . . אָט־דער אומגעצאַמטער חברה־מאַן האָט זיכער אַ האַנט אין דעם; ס׳איז פאַר איסאַק׳ן אויך קלאָר געוואָרן, אַז די מיאוס׳ע סצענע, וואָס פיליפּ האָט דעמאָלט אָפּגעשפּילט ביי דער מיסעס הערמאַן אין שטוב, וואָס ס׳האָט צעשטערט די שיינע שמחה׳לע, איז אויך פון פריער געווען אויסגעפּלאַנעוועט פון באַלעבאָס מיט זיינע פריינט, יאָ!

און איצט . . . וואַרפנדיק אויגן איבערן געשטעל אויפן לאַנדסמאַן זיינעם, ווי ער זיצט און קוועלט אָן מיט אַ חוזק־שמייכעלע פון אַ זיגער, האָט ער זיך דערמאָנט ווי געדעכט דער שאַפּ־זינגער מעכעלע איז דע־מאָלט געווען, ווען ער האָט זיך געבעטן ביי די אַקטיווע טוער און אויך ביים יוניאָן־פירער, ברודער רעקס, אַז פריער פון אַלץ מוז מען אַרויס־פּטר׳ן די פריינט פון באַלעבאָס — די סקעבאַטשעס! און ער, איסאַק,

האָט זיך גאָר איינגעשטעלט פאַר זיי! נאָכמער: דעם לאַנדסמאַן פּי־ליפּ — דעם געפערלעכסטן, דעם באַלעבאָס׳ „סטודזש״ האָט ער, אי־סאַק, אַפילו איינגעלאַדן צו דער זיג־שמחה׳לע צוליב אייניקייט וועגן, כאַ־כאַ־כאַ . . .

דער טייוול האָט אַצינד גע׳חוזק׳ט פון אים, פון זיין אומדערפאַרנ־קייט . . . איינצייטיק האָט איסאַק דערזען פאַר זיך די געפאַר וואָס לויערט פון אַרום: פון איין זייט דער „סטודזש״ פּיליפּ מיט דעם באַ־לעבאָס׳ יחסנים, וואָס האָבן ביז איצט געשוויגן צוליב מורא, וועלן איצט, אין צייט פון געפאַר, ווידער פּרואוון זיך אַרויפכאַפּן אויף זייערע ברי־דערס העלדזער ווי אַמאָל . . . פון דער צווייטער זייט לויערט דער אייביקער שונא — דער באַלעבאָס! ערשטנס, אַן דער יוניאָן וועט ער צאָלן ווייניקער פאַר דער זעלבער אַרבעט. אָבער מער פון אַלץ וועט דער באַלעבאָס זוכן ווי פּטור צו ווערן פון דער יוניאָן ביי אים אין שאַפּ. סטייטש: „ער, קנוירעק, וואָס האָט בלויז דורך זיינע פייאיקייטן, מיט זיין גרויסן שכל זיך דערשלאָגן צו סוקסעס און איז אַ גביר, אַן אייגנ־טימער פון אַ גרויסן שאַפּ, זאָל זיך גאָר מוזן בויגן פאַר אַן אָרעמען גרינעם בחור׳ל, וואָס איז מיט דער יוניאָנס כוח געוואָרן ביי אים אַ „טשערמאַן״, אַ גאַנצער קנאַקער, זאָגט אים דעות ווי צו פירן זיין גע־שעפט!״

טראַכטנדיק וועגן דעם ענין האָט איסאַק מיט אָפענע אויגן קלאָר געזען די שונאים פון אייניקייט מיט זייערע פינצטערע פּלענער, און גע־פרעגט האָט ער זיך: וועט עס זיי, די שונאים, טאַקע געלינגען? וועט געלינגען דעם באַלעבאָס קנוירעק מיט וועלכער בייזער הילף צו צעברעכן די אייניקייט צווישן די אַרבעטער? וועלן אָט־די זעלביקע מענטשן, וועלכע זיינען מיט דער יוניאָנס הילף ערשט באַפרייט געוואָרן, זיך צו־ריק לאָזן איינשמידן אין דעם באַלעבאָס קייטן? וועלן זיי? . . .

מיט אַ פול האַרץ האָט זיך איסאַק, נאָך דער אַרבעט, אַוועקגעלאָזט אין דער יוניאָן. ווען ער איז אַהין געקומען, האָט ער דאָרטן, אויפן גאַס, געטראָפן גרופּעס אַרבעטער, ליידיקגייער, שטייען און ריידן. ער האָט זיך צוגעהערט און אויפגעכאַפּט די ווערטער: „סלעק״ . . . „נאָכן סע־זאָן״ . . . „דער באַלעבאָס רייסט שוין פון די טרויעריקע שכירות״ . . . מיט אַ טרויעריק געמיט האָט איסאַק זיך קוים דורכגעשטופּט צום אַרויפגאַנג. די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום יוניאָן־אָפיסל, וואו דער

ברודער רעקס איז געזעסן, איז געווען באַלאַגערט פון די אַרבעטסלאָזע. ווען זיין ריי איז געקומען איז שוין געווען שפּעטלעך. דער ברודער רעקס איז באמת שוין מיד געווען ענטפערנדיק אַלעמען. דאָך האָט ער איסאַק'ן אויפגענומען און זיך צוגעהערט וואָס ער האָט געהאַט צו דער־ציילן. צום סוף האָט דער ברודער רעקס געפרעגט:

— טאָ וואָס ווילט איר אַז איך זאָל טאָן?

— איך וויל, איר זאָלט צונויפרופן אונדזערע אַרבעטער צו אַ באַ־ראַטונג, זיי דערקלערן ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף דעם באַלעבאָס חוצפּה־דיקע, ביי־זווילקע אָנפאַלן. איר דאַרפט אויך וואָרענען דעם באַלעבאָס אַז —

— גענוג, גענוג! — האָט דער ברודער רעקס אים איבערגעהאַקט. — איר זענט נאָך צו גרין אין לאַנד מיך צו לערנען וואָס צו טאָן! ווי־געפעלט אייך אָט־דער־אָ? — האָט ער זיך איצט צעשריען מ'זאָל אים הערן, — מענטשן קומען מיט טרערן אין די אויגן און בעטן כאָטש איין טאָג אַרבעט, מיין האַרץ גייט מיר אויס פאַר זיי... ס'איז פאַר יום־טוב און שוין אַ שטאָך אַרבעט נישטאָ. און ביי קנוירעק'ן אַרבעט מען אויף טיש און אויף בענק — אינמיטנדערינען רוף אים אַ שאַפּ־באַראַ־טונג, רוף!

---

דעם וועג אַהיים האָט איסאַק געשפּאַנט אַ צעערגערטער, אינגאַנצן אַ פאַרלוירענער. דעם ענטפער וואָס ער האָט ערשט געקראָגן פון זיין יוניאָן־פירער, האָט אים גאָרנישט באַרויקט. פאַרקערט, פונעם ענט־פער איז איסאַק נאָך מער צעטרייסלט געוואָרן. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַצינד האָט ער פאַרלוירן דעם לעצטן אָנהאַלט. באַלד־באַלד וועט אַלעס אונטערגיין; אַצינד מער פון אַלע מאָל, האָט ער געטראַכט פון די מורא'דיקע שונאים, וועלכע ליגן פאַרטייעט און גאַרן נאָר נאָך דער געלעגנהייט אַרויסצוקריכן פון זייערע באַהעלטענישן, און אונטערגראָבן אַלצדינג, וואָס איז מיט אַזוי פיל שווערער מי אויפגעבויט געוואָרן. גע־טראַכט האָט איסאַק אַצינד פונעם ערגסטן שונא — דער „סלעק", דער נאָכן סעזאָן, ווען ס'וועט אוממעגלעך פאַר אַן אַרבעטער צו קריגן ער־געץ וואו אַ פּלאַץ... טרויעריקע געדאַנקען זיינען געקומען צו אים אין פאַרשיידענע פאָרמען און אים געשוועט דאָס געמיט. ווען ער איז אַהיים געקומען האָט ער געפונען אַ בריוו פון טאַטן, געשריבן מיט זיין

האַנטשריפט, וואָס דאָס איז פאַר אים געווען אַ זעלטנהייט.

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער געהאַלטן דאָס בייגעלע פּאַפּיר וואָס ער האָט געלייענט. לאַנג האָט ער דעם בריוו געהאַלטן אין זיינע הענט, ווי ער וואָלט זיך נישט וועלן שיידן מיט דעם, ביז דער בריוו האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון די מאַכטלאָזע הענט און איז געבליבן ליגן אַן אָפּגע־נער אויפן טיש. מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ האָט ער פאַרזיכטיק אויסגעווישט אַ טרער. ענִי איז נישט געווען אין דער היים. די געטרייע מיסעס הערמאַן האָט אים נאָכגעקוקט, באַגלייט מיט מוטערלעכע אויגן זיין יעדן קער, ווי זי וואָלט אַן עפּעס זיך אָנגעשטויסן. איסאַק האָט זיך געוואַשן מיט קאַלט וואַסער, די האָר פאַרקאַמט און אַ פרישער, כמעט אַ רואיקער, האָט ער זיך צום טיש געזעצט. נאָר ווען ער איז פאַרטיק גע־וואָרען מיט דעם עסן, איז ער געבליבן זיצן פאַרטראַכט. די פריערדיקע נאָגעניש האָט אים נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געפּרואווט זיך אָפּגעבן אַ חשבון פונעם טאָג: „ערגערניש און ערגערניש״ . . . אָבער מער פון אַלץ האָט אים ווי גענאָמען אויף דעם טאַטן . . . זיין בריוו וואָס ער האָט ערשט געקראָגן . . . אַזוי פּשוט, און מיט אַזויפיל צער און צאָרן! אָ, ס׳איז דעם טאַטנ׳ס בריוו. אפנים ענִי איז גערעכט געווען, אַז דער טאַ־טע ליגט אים מער פון אַלץ אין זינען . . .

די געטרייע מיסעס הערמאַן האָט נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פון אים, ווי ער זיצט אַ שווייגנדיקער מיט די הענט אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ. זי האָט נישט צוגענומען דאָס געשיר נאָכן עסן, און זיך גע־זעצט לעבן אים, כלומרשט מיט איר צייטונג־ראָמאַן. זי האָט אָבער נישט געלייענט, זי האָט פאַרצויגן אַ שמועס:

— זעסט מיר הייַנט אויס ווי נישט מיט אַלעמען. האָסט געקראָגן אַ שלעכטן בריוו פון טאַטן?

איסאַק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף. ער האָט אָפּגעזיפצט און געענטפערט:

— ניין, מיסעס הערמאַן. ס׳איז חלילה נישט קיין שלעכטער בריוו. וואָסי? כ׳האָב גאַנץ גוט געגעסן, דאַכט זיך.

— אַ מאַמען נאַרט מען נישט, — האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ, — אפשר האָסטו טראָבל אין שאָפּ? ווייסט, איסאַק, דיין לאַנדסמאַן גע־פעלט מיך נישט. ער איז אַ גראָבער יונג. בעסער אַנטלויף פון אים! — האָט זי אים מוטערלעך געוואָרנט.

— אמת, אמת, — האָט איסאַק צוגעגעבן, — מ׳קען זיך אָבער ניט העלפן. און אַנטלויפן ווי אַ טרוס וועל איך נישט ! וואָס זאָל מען טאָן, גוטע פרוי !

— איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס, איסאַק ? וואָס האָלט דיר דאָרטן צו ? און צו וואָס האָסטו נאָך דעם גראָבן יונג געבראַכט מיר אין שטוב צו פאַרשטערן די שמחה ? אוי, גאָטעניו, וואָס איך האָב איבערגעלעבט.

— פאַרגעסט, מיסעס הערמאַן, פאַרגעסט. איר וועט נאָך נחת האָבן, איר וועט זען.

זי האָט אַרונטערגעבויגן דעם קאָפּ און אויסגעווישט אַ טרער. זי האָט זיך נעענטער צוגערוקט, ווי זי וואָלט אים וועלן איינרוימען אַ סוד פון גרויס וויכטיקייט. ציטערנדיק האָט זי געזאָגט :

— מיט עני׳ן קען איך וועגן דעם נישט ריידן, זי ווערט ברוגז. זאָג מיר, מיין זון, ווען וועט איר שוין קומען צו אַ ברעג און חתונה האָבן ? איך בין דאָך אַ מאַמע.

— זייט רואיק, מיסעס הערמאַן, — האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט, — מיר וועלן חתונה האָבן אין גיכן. איר פאַרשטייט, מיר דאַרפן פריער עפּעס דערליידיקן, דערפאַר ווייסן מיר ניט ווען.

— וואָס זאָגסטו ? — האָט זי טרויעריק זיך פאַנאַנדערגערעדט, — איר ווייסט ניט ווען, זאָגסטו ? קען דאָך זיין גאָט ווייס ווען . . . איך קען עס אסור פאַרשטיין, וואָס דאַרפט איר פריער דערליידיקן ? וועט איר עס פאַרזאַמען צו טאָן שפּעטער, נאָך דער חתונה ? און פאַרוואָס זאָל די מאַמע פינצטערן ס׳גאַנצע לעבן ? איך אַליין בין נאָך אויך אַ מענטש.

זי האָט בכיוון פאַרענדיקט מיט אַ פּערזענלעכן אַרגומענט, כאָטש זי האָט עס נישט געהאַלטן פאַר אַזוי וויכטיק. פאַר איר, דער געטרייער מוטער, איז אָט־דער עניין חתונה מאַכן אַ טאָכטער געווען גאָר גאָר וויכ־טיק. איסאַק האָט איר פאַרשטאַנען. מיט אַ שמייכל האָט ער געזאָגט :

— איר זענט זיכער גערעכט נאָך יעדן שטאַנדפּונקט. איר זענט עני׳ס מאַמע, מיין מאַמע אויך. ווארים מיין אייגענע מאַמע געדענק איך קוים. וועל איך אייך ענטפערן ווי צו אַ מאַמען : ווי וואָלט געווען אַ שטייגער, ווען אונדזער חתונה זאָל פאַרקומען אין די וואָכן פון חנוכה ביז פּורים, ס׳הייסט אין אַ קורצער צייט אַרום, זענט איר צופרידן ?

די טיר האָט זיך צעעפנט און עני איז אַריינגעקומען. די מאַמע

ביילע, אַ פריילעכע, אַ צופרידענע פון איסאַק׳ס ענטפער, האָט אַרומגע־כאַפּט איר טאָכטער, איר אויסגעקושט די אויגן, און תיכף גענומען עני׳ן פאַר איין האַנט, איסאַק׳ן פאַר דער צווייטער, אוןביידן געפירט אין דעם צווייטן צימער. זי האָט צעעפנט דאָרטן אַ הויכן גרויסן קאַסטן פול מיט חתונה־אויסשטייער און זי האָט פריידיק געזאָגט:

— איר זעט, קינדער מיינע, דאָס איז אייערס. איך האָב געשפּאָרט און געקליבן פון דאָס לעצטע — פאַר דיר, מיין עני, פאַר דיר, מיין זון; פאַר אייך ביידן. זאָל עס זיין מיט מזל, מיט גליק, גאָטעניו.

— די מאַמע מיט איר גאָטעניו, — האָט זיך עני צעלאַכט, — וואָס טוט זיך דאָ, וואָס? . . .

זי האָט געהויבן מיט איר שמאָלע אַקסלען, עני. זי האָט שטיפע־ריש געקוקט אויף איסאַק׳ס פּנים וואָס האָט זיך געדרויטלט און כלומרשט געפרעגט:

— זאָג נאָר מיר פיינער מענטש, וואָס פאַר אַ סוד׳ען זיך מיט מיין מאַמען ווען איך בין נישטאָ? וואָס קומט דאָ פאַר הינטער מיינע אויגן, האָ? ענטפער!

איסאַק האָט פּרובירט צו שמייכלען בעת זיין פּנים איז געבליבן גאַנץ ערנסט. עני האָט געפרעגט:

— דו זעסט מיך עפּעס היינט אויס ווי אַ נעכטיקער, טראָבל אין שאַפּ, מיין גרויסער פירער?

— אַ בריוו פון טאַטן, — האָט ער זיפצנדיק געענטפערט.

—קען איך אים לייענען? — האָט זי מיט אַנגסט געפרעגט.

— זיכער.

ס׳איז שוין געווען אַרום האַלבע נאַכט ווען איסאַק איז איינגעשלאָ־פן. מאַמע און טאָכטער זיינען געבליבן ביים טיש און שטיל גע־שמועסט. די מאַמע האָט דער טאָכטער איבערגעגעבן דעם געשפּרעך וואָס זי מיט איסאַק׳ן האָבן געפירט. דערנאָך האָט עני גענומען דעם טאַטנס בריוו און האָט געלייענט פאַר דער מאַמע:

„. . . זון מיינער, איך שרייב דיר מיין זון מיט מיין שלעכטער האַנטשריפט. שרייבן וויל איך היינט אַליין צו דיר. מיין רייזל, דיין שוועסטער, ווייס ניט אַז איך שרייב דיר. איך וויל ניט איר פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש. זי איז זייער גוט צו מיר. שרייב איך דיר, אַז מיר איז שלעכט, מיין קינד. איך בין, נישט פאַר דיר געדאַכט, קראַנק, איך קען

מער נישט אַרבעטן. דער באַלעבאָס מיינער, בערל קראָט, האָט געהאַט רחמנות אויף מיר. ער האָט מיר דערלאַנגט ביים אָוועקגיין פאַר אַ וואָך שכירות. פערציק יאָר האָב איך געאַרבעט ביי אים. וואָס זאָל איך איצט טאָן ווייס איך נישט. נישט צו לעבן, נישט צו שטאַרבן, אַזוי בין איך.

„דיין שוועסטער רייזל זאָגט מיר, טאַטע זאָרג נישט. וואָס איך וועל עסן וועסטו עסן. זי האָט אַליין נישט זאָט צו עסן ווייס איך. איר מאַן חיים זלמן גייט אַרום פון אַ צייט שלינג און שלאַנג, פאַרדינט נישט אַ פּרוטה. מיין ליבער זון, זיי וויסן, איך וויל גאָר נישט פון דיר. זאָל גאָט מיר נישט שטראָפן, איך וויל גאָר נישט פון מיינע קינדער. דו געדענקסט דאָך אוודאי מיינע יסורים, קראַנקערהייט געלאָפן צו דער אַר־בעט צו בערלען אין פאַבריק. איך פאַרלאַנג נישט ביי קיינעם חלילה, שרייב איך דיר. מיט מיינע הענט האָב איך כל יומי געאַרבעט, נישט געבעטלט חלילה. איך וויל נאָר מיין האַרץ אויסריידן פאַר דיר, מיין זון.

„מיין באַלעבאָס בערל קראָט זאָגט, ער האָט גענוג געטאָן פאַר מיר, געגעבן מיר ברויט צו עסן. און אויב איך בין געוואָרן אַלט און קראַנק, וואָס זאָל ער טאָן, זאָגט ער. ער איז מיר אַ גראָשן נישט שולדיק, זאָגט ער. אָבער וואָס זאָל איך טאָן? פערציק יאָר געמאַכט טלתים ביי אים אין פאַבריק. איך מיט בערלען זיינען שוין ברוך השם אַריבער די זעכ־ציקער. ער האָט זיך פאַרזאָרגט אויף דער עלטער. פאַר זיין טאָכטער צירלען האָט ער איינגעהאַנדלט אַן איידעם אַ זיידענעם יונגערמאַנטשיק אַ צאַצקע. זיי אויסגעבויט אַ נייע שטוב מיט כל־טוב. און איך, קראַנק, געבויגן צו דער ערד, נישטאָ אויף אַ פונט ברויט.

„זאָל מיר גאָט ניט שטראָפן, מיין זון. האָב נישט קיין פאַראיבל. איך מוז דאָס אַרויסריידן, אַנדערש איז מיר שווער. שרייב איך דיר און ווינטש דיר, מיין ברייוו זאָל דיר אין בעסטן געזונט טרעפן. דיין טאַטע איטשע".

— — — — — — — — — — —

ס'איז שטיל געוואָרן. די מאַמע ביילע האָט אין דער שטילקייט גע־שלוכטשעט. עני האָט באַמערקט:

— נישטאָ וואָס צו וויינען, מאַמע. דאָס איז די וועלט, און מיר קעמפן פאַר אַ בעסערער . . .

.7

אָנהייב וואָך, ווען איסאַק איז געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער אינסטינקטיוו דערפילט אַ געדריקטע שטימונג צווישן די אַרבעטער. און ווען ער האָט צוגעשפּאַנט צום געשטעל, האָט ער דערזען סיי ביי זיך און סיי ביי אַ טייל אַרבעטער אַרום, די לאַנג־פּאַרגעסענע „נומער דריי" אַר־בעט . . .

פּאַר אַ ווייל איז ער פאַרשטיינערט געוואָרן און נישט געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך. און באַלד האָט ער אָנגעהויבן זיך ארומצוקוקן אַרום דעם געשטעל: אויגן מיט אויגן האָבן זיך באַגעגנט. אַנדערע — מיט נצחון . . . גע'חוזק'ט . . . אָבער דער גרעסטער טייל, ווי אים האָט זיך אויסגעדוכט, האָבן זיך געווענדט צו אים — געמאָנט! . . . די אויגן פונעם לאַנדסמאַן פּיליפּ זיינען געווען אינגאַנצן אַרונטערגעלאָזט, ווי ער וואָלט נישט געוואַגט דעם לאַנדסמאַן איסאַק'ן אין פּנים צו קוקן. פון דעם יחסנים'דיקן ווינקל זיינען שימעלע און וואַראָנע געזעסן מיט פאַר־ריסענע קעפּ, געלאַכט איסאַק'ן אין פּנים אַריין.

זיין שכן סאָקאָל האָט איסאַק'ן איינגערוימט אַ סוד. איסאַק האָט תיכף צוגעשפּרייזט צום באַלעבאָס און ער האָט אים געפרעגט:

— וואָס פאַר אַן אַרבעט האָט איר עס היינט אויסגעטיילט, מיסטער קנוירעק?

— אַ יעס. ס'איז „נומער דריי"! כ'קען מיר ניט העלפן.

— ווער האָט עס אייך דערלויבט? — האָט איסאַק געדונערט — געדענקט, מיר וועלן נישט שווייגן!

— קאָנסט טאָן ווי דיר געפעלט, — האָט קנוירעק גע'חוזק'ט.

מער האָט איסאַק זיך נישט געקענט קאָנטראָלירן. דער קאָפּ האָט זיך ביי אים געדרייט פון אויפרעגונג. ס'בלוט האָט געזידט, און אַזוי האָט ער אַ שפּאַן געטאָן צום געשטעל, זיך געשטעלט אויף אַ באַנק און אויסגערופן אויפן קול:

— ברידער אַרבעטער! איך דער שאַפּ־טשערמאַן, באַפויל! שוין אָפּשטעלן די אַרבעט! קומט אַלע אין דער יוניאָן!

פון אויפרעגונג האָט איסאַק אויף קיינעם נישט געוואַרט . . . ער איז דער ערשטער אַרונטער מיט די טרעפּ און געבליבן וואַרטן ערשט פאַר דער קאָרידאָר־טיר.

די רגע׳ס האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ס׳הערן זיך טריט: אַט קומען זיי נאָך די ברידער: איינער... צוויי... דריי!... סאָ־קאָל, זאַוול און מעכעלע. ער האָט זיי געפרעגט ציטערנדיק:

— וואָס איז געשען דאָרטן? וואָרום — —

טרערן האָבן אים געשטיקט. טרויעריק האָט ער געקוקט אויף די דריי חברים זיינע. קיינער פון זיי האָט גאָרנישט ניט געזאָגט; מיט געשלאָסענע ליפּן האָבן זיי געשוויגן. זאַוול האָט נערוועז געדרייט מיט זיין פּיפּקע פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן, בעת מעשה געקוקט אויפן פאַרוואָלקנטן הימל, ווי ער וואָלט דאָרטן דערוואַרט אַן ענטפער.

מעכעלע האָט געזאָגט:

— כ׳האָב מיך דעמאָלט געבעטן אַרויס׳פּטר׳ן די סקעבבאַטשעס פון שאַפּ — איר געדענקט? ווי ביי גזלנים אין וואָלד האָב איך מיך גע־בעטן! איצט האָט פּיליפּקע ממזר זיך איבערגעבעטן מיטן באָלעבאָס און מיט זיינע סקעבבאַטשעס — כ׳ווייס אַלץ. כ׳ווייס, אַז שבת נאַכט האָט קנוירעק פאַרבעטן די חברה־פּאַטריאָטן זיינע אין סיגלס וויינקעלער. אַלע זיינען זיי דאָרטן געווען, נישט איך, אין דער ערד האָב איך זיי מיט קנוירעק׳ן צוזאַמען.

זאַוול האָט זיך אָפּגערופן:

— איצט קאָן איך שווערן, אַז צו יענער שמחה ביי דיר איז פּיליפּ־קע געקומען אַ „פּאַרטיקער״; נישט אמת, איסאַק?

איסאַק האָט געשוויגן. סאָקאָל האָט געפרעגט:

— וואָס טראַכטסטו אצינד, איסאַק? אַט ווייסטו שוין אַלצדינג...

— איך טראַכט פון זיי, סאָקאָל. איך טראַכט פון די וואָס זיינען דאָרט פאַרבליבן... וואָס וועלן זיי אַצינד טאָן? וועלן זיי מיט גע־בויגענע קעפּ זיצן און שוייגן? קען אַזוינס מעגלעך זיין?...

— מיר׳ן גיין, — האָט סאָקאָל אים אונטער דער האַנט גענומען, — מיר׳ן גיין אין דער יוניאָן.

* * *

דער יוניאָן־פירער ברודער רעקס איז שוין געשטאַנען ביים טיר פון זיין אָפיס. מיט זיין רעכטער האַנט געהאַלטן ס׳שוואַרצע קלומעקל מיט יוניאָן־מאַרקעס פאַר די אַרבעטער פאַרן חודש־שטייער. מיט זיין לינ־קער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן דעם שטייפן קאַפּעליוש — פּאַרטיק גע־ווען זיך אַרויסלאָזן פאַרטרעטן די אַרבעטער און זייערע שעפּער.

ער האָט זיי באַגעגנט זאַלבעפערט . . .

— וואָס ? — האָט דער ברודער רעקס זיך צעשריען נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט די לעצטע פּאַסירונג, — איר זענט אַרויס אין סטרייק גאָר ? איר זאַלבעפערט ? זענט איר משוגע צו וואָס ? ווער האָט אייך געהייסן ? איצט וועט אייך זיין בעסער שטיין דאָ און וואַרטן פאַר אַ טאָג אַרבעט ? שוין די מינוט זאָלט איר צוריק גיין צו דער אַרבעט !

נערוועז און אין געאייל האָט ער אַרויפגעצויגן דעם שטייפן קאַפּע־ליוש און נאָך גע׳דבר׳ט :

— וואָס וואַרט איר, וואָס ? אפשר ווילט איר איך זאָל ביי קנויר־רעק׳ן דערקלערן אַ סטרייק ? מיר זאָלן פאַרלירן אַ גוטן יוניאָן־שאַפּ פון איבער פערציק באַלמעלאָכעס, צוליב אייערע נאַרישע קאַפּריזן ? מאַכט איר במחילה אַ גרויסן טעות !

ער האָט תיכף זיך אויסגעדרייט דער ברודער רעקס און גיך, מיטן שוואַרצן קלומעקל אין האַנט, אַוועקגעשפּרייזט פאַרטרעטן די אַרבעטער אין די שעפער . . .

---

ס׳איז געקומען נאָך די אידישע יום־טובים. אין די שניידער־שע־פער האָט די אַרבעט זיך כמעט אויסגעלאָזט. דער באַלעבאָס קנוירעק האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט . . . לאַנג האָט ער נישט געוואַרט, און צוריק איינגעפירט אַלע אַמאָליקע פאַראַנדקעס אין שאַפּ. די איבער פערציק אַרבעטער האָבן דעמאָלט שוין גאָר זיך נישט געקאָנט העלפן. זייער יוניאָן־פירער, דעם ברודער רעקס, האָט קנוירעק מער אויפן שוועל נישט אַרויפגעלאָזט.

.8

ס׳איז געווען אַ קאַלטער נאָוועמבער־פרימאָרגן. דער יוניאָן־ציי־מערל איז פול געווען מיט אַרבעטלאָזע. איסאַק מיט דער גרופּע אַרויס־געוואָרפענע אַרבעטער פונעם מאָדערן שאַפּ, האָבן זיך דאָרט געלאָזט הערן. די געשעענישן וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט אין יענעם שאַפּ האָט אָפּגעקלונגען צווישן די אַרבעטער אין די שעפער. פון מויל צו מויל האָבן אַרבעטער דאָס איבערגעגעבן, ווי אַ קליינע גרופּע געציילטע מענטשן פונעם באַרימטן „מאָדערן־שאַפּ״, וואו דער כיטרער באַלעבאָס קנוירעק הערשעוועט מיט אַן אייזערנער האַנט איבער דעם אַרבעטערס לייב און

לעבן, האָט אינדערשטיל זיך אָרגאַניזירט. און דורך אַ סטרייק וואָס האָט אפילו קיין טאָג נישט געדויערט, זיינען די פאַרשקלאַפטע אַרבעטער באַפרייט געוואָרן פון אַלע איבלען. די דאָזיקע מעשה איז אַזוי איבער־געגעבן געוואָרן מיט דעם פריילעכן אָנהויב — אויך . . . דעם טרויעריקן סוף, וואָס דער יוניאָן־פירער, דער ברודער רעקס — ער אַליין איז דער שולדיקער ! . . .

דאָס יוניאָן־צימערל איז ווי געוויינלעך געווען פול מיט געטומל פונעם ווינקל, וואו זאַוול מיט איסאַק'ן האָבן פּאָר אַ קרייז אַרבעטער דערציילט און דערציילט . . . אַרבעטער האָבן געפרעגט קשיות און גע־קראָגן ענטפערס. אַנדערע זיינען שטיל געשטאַנען נאָר מיט זייערע אַקסלען געהויבן, ווי זיי וואָלטן זיך נישט געוואָלט גלויבן אַט־דאָס וואָס זיי הערן. ס'טייטש, ווי איז עס מעגלעך, ווי ? . . .

אַ יונגער אַרבעטער, דאַר, אויסגעטריקנט, מיט אַ פּנים פון אַ סר־כאַטניק, האָט אומרואיק זיך צוגעהערט צו יעדעס וואָרט. דער ציגאַ־רעטל אין מויל ביי אים האָט בעת מעשה פון אויפרעגונג געציטערט, ווי ס'האָבן אויך געציטערט ביי אים די בלויע דינע ליפּן מיטן גאַנצן דאַרן גוף זיינעם. ער האָט מיט אַ שאַרפן אויג ווי פון אַ שפּיז אָנגעצילעוועט אויף דעם דערציילער. פּלוצים האָט ער אים אַ פרעג געטאָן :

— איר זענט עס אַט־דער איסאַק ? . . .

— יאָ.

— אַזוי ? ! איר זענט עס דער חברה־מאַן וואָס האָט אויפגעבורעט קנוירעק'ס מלוכה, האַ ? איך האָב געהערט פון אייך. נו, זייט וויסן, אַז מיך רופט מען „דער דאַרער קופּער", — האָט ער זיך אַליין פאָרגע־שטעלט.

זאַוול האָט זיך אָפּגערופן :

— איז דיר כאָטש באַקאַנט, קופּער, די פינצטערע ראָליע פון אונ־דזער יוניאָן־פירער, וואָס ער האָט מיטגעשפּילט, האַ ?

— כ'וויים אַלצדינג, זאַוול. שבת נאָכט ביי דער מיטגלידער־פאַר־זאַמלונג וועלן מיר אַט דעם ענין באַריידן.

דער אַרבעטער פישמאַן, איינער פונעם קרייז, אַ קורץ געפּאַקטער יונגערמאַן מיט אַ קאָפּ ווי ער וואָלט געלעגן צוגעשמידט צו די אַקסלען, האָט מיט אַ הויכן גלאָשנעם קול וואָס מען האָט געקענט הערן פון גאַנץ וווייט, צאָרנדיק זיך אַריינגעמישט, דרייענדיק בעת מעשה מיטן גראָבן

פינגער, ווי ער וואָלט לערנען אַ בלאַט גמרא:

— אַ מאָדנע זאַך. אין אַלע חזר׳ייען איז די יוניאָן שולדיק ביי זיי. באַמערקט: ס׳שטייט ביים יוניאָן־רודער אַזאַ אָרנטלעכער מענטש ווי רעקס. ער גיט אַוועק זיין צייט, זיין גאַנץ לעבן פאַר די אַרבעטער, און הונגערט! הערט אַ מעשה: פאַר צוועלף דאָלאַרעס אַ וואָך זאָל רעקס זיי געבן אַ הונדערט פּראָצענטיקע יוניאָן! — האָט פישמאַן בעת מעשה אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ.

ביי דעם דאָרן קופּער האָבן די אויגן זיך געקערט; דאָס ציגאַרעטל אין מויל האָט געציטערט צווישן די בלויע ליפּן בעת ער האָט סאַרקאַס־טיש באַמערקט:

— זע נאָר זע, ווי פישמאַן רייסט זיך אַזוי דעם פעלץ פאַר דעם ברודער רעקס וואָס הונגערט נעבעך! . . . זאָג מיר, פישמאַן, וויפיל מאָל צוועלף דאָלערס פאַרדינסטו אַ וואָך, פאַר פולע זעכציק שעה אַרבעט אין שוויץ־שאָפּקע ביי דעם טויבן זשמורע דאָרטן אין מאַרקעט סטריט? און בכלל, וואָס גייט אונדז אַרבעטער אָן, וויפיל רעקס קריגט שכירות אין דער יוניאָן? אויב רעקס האָט דאָרטן געמאַכט אַ פאַרטאַטשקן „דזשאַב!״

— דו ביזט זיכער אין דעם? — האָט פישמאַן זיך אָנגעצונדן, — דו קאָנסט אים, קופּער? דו ווייסט פון וואַנען אַט דער בחור האָט זיך דערנומען? אפשר גאָר האָט ער ביז איצט ערגעץ „געסקעבט״? הערט אַ מעשה: דעם ברודער רעקס וואָס מיר אַלע קאָנען אים פאַר זיין אָרנטלעכקייט, זאָלן מיר נישט גלויבן, און דעם־אָ וואָס קיינער ווייסט נישט פון וואַנען ער האָט זיך דערנומען, זאָלן מיר אַלצדינג גלויבן פאַר תורת לאָקשן! היתכן?

— דו האָקסט אַ טשייניק, — האָט זאָוול פּיפּקעדיק זיך אָפּגערופן,

— דו פאַרדעכטיקסט אַ מענטשן אין סקעבעריי דערפאַר, ווייל דו דאַרפסט דרייען מיטן גראָבן פינגער . . . מיך קאָנסטו? נו, זאָג! . . . זאָג איך אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז יעדעס וואָרט וואָס דער־אָ אי־סאָק דערציילט איז אמת: איך אַליין האָב מיטגעאַרבעט מיט אים. איצט זיינען מיר אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון קנוירעק׳ס שאָפּ, גלויבסטו איצט?

— ניין, איך גלויב אייך קיינעם נישט! — האָט פישמאַן געזאָגט

— איך האָב צו קיינעם פון אייך קיין צוטרוי נישט! פון אייערטוועגן וואָלטן מיר גאָר קיין „יוניע״ נישט געהאַט! — האָט ער היסטעריש פאַרענדיקט.

אַרבעטער האָבן זיך געשטויסן צום ווינקל. פישמאַנ׳ס הויכער קול האָט אַלעמען צונויפגעבראכט. אַ טייל פון זיי האָבן שוין צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, כאָטש זיי האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט קלאָר צו ווערן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. פאַר אַ־די מענטשן איז גענוג געווען וואָס פישמאַן מיט דעם הויכן קול איז אין שטאַנד צונויפברענגען אַלעמען און זיי פשוט צווינגען אים אויסצוהערן ; פאַר אַנדערע ווידער איז פישמאַן שטענדיק געווען דער גערעכטער מיט דעם, וואָס ער פאַרטיידיקט די אַד־מיניסטראַציע וואָס האָט צו זאָגן איבער דעם אַרבעטער׳ס פרנסה . . .

מיט אַ פאַרפלאַמטן פנים האָט איסאַק צוגעזען און צוגעהערט און געשוויגן. טיף אין האַרצן האָט אים וויי געטאָן הערנדיק די רייד פון אַ־דעם אַרבעטער פישמאַן, ווי ער שטייט צווישן אַ מאַסע אַרבעטער און פּריידיקט דעפּיטיזם ; ס׳איז נישט אמת, האָט ער געטראַכט. ער, איסאַק, קאָן אויך אַרבעטער ! די פאַקטן פונעם „מאָדערן־שאַפּ״, וואָס די מערסטע פון זיי זיינען ערלעך און זיינען גרייט געווען אויפצוהאַלטן די אויסגעקעמפטע מענטשלעכע באַדינגונגען — ווען נאָר דער יוניאָן־פירער, ברודער רעקס, וואָלט מיטגעהאָלפן — באַווייזט, אַז מ׳קאָן יאָ די אַרבעטער געטרויען ! מיט זיין גאַנצן נשמה־ציטער האָט איסאַק אין זיך פּראָטעסטירט קעגן די פאַלשע טענות פון אַ־דעם פישמאַן. ער האָט אָבער געשוויגן, ווי ער וואָלט ס׳לשון פאַרלוירן.

---

דער יוניאָן־מיטינג איז פאָרגעקומען אין אַ באַשיידענעם זאַל אויף דער איסט־סייד. פון ביידע זייטן זאַל זיינען געשטאַנען לאַנגע בענק באַזעצט מיט אַרבעטער. ס׳איז געווען שבת נאַכט. איסאַק האָט דעם אַרבעטער־עולם באַטראַכט מיט זייערע שבת׳דיקע מלבושים, ווי זיי זיצן און שמועסן צווישן זיך אַזוי ברידערלעך, מיט שיינענדיקע פּנימ׳ער, ווי זיי וואָלטן געקומען צו אַ היימישער חתונה, און געוואַרט פאַר דער חופּה־צערעמאָניע. אָבער קיין חופּה איז נישט פאָרגעקומען. אויבנאָן דאָרט, אונטער אַ געבלומט דעכעלע, וואו די כלה דאַרף זיצן און וואַרטן אַז דער חתן זאָל קומען, איז גאָר געזעסן דער פאָרזיצער — דער דאַרער קופּער. לעבן אים איז געשטאַנען דער סעקרעטאַר מיט אַ בוך אין די הענט און האָט פון דאָרטן געלייענט. איסאַק׳ס אויגן האָבן געוואַנדערט אַ טריט ווייטער — ביי אַ טישל דאָרט, וואו ס׳איז געזעסן דער יוניאָן־פירער, ברודער רעקס, און אין דער שטיל געשמועסט מיט זיין בוזים־פריינט,

דעם דיקלעכן פישמאַן. פּלוצים האָט דער פּאַרזיצער געדופן אויף דער טריבונע דעם געוועזענעם שאַפּ־פאָרשטייער פון מאָדערן־שאַפּ, דעם ברו־דער איסאַק, ער זאָל דערציילן . . .

און איסאַק האָט דערציילט . . . פונעם סיסטעם וואָס דער כיטרער באַלעבאָס האָט איינגעפירט דאָרטן, וואָס צעטיילט סיי די מענטשן, סיי די אַרבעט אין דריי פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס, און אין דריי נומערן, כאָטש די גאַנצע אַרבעט איז די זעלביקע; ער האָט דערציילט, ווי מען מוז אינמיטן דער אַרבעט אויף די פאַרשוויצטע לייבער אַרויפשלעפּן פון גאַס די באַנדלעך פינף שטאָק הויך . . . ער האָט דערציילט פון די שווע־רע טעג און שעה׳ן, וואָס מ׳לעבט איבער אין דעם שמוציקן שוויץ־שאַפּ, און די מורא פאַרן באַלעבאָס ער זאָל קיינעם נישט פאַרדעכטיקן אַז מען בורעט זיך קעגן זיין הערשאַפט . . . אין זאַל איז בעת מעשה שטיל גע־ווען, אַז מ׳האָט געקענט דערהערן ס׳קלאַפּן פונעם האַרץ; אויגן פול מיט צער און צאָרן האָבן זיך אָנגעשפּיצט אויף דער טריבונע, וואו דער יונגער איסאַק, אַן אויסגעבלייכטער, אַ צאַרטער איז געשטאַנען און האָט דערציילט דאָס וואָס זיי, די צוהערער, לעבן אַליין דורך פון זייערע באַ־לעבאַטים טאָג־איין, טאָג־אויס אין זייערע שוויץ־שעפּער. אַ מינוט שפּע־טער, ווען איסאַק האָט דערציילט, ווי אַ גרופּע פונעם שאַפּ האָבן אינ־דערשטיל דאָך זיך אָרגאַניזירט און דורך אַ קורצן סטרייק, געצוואונגען דעם באַלעבאָס צו קומען אין דער יוניאָן און נאָכגעבן אַלצדינג וואָס די אַרבעטער האָבן געפאָדערט, האָבן די זעלביקע אויגן פון די צוהערער גע־נומען אויפלייכטן.

נאָר אָט האָט איסאַק דערציילט, ווי דער באַלעבאָס פונעם מאָדערן־שאַפּ איז געשטאַנען אויף דער וואַך, געהיט זיינע באַלעבאַטישע אינטע־רעסן, געוואַרט אָנצופאַלן און זיך דערוואַרט ווען די באַנדלעך גייען אויס! . . . אָבער אונדזער פאַרטרעטער ברודער רעקס האָט פאַרנאַכ־לעסיקט אונדזערע אינטערעסן, זיך אַפילו אָפּגעזאָגט צו פאַרופן אונדזע־רע אַרבעטער פונעם שאַפּ צו זיך אין דער יוניאָן — ריידן צו זיי . . .
יאָ, — האָט איסאַק טרויעריק פאַרענדיקט, — דער ברודער רעקס איז באַגאַנגען קעגן אונדז אַ קרימינעלע נאַכלעסיקייט! . . .

— ווער איז אַ קרימינעלער, ווער? — האָט דער ברודער רעקס זיך אַ שטעל געטאָן, — שוין ברעך איך דיר דעם קאָפּ, דו גרינער היגטן, דו! דו! . . .

— שטיל דאָרטן! זעצט זיך אַוועק! — האָבן קולות זיך געטראָגן איבערן זאַל.

— אַ חוצפּה! אַ חוצפּה! דער ברודער רעקס איז גערעכט! — האָבן אייניקע זיך געוואָרפן.

דער געטומל האָט מיט אַ בייז־וואונדער זיך געטראָגן איבערן זאַל, און מיט יעדער רגע איז דער געטומל שטורעמדיקער געוואָרן: די בייז איצטיקע גאָר פריינטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אַזוי געמיטלעך גע־שמועסט צווישן זיך זיינען מיט אַמאָל קריגעריש געוואָרן און זיך צע־טיילט אין צדדים. איין צד — די לאָיאַלע צו דער אַדמיניסטראַציע, האָבן מיט פייערדיקע בליקן זיך אַ הויב געטאָן און האָבן זיך אַרומגע־שטעלט אַרום דעם טיש, וואו ס׳זיינען געזעסן דער ברודער רעקס מיט זיין בוזעם־פריינט פישמאַן. די איבעריקע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טריבונע און האָבן באַוואַכט דעם רעדנער איסאַק מיט זיין גרופּע פון שאָפּ. דער פאָרזיצער האָט גערופן צו אָרדענונג, זיך געבייזערט; דער געטומל האָט נישט אויפגעהערט. דער ברודער פישמאַן מיט זיין גלאָשנעם קול האָט דעם אומרואיקן עולם איינגעשטילט:

— איך זאָג, ברידער! — האָט פישמאַן ווי זיך באַקלאָגט — ס׳גייט שוין צו ווייט! מיר אַלע דאָ קאָנען אונדזער ברודער רעקס, אַ מענטש אַן אָרנטלעכער, ער פאַרטרעט אונדז שוין פון יאָרן. קומט צוגיין זיך אַ מענטשל, ווער ווייס פון וואַנען, באַשולדיקט אים אין קרימינעלע פאַרברעכנס. דאָס טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן, זאָג איך. אונדזער עק־זעקוטיווע וועט מוזן משפּט׳ן און גיך!

— גערעכט, ברודער פישמאַן, גערעכט! — האָבן מיילער אויסגע־רופן.

דער פאָרזיצער, דער דאַרער קופּער, האָט באַמערקט:

— גוט, ברודער איסאַק, איך גיי צוזאַמען מיט אייך צום געריכט.

---

אין אַ מיטנוואָכעדיקן פאַרנאַכט זיינען די ריכטער, די עקזעקוטיווע דעלעגאַטן, זיך צונויפגעקומען משפּט׳ן.

אויפן וואַרטונגס־באַנק זיינען געזעסן פיר עדות, די ארויסגעוואָר־פענע אַרבעטער פונעם „מאָדערן־שאָפּ״. דער דאַרער קופּער איז געקו־מען אין צייט. און ווי תמיד געהאַלטן אַ ציגאַרעטל צווישן זיינע בלויע דינע ליפּן און אַן אומרואיקער געשטאַנען איבער זיי, כאָטש ס׳איז געווען

גענוג ליידיק זיך־פּלאַץ; דערציילט האָט ער פאַר זיי, ווי תמיד, מעשות, עפּיזאָדן פון פאַך, וואו ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן נאָך אַלס איינגל; ווי אַזוי ער האָט געהאָלפן גרינדן די יוניאָן; די סטרייקס וואָס ער האָט געפירט . . . ער האָט אָן אַ שיעור מעשות געקענט דערציילן, דער דאַרער קופּער. איסאַק האָט זיך צוגעהערט, ער האָט געפילט אַ נאָענט־קייט צו אָט־דעם מענטשן. איבערהויפּט ווען ער, דער דאַרער קופּער, האָט זיך צערעדט וועגן יוניאָן־פּראָבלעמען. זיין געדאַנקען־גאַנג האָט שטענדיק געאַרבעט אין דער ריכטונג וואָס איסאַק׳ן איז געווען געפעלן.

דער משפט איבער איסאַק׳ן האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן. דער אָנקלאָגער האָט זיך נאָך נישט באַוויזן. אינעם יוניאָן־צימערל זיי־נען מענטשן געזעסן געשפּאַנט ווי אין אַ געריכט, וואו מען דאַרף איינעם משפּט׳ן איבער אַ געוואַלדיקן פאַרברעכן. אַ געלבלעכער גאַז־פלעמל האָט חוצפּה׳דיק זיך געריסן צו דער סטעליע, און דאָך נישט געקאָנט באַווייזן ווי געהעריק צו באַלייכטן דאָס קליינע צימער. אינעם האַלב־חושך האָבן פון די ווענט אַראָפּגעקוקט דער גוטער אַלטינקער קאַרל מאַרקס און דער שטאָלצער בליק פון לאַסאַל. געדאַכט האָט זיך, אַז זיי ביידע שטרענגען זיך אָן אויסצוהערן די פאַנטאַסטישע מעשות, וואָס דער דאַרער קופּער דערציילט.

דורך איין אָפּגעצאַמטער ברייטער טיר, אינעם צווייטן צימער, זיי־נען געזעסן די ריכטער. די מערסטע פון זיי באַיאָרטע פרומע אידן, מיט פאַרשיידנאַרטיקע בערד, רבנישע שוואַרצע קאַפּעליושן און טונקעלע מלבושים, זיינען זיי זיך געזעסן און צווישן זיך געפירט שמועסן וועגן קהל׳שע ענינים. אַ קליינער טייל פון זיי האָט זיך דאָרטן נישט אַריינ־געפּאַסט סיי מיט זייערע ריין־געראַזירטע פּנים׳ער, סיי מיט זייערע בגדים. דידאָזיקע מענטשן זיינען געזעסן יעדער פאַר זיך און האָבן גע־לייענט זייער צייטונג. אָבער יעדער פון אָט־די אַלע ריכטער איז אַהער געקומען נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין שוויץ־שאַפּ, און האָט געגאַרט אַז דער ברודער רעקס זאָל וואָס גיכער קומען אָנקלאָגן.

איסאַק האָט געפּרובירט צו שטודירן די אַלע פּנים׳ער פון זיינע ריכ־טער. ער האָט נישט געהאַט קיין געפיל פון מורא פאַר זייער אורטייל. ער האָט אויך נישט געפילט קיין חרטה, וואָס ער האָט דאָרטן ביי דער פאַרזאַמלונג זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן דעם ברודער רעקס. פאַר־קערט, אים, איסאַק׳ן, האָט גאָר הנאה געטאָן פאַר דעם. און איצט, צום

משפט, איז ער גרייט געווען דאָס איבער׳חזר׳ן מיט מער קוראַזש, מיט מער פּינקטלעכקייטן: ער וועט מיט פאַקטן באַווייזן, וואָס ער, איסאַק, האָט צוגעזען די שעדלעכע מעשים פון דעם כלומרשטן אַרבעטער־פאַר־טרעטער, ווי ער האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט דעם באַלעבאָס . . . איצט וועט ער פאַר אָט־די ריכטער אויפדעקן דעם ברודער רעקס אומפאַרשעמטן פּנים, און ערשט אים — דעם אָנקלאָגער — אָנקלאָגן ! . . .

דער דאַרער קופּער האָט אָנגעהויבן דערציילן אַ פאַנטאַסטישן עפּי־זאָד וואָס ער אַליין האָט דורכגעלעבט אינעם לעצטן סטרייק . . . צוביס־לעך האָט דער זייגער זיך אַוועקגערוקט פאַר האַלבע נאַכט, ביז יעדער פון זיי האָט זיך אויסגעשעפּט וואַרטנדיק, אָבער דער ברודער רעקס איז נישט געקומען אָנקלאָגן איסאַק׳ן. ערשט אויפצומאָרגנס איז מען גע־וואָר געוואָרן, אַז דער ברודער רעקס וועט מער נישט קומען אין דער יו־ניאָן; ער האָט געקויפט פאַר זיך אַ גאַר פיינעם געשעפט.

.9

מיט דעם וואָס דער ברודער רעקס איז אומגעריכט אוועק פון דער יוניאָן האָט ער די אַרבעטער קיין טובה נישט געטאָן. מחמת אַ צוויי־טער צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ איז נישט געווען אָנגעגרייט. דערווייל האָבן די באַלעבאַטים — זייענדיק פריי פון דער יוניאָן — געטאָן וואָס פאַר זיי איז געווען גוט.

דער סעזאָן איז געשטאַנען ביים שוועל. „באָנדלעך" אַרבעט האָבן זיך גענומען מערן אין די שעפּער. איינצייטיק זיינען ביי באַלעבאַטימלעך אויפגעקומען פון דער נאַכט, ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן. די אַלע באַ־לעבאַטים — נייע, אַלטע — האָבן צווישן זיך קאָנקורירט מיטן מקח אויף דעם אַרבעטער׳ס חשבון. דער רעזולטאַט: די שעה׳ן — לענגער און לענגער. שכירות — ווייניקער; ביי דער אַרבעט, ביי די מיטגליי־דער־פאַרזאַמלונגען און אין דער יוניאָן זיינען זיי, די אַרבעטער, געקומען מיט פּראָטעסטן, געפּאָדערט: אַ סטרייק זאָל שוין גערופן ווערן ! די עלטערע און שטילערע פון זיי האָבן צווישן זיך ס׳האַרץ אויסגערעדט:

— זעסט שמיל, אָן דעם ברודער רעקס איז נאָך ערגער.

— ווי דען ? כאָטש אַ שטיקל יוניאָן געווען, — האָט צוגעברומט שמיל.

ביי אַזעלכע געשפּרעכן פּלעגט דער דיקלעכער פישמאַן מיט דעם קורצן רויטן האַלדז, ווי פון דער ערד אויסוואַקסן, און מיט דער געזונטער געמבע, און אויף זיין גלאַשנעם קול, מיט אַ גמרא־ניגון האַלטן זיין בייע דרשה: „דעם ברודער רעקס האָבן אַ חברה זשוליקעס, טויגעניכטסן, פאַרטריבן, כדי צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. איצט ווען ער איז נישטאָ, האָבן זיי געקראָגן קאַלטע פּיס — אַט־די טרוסעס!״ . . .

פון פישמאַנ׳ס בייע דרשה האָט איסאַק געהאַט צער. געדאַכט האָט זיך אים, אַז פישמאַן מיינט אים, אַז ער, איסאַק, האָט עס בכיוון פאַר־טריבן דעם ברודער רעקס כאָטש באמת איז ער, איסאַק נישט דער שולדי־קער. דער פאַקט וואָס דער ברודער רעקס האָט אומגעריכט, אין אַ ביטע־רער צייט, איבערגעלאָזט די אַרבעטער אויף הפקר, און איז זיך אַוועק און געקויפט אַ פּריוואַטן געשעפט, באַווייזט, ווער דער שולדיקער איז תמיד געווען.

אָבער מער פון אַלץ האָט איסאַק׳ס האַרץ געווייטיקט אויסצוהערן די טענות פון שאַפּ־חבר סאָקאָל. אַז ער, סאָקאָל, האָט נאָך פון פריער געוואוסט וואָס דער סוף וועט זיין! נאָכמער: די איבעריקע פון דער „אַרויסגעוואָרפענער״ גרופּע הערן זיך צו צו דעם וואָס סאָקאָל האַלט כסדר אין טענה׳ן, און שווייגן מיט פּנים׳ער וואָס זאָגן עדות, אַז זיי זיי־נען מסכים וואָס סאָקאָל רעדט, און דאָס איז שוין דאָס ערגסטע . . . וואָרים פאַר איסאַק׳ן איז נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז סוף־כל־סוף וועלן די פאַרבליבענע אַרבעטער דאָרטן ביי קנוירעק׳ן מוזן רעוואָל־טירן. איסאַק האָט מיט היסטאָרישע פאַקטן געפּרואווט פאַר זיי צו באַ־ווייזן, אַז איינמאָל באַפרייטע מענטשן קאָנען לאַנג קיין קייטן אויף זיך נישט טראָגן!

גערעכט איז געווען איסאַק. אין אַ פרימאָרגן זיינען אינעם יוניאָן־צימער דערשינען צוויי אַרבעטער פון די פאַרבליבענע אין קנוירעק׳ס שאָפּ — מייק דער איטאַליענער און פייווקע מילנער. זאַלבענאַנד זיי־נען זיי מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן, פאַרשולדיקטע געשטאַנען פאַרן דאַרן קופער. ער, דער דאַרער קופער, האָט זיי ביידן דווקא וואַרעם אויפ־גענומען. פייערדיק האָט ער אויסגערופן: „אירביידע זענט דער סימ־באָל פונעם באַלדיקן גענעראַל־סטרייק!״

10

נאָך אַ מאַסנפאַרזאַמלונג וואָס די יוניאָן האָט פאַררופן, האָט דער דאַרער קופער געלאַדן איסאַק׳ן צו זייער אַ וויכטיקער קאָנפערענץ פון

יוניאָן־טוער.

פון אָט־דער קאָנפערענץ האָט איסאַק אַהיים געשפּאַנט מיט אַ גע־הויבענעם קאָפּ. ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט. די גאַס איז שטיל געווען, אָבער פאַר אים האָט די גאַס געלעבט, גערוישט. גע־דאַכט האָט זיך אים, אַז ער שפּאַנט דורך מאַסן מענטשן וואָס שטייען פון ביידע זייטן גאַס און ער שפּאַנט אינמיטן צווישן זיי און הערט און זעט ווי מ'באַגריסט אים פאַר דעם גרויסן כבוד וואָס זיין יוניאָן האָט אים אָנגעטאָן — אים, דעם שניידער־געזעלן, מיט וועלכן דער היימישער שניידער־באַלעבאָס פּלעגט זיך שאַפן ווי מיט זיינס אַ משרת, זיך איזדיעקעווען איבער אים . . . און איצט וועט ער האָבן דעם אויפ־זיכט איבער דעם פּיקעט־קאָמיטעט — היטן די שעפּער פון סטרייק־ברע־כער! ער מוז עס שרייבן צום טאַטן און שרייבן וועט ער אים פון אַלצ־דינג . . . און געזען האָט ער שוין, ווי דער טאַטע לייענט זיין בריוו, ווי ער ציטערט פון פרייד וואָס ער, ביים לעבן נאָך, דערלעבט נחת פון זיין איינציקן זון!

נאָר ווען ער, איסאַק, איז אַ היים געקומען, די טיר געעפנט, איז די פרייד פאַרשטעקט געוואָרן ערגעץ ביי אים און אַ טונקלקייט האָט אים איינגעהילט. עני איז איינגעשלאָפן מיט איר פּנים איבערן בוך ביים קיך־טיש; פונעם שלאָפצימער האָט זיך דערטראָגן מיסעס הערמאַנ'ס אָפּ־טער זיפץ. אויף די פינגער־שפּיצן איז ער צוגעטראָטן נעענטער צו איר, צו עני'ן, איר איינגערוימט אַ סוד:

— עני . . . באַגריס מיך, טייערע . . .

עני האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, זיך אַרומגעקוקט אין דער טונקלקייט. געדאַכט האָט זיך איר, אַז דאָס איז אַ חלום, אַ גוטער חלום. זי האָט געצוקט מיט אירע שמאַלע אַקסלען:

— דו . . . איסאַק?

זי האָט מער אַ וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידן. דעם גאַנצן טאָג האָט זי מיט איר מאַמע געוואַרט מיט אומגעדולד ביז שפּעט אין אָוונט, אַז ער, איסאַק, זאָל כאָטש קומען עפּעס עסן פאַר אַ גאַנצן טאָג. די מאַ־מע האָט אַ חוץ אַלעמען געגאַרט זיך דורכצושמועסן מיט אים, איר צו־קונפטיקן איידעם, פאַר זיין נישט נאָרמאַלע פירונגען מיט זיין פאַרדאַרבן זיך. איז זי, די מאַמע, געזעסן און זיך באַקלאָגט פאַר איר טאָכטער, אַז איסאַק מוז אוודאי האָבן פרישע צרות אין פּלאַץ וואו ער אַרבעט. ער

עסט נישט אין צייט און ווען ער קומט רעדט ער אַ וואָרט נישט אויס. און ווען זי פּרואווט ריידן צו אים, זיצט ער פאַרטראַכט. „וואָס טראַכט ער ?" — האָט זי געפרעגט. נישט אַנדערש נאָר עפּעס האָט געטראָפן צו אים און מ'פאַרבאַהאַלט פון איר . . . עני האָט באמת נישט געוואוסט וואָס דער מאַמען צו ענטפערן. איסאַק האָט פאַר איר גאָרנישט ניט דערציילט. הגם זי אַליין, מיט איר שאַרפן אינסטינקט, האָט זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן די לעצטע צייט. אַצינד האָט זי אים באַטראַכט מיט נשמה־ציטער אַ שווייגנדיקע. איסאַק האָט געזאָגט:

— שווייג נישט, טייערע, באַגריס מיך פאַר מיין פּאָזיציע אין מיין יוניאָן. שווייג נישט, איך בעט דיך.

ער האָט איר אַרומגענומען און האָט געקוקט אין אירע שוואַרצע אויגן ווי זיי גריבלען זיך, און אויף אירע שמאָלע רונדע אַקסלען וועלכע האָבן געצוקט אונטער זיינע הענט. זי האָט פאַרשנדיק געפרעגט:

— וועלכע פּאָזיציע ?

— אָ, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, — ס'איז זיכער מיין שולד, וואָס ביז איצט האָב איך גאָר פאַר דיר נישט דערציילט. ס'איז נישט געווען וואָס, טייערע. איצט דערצייל איך דיר מיט פרייד, אַז מיין יו־ניאָן רופט אַרויס די אַרבעטער פאַר אַ גענעראַל־סטרייק, און מיך האָט מען אויסגעקליבן אָנצופירן מיט דעם פּיקעט־קאָמיטעט, היטן די שע־פער פון סקעבס. איז עס נישט גרויסאַרטיק, טייערע ?

זי האָט פריידיק אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זי האָט גע־זאָגט:

— ענדלעך . . . אַצינד וועסטו ווערן אַ באַרופענער מענטש ! וועסט ווערן באַרימט, מיין גרויסער פירער !

— ניין, עני טייערע, — האָט ער שמייכלענדיק געזאָגט, — דו פאַרקריכסט אָן דער זייט. מיין וועג וויל איך גיין, דעם וועג וואָס איך האָב שוין פון לאַנג אָנגעצייכנט — צו די אַרבעטער אין די שעפּער ! איך גיי זיי ברענגען ליכט, איך גיי זיי ברענגען פרייד אין וואָס זיי בוי־טיקן זיך אַזוי ! איך וועל קומען, איך וועל ריידן צו זיי, צו די אַרבע־טער, זיי זאָלן אויסגלייכן זייערע רוקנס. זיי זאָלן וואַרפן די אַרבעט און קעמפן פאַר מענטשלעכע באַדינגונגען, אָט־וואָס !

— און דעמאָלט ? דעמאָלט ווען דער סטרייק וועט געוואונען ווע־רען, וועלן די מאַסן דיך באַגריסן. וועסט שטייגן העכער און העכער,

מיין גרויסער פירער!

ער האָט זיך צעשמייכלט און געזאָגט:

— איך באַוואונדער דיין רייכע פאַנטאַזיע, עני טייערע. איטשע דעם טלית־מאַכער זון האָט זיכער נישט אַזעלכע אַמביציעס.

— אַזוי פיל איך, מיין ליבער. דורך מיינע טעג ביי דער אַרבעט און דורך שלאָפלאָזע נעכט האָב איך עס אויסגע׳חלום׳ט . . . דיין הוסטן מיט דיין אָפטן ווייבען אין שלאָף שרעקט מיך! איך וויל דיך נישט פאַרלירן, איסאַק . . .

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט ער זיך צעלאַכט, — ווי דאָס מיידעלע האָט זיך צעפּיעסטשעט גאָר! . . . גיב בעסער עפּעס עסן, איך בין הונגעריק! — יאָ, מאָרגן אַרבעטסטו נישט. אַ יום־טוב וועלן מיר פּראַוועו לכבוד מיין נייער פּאָזיציע. זאָג עס דער מאַמען.

— וועסט זיכער חרטה האָבן. די מאַמע קלייבט זיך מיט טענות. איך בין דיר אסור מקנא.

---

די נאַכט איז איסאַק רואיק געשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אַ ליכטיקע דעצעמבער־זון אים באַגריסט. מיט אַ פריילעך געמיט איז ער פון בעט אַרונטער, זיך געוואַשן און אָנגעטאָן די שבת־דיקע מלבושים. צום פרישטיק האָט די מיסעס הערמאַן אים פריינטלעך באַגריסט. זי האָט אַ וואונק געטאָן צו עני׳ן, אַז זי, עני, זאָל אים באַדינען ביים טיש, און אַליין זיך ביים טיש געזעצט און באַמערקט צו איסאַק׳ן:

— נישקשה, אַ מאַמע מעג אַמאָל אויך ווערן באַדינט.

— זיכער, — האָט איסאַק צוגעגעבן, — איך וואָלט עס גערן אַליין געטאָן, זאָל איך?

— אַ שיינעם דאַנק דיר, מיין זון. זע, זאָלסטו לעבן, וואָס פאַר אַ יום־טוב איז עס היינט ביי דיר?

— אַ גרויסער יום־טוב! מיין יוניאָן רופט ארויס אַ גענעראַל־סטרייק, איך וועל דאַרטן זיין פאַרנומען, דערפאַר פּראַוועו מיר היינט אַ יום־טוב צום געדענקען!

זי האָט געשוויגן מיט אַ פּנים, ווי זי וואָלט נישט אויפגעכאַפּט זיין דערקלערונג. ער האָט געפרעגט:

— האָט איר שוין עפּעס צוגעגרייט צו אונדזער חתונה? זעט, ווען וועט עס זיין?

— אַ שיינער חתן! — האָט זי געשמייכלט, — אַ שבת פאַר פּורים האָבן מיר באַשטימט.

— זע, עני, גיב דאָרטן אַ קוק אויפן קאַלענדאַר, ווען קומט עס אויס? — האָט זי געוואָלט וויסן.

— וואָס, מאַמע, ווילסטו אויפטאָן צו אונדזער חתונה? — האָט עני שטיפעריש געפרעגט, — דענקסטו אפשר מיך צו פאַרשלייערן אין אַ ווייסער חופּה־חלייד מיט אַ לאַנגע שלעפּ און מיך לאָזן זיך פירן ווי אַ גולם?

די מאַמע ביילע, פול מיט צער פון אירע רייד, האָט בייזלעך געענטפערט:

— אוודאי דענק איך אַזוי און נישט אַנדערש. דיין מאַמע האָט גענוג בלוט פאַרגאָסן פאַר דיר, מעג זי אויך האָבן אַביסל נחת. טאָ האָרך זיך צו: איך האָב שוין געזען אַ זאַל פאַר אייער חתונה — דעם שיינעם גרויסן זאַל אין לודלאָוו סטריט. דו, מיין קינד, וועסט אָנטאָן אַ ווייסע חופּה־קלייד, ווי אַלע אידישע טעכטער! ס'וועלן זיין כלי־זמרים, אַ חזן, מיט אַלצדינג ווי אַ אידישע חתונה דאַרף זיין! אַ חתן, מיין קינד, האָסטו געהאַט די דעה וועמען אויסצוקלייבן, אָבער ווי אַזוי צו פראַווען אייער חתונה האָב איך די דעה!

— די מאַמע איז גערעכט, — האָט איסאַק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַזוי פּסקנ'סטו? און ביי דיר, איסאַק, איז רעכט מיך צו פאַרשלייערן און זיך לאָזן פירן ווי אַ גולם? — האָט עני פּראָטעסטירט.

מיסעס הערמאַן האָט אָפּגעזיפצט און אַ דערצאָרנטע זיך געקליבן פון טיש.

דאָס טיר־גלעקל האָט זיך צעקלונגען. דער דאַרער קופּער איז אריינגעקומען מיט אַ וויכטיקן יוניאָן־ענין צו איסאַק'ן.

איסאַק האָט דעם גאַסט באַקענט, געבעטן זיצן. מאַמע און טאָכטער זיינען פאַר אַ ווייל פאַרשוואונדן פון טיש, און באַלד איז די מיסעס הערמאַן צוגעקומען צום גאַסט און מיט איר גוטמוטיקן פּנים געפרעגט:

— איר וועט אפשר עפּעס עסן מיט אונדז, מיסטער קופּער? איך האָב אייגענע געמאַכטע געמאַנירטע הערינג... אַ גוט גלעזל קאַווע מיט

קיכלעך — —

זי האָט אויסגערעכנט פון אַלע מאכלים וואָס געפינען זיך ביי איר אין שטוב, און איידער וואָס־ווען, איידער דער דאַרער קופּער האָט אַ וואָרט געענטפערט, איז דער טיש אַרום אים שוין געווען פול מיט אַלע מינים פּאָטראַוועס. דער דאַרער קופּער האָט זיך היימיש געמאַכט און זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן . . . נאָכדעם האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל און האָט געזאָגט:

— איסאַק ברודער, ביזט אַריינגעפאַלן צו אייגענע מענטשן, זע איך . . .

ער האָט אים מעשה גוטער ברודער אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און פאַר אַלעמען אָנגעהויבן צו דערציילן ווי ער איז אינעם פאַך פון קינד־ווייז אָן, ווען ער האָט נאָך געטראָגן קינדערשע הייזקעס, האָט ער שוין געאַרבעט ביי יאַנקל פלאָם אין טשערי סטריט. ער האָט דערציילט, ווי ער האָט געהאָלפן גרינדן די יוניאָן . . . געהאָלפן אָנפירן סטרייקס, ווי אַזוי ער האָט אויסגעהיט שעפער פון סטרייק־ברעכער, זיך געראַנגלט מיט די באַלעבאַטישע שלעגער און געכאַפּט קלעפּ. און אַמאָל אין אַ סטרייק, טאַקע ביי אָט־דעם יאַנקל פלאָם, אין טשערי סטריט, איז ער פון באַלעבאָס׳ שלעגער שיעור־שיעור נישט דער׳הרג׳עט געוואָרן! . . .

שוידערלעכע מעשות האָט דער דאַרער קופּער דערציילט. געמיינט האָט ער מיט די מעשות נישט מער ווי זיך צו באַרימען מיט זיין העלדישקייט, אָבער פאַר דער גינציקער מיסעס הערמאַן האָט יעדעס וואָרט זיינס געדינט ווי אַ וואָרענונג. אָן אויפגעציטערטע האָט זי פון טיש זיך אַ הויב געטאָן. אין אַ שווערן געמיט דער טאָכטער פאַרן האַנט גענומען און זי אין צווייטן צימער אַריינגעצויגן. מיט פאַרבראָכענע הענט האָט זי זיך אַ וויינענדיקע געבעטן:

— טאָכטער, מיינע, האָב רחמנות — —

.11

אין אַ מיטנוואָכעדיקן טאָג, צען אַזייגער פאַר מיטיק, האָט איסאַק מיט דעם סטרייק־קאָמיטעט זיך פּלוצים באַוויזן אין די שניידער־שעפּער, דערלאַנגט יעדן אַרבעטער אין האַנט דעם סטרייק־רוף פון זייער יוניאָן, געדרוקט מיט גרויסע רויטע אותיות.

אַרבעטער האָבן תיכף אָפּגעשטעלט די אַרבעט. די באַלעבאַטים האָבן צוגעקוקט דערשטוינטע. אַ טייל פון זיי — דערשלאָגן, וואָס זייער אַרבעט איז געבליבן נישט דערמאַכט. זיי האָבן אָבער געשוויגן. אָבער דער גרעסטער טייל באַלעבאַטים האָט פּראָטעסטירט, און מיט חוצפה באַגעגנט די אומגעבעטענע געסט — דעם סטרייק־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן מיט געוואַלד צו צעשטערן זייערע געשעפטן. די באַלעבאַטים זיינען געבליבן מיט זייער פאַרדרוס . . .

ווען דער סטרייק־קאָמיטעט האָט זיך דערנעענטערט צו גודמאַנ׳ס שאַפּ, האָט איסאַק׳ן געקלאַפּט דאָס האַרץ אַביסל שטאַרקער, ווייל אי־סאַק האָט גוט געקאַנט זיין אַלטן באַלעבאָס — דעם שמייסער־יונג מיט זיין זשעדנעקייט נאָך געלט . . . די טיר איז דאָרטן געווען צוגעשלאָסן, בעת מען האָט אינעווייניק גאַנץ געשמאַק געאַרבעט . . . די טוער פונעם קאָמיטעט, פּייווקע מילנער און מייק, זיינען אַריין אין אַ צווייטן שאַפּ אין דער געביידע, און דורך אַ פענצטער אויפן „פייער־עסקייפּ״, מיטן לייטערל צוגעקומען צו גודמאַנ׳ס שאַפּ . . . די מערסטע אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט. אַן עלטערער איד האָט מיט אַ גמרא־ניגון זיך צע־טענה׳ט:

— איר ווילט אויספירן צו אַרבעטן ווייניקער שעה׳ן ?! מה־דאָך אַז איך אַרבעט זעקס טעג ביז שפּעט ביינאַכט, פאַרדין איך וואַסער אויף קאַשע, אַ פּשיטא אַז איך וועל ווייניקער אַרבעטן ? — —

— איר וועט קריגן מער געלט פאַר אייער אַרבעט — האָט מען אים געפּרוּווט דערקלערן.

דער באַלעבאָס גודמאַן איז צוגעקומען און חוצפה׳דיק געזאָגט אי־סאַק׳ן:

— ביזט געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער אין דער „יוניע״, זע איך . . . אין קנוירעק׳ס שאַפּ, וואו דו אַרבעטסט, ועסטו נישט קריכן; וועסט נישט סמייען ! . . .

— זאָרגט נישט ! — האָט איסאַק אים פאַרזיכערט, — מיר וועלן אַהין אויך גיין. מיר וועלן סמייען !

ביי איסאַק׳ן האָט ס׳בלוט אַ זיד געטאָן און ער האָט געזאָגט:

— ברידער, מיר גייען שוין אַהין ! מיר מאַרשירן צו קנוירעק׳ס שאַפּ !

ווען זיי זיינען אַהין געקומען האָט זיי פאַרן קאָרידאָר־טיר דאָרטן באַגעגנט פּאָליציי און אומבאַקאַנטע יונגען . . .

פון באַגינען האָט אויפגעריסן אַ קאַלטער דעצעמבער־ווינט. איבער אַלעמענס קעפּ — אַ גראָער הימל. דינינקע שנייעלעך, ווי פּוכאָווע ווייסע פּעדערלעך, האָבן אַקראָבאַטיש זיך געקערט אין דער לופטן. די גאַסן זיינען געווען פאַרלאָזט. בלויז אַרום דעם קלינטאָן־זאַל האָט גע־שווימלט מיט לעבן: די קאָרידאָר־טירן האָבן זיך דאָרט כסדר באַוועגט. סטרייקער האָבן זיך געצויגן אין זאַל אַריין.

ס'איז שוין געווען קרוב צו צוויי וואָכן זינט דער סטרייק איז פון דער יוניאָן אַרויסגערופן געוואָרן.

די קליינע באַלעבאַטים זיינען תיכף גרייט געווען אַלצדינג נאָכ־צוגעבן, אָבער די גרעסערע, די מער־פאַרמעגלעכערע פון זיי, האָבן דווקא זיך איינגעע'עקשנ'ט. דערווייל האָבן די סטרייקער געהיט זייערע שע־פּער פון סקעבס; געכאַפּט קלעפּ פון פּאָליציי און פון דעם באַלעבאָס' געדונגענע שלעגער.

יענעם אינדערפרי האָט די יוניאָן גערופן די סטרייקער צו אַ פאַר־זאַמלונג. זיינען די אַרבעטער געקומען און האָבן אָנגעפילט דעם גרויסן קלינטאָן־זאַל, און האָבן מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און אויערן געזעצן און זיך צוגעהערט צו דעם דאַרן קופער — דעם פאָרזיצער פון דער פאַר־זאַמלונג:

— ברידער סטרייקער! — האָט ער אָנגעהויבן בעת אין זאַל איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־עלמין, — עס ווערט איצט צוויי וואָכן, ווי מיר זיינען אַרויס אין קאַמף — —

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, דער פאָרזיצער, און זיך צוגעהערט צו די ברידער זאַוול, מייק דער איטאַליענער און פייווקע מילנער פונעם סטרייק־קאָמיטעט, וועלכע זיינען צו אים געקומען מיט אַ וויכטיקער שליחות. זאַוול, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער, ס'קעפּקע אַרונטערגע־רוקט איבער זיין האַלבן שטערן, און מיט זיין פייקע באַמבלענדיק צווישן די ליפּן, האָט עפּעס פאַררוימט אַ סוד דעם פאָרזיצער און איסאַק'ן, אויף דער טריבונע. דער פאָרזיצער איז פאַר אַ ווייל געבליבן אָן לשון, און באַלד האָט ער דערקלערט:

— איך וועל דערציילן אָפן פאַר אַלעמען וואָס ס'האָט פּאַסירט: ביים באַלעבאָס קנוירעק פונעם „מאָדערן־שאָפּ" סקעבט מען. אויפן גאַס שטייט פּאָליציי און שלעגער, האָבן אונדזערע מענטשן זיך געפּרוּווט זען מיט דעם דאָרטיקן סקעב־פירער — פיליפּקע. מיר האָבן צו אים

גערעדט . . . און פּיליפּקע האָט זיך געשוואָרן, אַז ער וועט מער נישט גיין סקעבן! מיר האָבן אים אַפּילו געגעבן אַביסל געלט אויף וואָס מען באַדאַרף . . . היינט אין דער פרי איז דער חברה־מאַן צוריק אַוועק אַהין. ער לאַכט אונדז אויס, אַפּנים!

דער אויפגעברויזטער עולם האָט געשטורעמט:

— איך וויל אַ וואָרט, ברודער פאָרזיצער!

— פאָרזיצער — —

— ברודער קופּער! — —

דער פאָרזיצער, ברודער קופּער, האָט געקלאַפּט מיטן האַמער, אַז דער עולם זאָל זיך איינשטילן, אָבער דער עולם האָט נישט אויפגעהערט זיך צו ווענדן צום פאָרזיצער מיט עצה׳ס. פון אַ זייטיקן ווינקל האָט אַן עלטערער מענטש געפּרואווט אַלעמען איבערשרייען. צום סוף, ווען ער האָט גאָר נישט דערגרייכט מיט זיין שרייען, האָט ער זיך דורכגעשטופּט צו דער טריבונע און פון דאָרטן גערופן די פאַרזאַמלטע:

— ברידער! — האָט ער מיט אַלע כוחות זיך צעשריען מיט אויסגעשפּרייטע הענט, — לאָמיר אַלינקע אַהין גיין, און ארונטערשלעפּן פאַר די טשופּרינעס דעם פּיליפּקע־ממזר, מיט די אַלע סקעבאַטשעס, ווי די הינט!

— מיר גייען! — האָבן שטימען פאַרהילכט דעם זאַל.

דער אויפגערעגטער עולם — אַלע ווי איינער — האָט זיך אַ הויב געטאָן. דער דאַרער קופּער, אַ ציטערדיקער, האָט פיבעריש געאַרבעט סיי מיטן האַמער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין קלאַפּן, און סיי מיטן מויל, וואָס ער האָט גערופן דעם אויפגערעגטן עולם זיך צו באַרואיקן, און נישט געהאַט קיין דערפאָלג. אין אָט־דער קריטישער לאַגע האָט איסאַק צוגעטראָטן נעענטער צו דער טריבונע. דער אויפגערעגטער עולם איז פּלוצים שטיל געוואָרן. דער פאָרזיצער האָט פאָרגעשטעלט פאַר זיי דעם געוועזענעם שאַפּ־פאָרשטייער פון קנוירעק׳ס מאַדערן־שאַפּ: „אַ רעוואָלוציאָנער און אַ טאַלאַנטפולער רעדנער, ברודער איסאַק!"

אין זאַל איז שטיל געוואָרן. דער אויפגערעגטער עולם האָט זיך באַרואיקט, זיך צוריק געזעצט אויף די פריערדיקע פּלעצער. אויגן, אויערן, האָבן זיך אָנגעשפּיצט, זיך איינגעגראָבן אין דעם בלאַסן יונגענמאַן, וואָס דער דאַרער קופּער רימט אים אַזוי:

„ברידער אַרבעטער! — האָט איסאַק אָנגעהויבן מיט אַ ווייכן . . .

שטילן קול, — איך לעב אַצינד דורך דעם גרעסטן מאָמענט פון מיין לעבן. אייער אויפברויז האָט מיך דערפרישט. מיר געגעבן נייע כוחות צו קעמפן פאַר אונדזער רעכט, — זיך צו אָרגאַניזירן. פאַר אונדזער רעכט באַהאַנדלט צו ווערן פון אונדזערע ברויט־געבער ווי מענטשן, ניט ווי קנעכט״! . . .

אַפּלאָדיסמענטן האָבן זיך געטראָגן פון יעדער ווינקעלע פונעם גרויסן זאַל. איסאַק׳ס ווייכער קול האָט אַצינד זיך געהערט שטאַרקער:

— ברידער מיינע! — האָט ער ווידער אָנגעהויבן — מיר מוזן זיך אָבער לערנען די קונסט, ווי אַזוי צו פירן דעם קאַמף, טאַקע פון אונדזערע שונאים — די באַלעבאַטים! זיי, די שונאים אונדזערע — די באַלעבאַטים, באַקעמפן אונדז מיט אַ סיסטעם פון פּאָליציי, מיט גע־דונגענע שלעגער. און מיר? מיר קאָנען זיי בלויז באַקעמפן מיט אַ סיסטעמאַטישע גוט־דיסציפּלינירטע פירערשאַפט. און איך אַפּעליר צו אייך, ברידער מיינע: ווער פון אייך איז ווילּיק אונדז — דעם סטרייק־קאָמיטעט — מיטצוהעלפן אין דער היילּיקער אַרבעט, זאָל איבערגעבן זיין נאָמען צו אונדזער פירער פון סטרייק־קאָמיטעט, ברודער קופער! זענט איר צופרידן, ברידער?

— צופרידן! — האָט דער גאַנצער עולם ווי אויסגעדונערט.

— — — — — — — — — — — — —

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען איסאַק איז אַ היים געקו־מען אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער. די געטרייע מיסעס הערמאַן האָט אים באַדינט ביים עסן, און בעת מעשה מיט טרערן אין אירע אויגן זיך געבעטן, ער זאָל רחמנות האָבן און זיך מער נישט מישן אינעם סטרייק. עני איז דערביי געזעסן ביים טיש און געלייענט אַ בוך. איר מאַמעס טענות זיינען פאַר איר שוין געווען גוט באַקאַנט, פון זינט דער דאַרער קופער איז צוגאַסט געווען ביי זיי מיט אַ שליחות פאַר איסאַק׳ן, און ער האָט דעמאָלט דערציילט זיינע שוידערלעכע מעשיות און פון דער גרוי־סער געפאַר וואָס שטעקט אין דעם, וואָס ער אַליין איז אַן עדות. פון דעמאָלט אָן איז די געטרייע מיסעס הערמאַן אַ נאַכט נישט געשלאָפן און איינגע׳טענה׳ט מיט איר טאָכטער, אַז זי זאָל פועל׳ן ביי איסאַק׳ן, ער זאָל זיך מער נישט מישן אין סטרייק. עני האָט איר מאַמע באַרו־איקט מיט דעם, אַז דער דאַרער קופער, ווי די מאַמע האָט אים געזען, קוקט אויס געזונט און מוטיק און ס׳האָט אים גאָרנישט געשאַדט . . .

אַצינד ,ווען די געטרייע מיסעס הערמאַן האָט אָנגעהויבן מיט אי־רע טענות צו אים, האָט ער מיט אַ שמייכל אויף זיין מידן פּנים גע־פּרואווט מיט אַלע מיטלען אויסצולאַכן און צונישט מאַכן די אַלע שווי־דערלעכע מעשות וואָס דער דאַרער קופּער האָט געהאַט דערציילט. און ווען ס'האָט נישט געווירקט, האָט ער געפּרואווט דערקלערן, אַז העכ־סטענס נאָך איין טאָג אָדער צוויי און קנויערק'ס שאָפּ וועט אָרגאַני־זירט ווערן, און נאָכדעם וועט מען זיך נעמען גרייטן צו זייער חתונה...
דאָס צוגרייטן האָט זיך שוין כמעט אָנגעהויבן. מעכעלע האָט אים פאַר־זיכערט, אַז ער אַראַנזשירט אַ גאַנצע קאַפּעליע זינגער, שפּילער און ער גרייט צו גאָר אַ נייעם קרענצל לידער. מיסעס הערמאַן האָט זיך צו־געהערט אַ שווייגנדיקע, אָבער גאָר נישט קיין באַרואיקטע.

נאָכן עסן האָט איסאַק געפּרואווט זיך צושפּאַרן אויפן דיוואַן צו כאַפּן אַ דרעמל. און ער האָט געבעטן עני'ן אים אויפצואוועקן באַגי־נען, כדי צו טרעפן זיך מיט דעם סטרייק־קאָמיטעט. נאָר ווי גיך ער האָט איינגעדרעמלט, האָט אים זיך אויסגעדוכט, אַז ער זעט פייערדיקע גרויסע רעדער דרייען זיך פאַר זיינע אויגן, די רעדער רוקן זיך אַלץ נעענטער צו אים. זיי ברענען אים דאָס פּנים . . . ער פילט ווי ער ווערט פאַרצערט פון די פלאַמען . . . ער פאַלט אין אַ פינצטערן תהום!...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ היסטערישן אויסגעשריי. די מאַמע מיט דער טאָכטער זיינען דערציטערטע אַריינגעלאָפן און אים געפרעגט:

— וואָס איז געשען, איסאַק?

— גאָרנישט, — האָט ער זיי באַרואיקט, — די נערוון האָבן זיך צעהוליעט.

די מיסעס הערמאַן איז אַ ציטערדיקע געשטאַנען און באַטראַכט זיין בלאַסן אויסגעצערטן פּנים. זי האָט געזאָגט:

— ביסט קראַנק, איסאַק. איך גיי ברענגען אַ דאָקטאָר!

ער האָט זי באַרואיקט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— ווי איך זע, ווילט איר מיר קראַנק מאַכן . . . הערט, גוטע פרוי: איך קען עס זיך איצט נישט פאַרגינען. איצט שטייען מיר אויפן שוועל צו באַזיגן אַ גרויסן שונא, ווילט איר מיך האַלטן צוגעשמידט אין בעט, ווייל אייך דוכט זיך אויס אַז איך בין קראַנק?

ער האָט גערעדט אין אַ שפּאַסיקן טאָן וועגן זיין קראַנקהייט און

געוויזן איר ווי שטאַרק ער איז, זיך אויפשטעלנדיק מיט געביילטע פויסטן . . . מיסעס הערמאַן האָט זיך אויסגעדרייט פון אים אַן אומ־צופרידענע. ענֿי האָט זיך געזעצט לעבן אים אַ פאַרטראַכטע . . . זי האָט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף זיין ברוסט, אים אויסגעקושט די אויגן, געדריקט אים צו זיך, זי האָט געזאָגט:

— ביזט געדעכט, איסאַק. וועסט גיין און זיגן, מיין גרויסער פּי־רער!

זי האָט דעם קאָפּ אויפגעהויבן און פאַר׳חלום׳ט געקוקט דורך די פאַראַפּיעטע שויבן אינעם פינצטערן דרויסן אַרויס. הויך אויפן הימל איז געשטאַנען אַ רואיקע זילבערנע לבנה. פונעם נאָענטן איסט ריווער האָבן פייערלעך אויפגעבליצט און זיך געלאָשן. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו אים און געטראַכט פונעם זיג וואָס איר העלד — דער גרויסער פּי־רער, גייט באַנגעגענען מארגן . . . מאָרגן . . .

12

אַ בליאַסק אויף טאָג. אַ געקליבענע גרופּע פונעם סטרייק־קאָמי־טעט האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו קנוירעק׳ס „מאָדערן־שאָפּ״.

זיי האָבן געשפּרייזט דורך שטילע פאַרטאָגיקע גאַסן. אַ ביטערער פראָסט מיט אַ ווינט האָט ס׳לייב געריסן. דער פאַרהאַרטעוועטער שניי האָט געסקריפּעט פון אונטער זייערע פיס. און ווען זיי האָבן זיך צום שאָפּ דערנעענטערט איז דער ווינט, וואָס האָט געיאָגט פון איסט־ריווער, שאַרפער געוואָרן און זיי געטריבן צוריק, ווי דער בייזער ווינט וואָלט זיי וואָרענען באַצייטנס . . . זיי האָבן מיט עקשנות געשפּרייזט מוטיקע און פרייליכע ווי צו אַ שמחה.

איסאַק האָט געשפּרייזט אין פאָראויס, און געהאַט אינגאַנצן פאַר־געסן וועגן דער בייזער געשעעניש פון נעכטיקן אָוונט. באַגינען האָט ער ער זיך פון געשמאַקן שלאָף אַ כאַפּ געטאָן און מיט חסידישן ברען, מיט אַ הייליקן ציטער, ווי אַ פרומער איד צו קידוש־השם, האָט ער זיך גע־איילט און אין דער שטיל פון שטוב זיך אַרויסגערוקט. אַצינד איז זיין גאַנצער געדאַנק פאַרנומען געווען מיט דער הייליקער שליחות. ער האָט דעם קאָפּ איינגעווּנורעט אין קאַלטער אַריין, די הענט פאַרוקט טיף אין די די קעשענעס, און האָט געטראַכט פון זיין שליחות . . . ענדלעך, ענד־

לעך וועט נעמען אַ סוף צום באַלעבאָס׳ קנוירעק׳ס ממשלה איבער זיינע אַרבעטער. און נישט נאָר צו אים, נאָר צו אַלע ווי ער. עס וועט פון זיי מער קיין זכר נישט פאַרבלייבן!

ביים שאַפ האָבן זיי געטראָפן די קאָרידאָר־טיר פאַרהאַקט. דאָרטן אין גאַס האָט שטאַרקער געסמאַליעט דער פראָסט. פונעם איסט ריווער האָט פריי געפייפט דער ווינט. ווייטער — שטיל; שטיל און טויט.

זיי האָבן אַרויפגעקוקט צום שאַפ.

שוואַרץ, פינצטער ווי די נאַכט, האָבן אַרויסגעקוקט די לאַנגע רייען פענצטער פון די אונטערשטע שטאָקן. בלויז פונעם העכסטן שטאָק, וואו קנוירעק׳ס שאַפ האָט זיך געפונען, האָבן דורך די שויבן זיך געריסן פלעמלעך אין דעם חושך אַרויס.

— זיי פאַפן דאָרט, — האָט מייק דער איטאַליענער ארויסגעברומט אויף זיין אידיש.

— ס׳וועט זיי זיין די לעצטע נאַכט! — האָט פייווקע מילנער פאַרזיכערט.

זיי זיינען שווייגנדיק אַריין אין דער אָפענער קאָרידאָר־טיר פון דער שכנה׳דיקער געביידע, וואו מענטשן האָבן געוואוינט. מיט שטילע טריט נישט אויפצואוועקן קיינעם פון די שכנים, זיינען זיי געקראָכן איבער די שמאָלע געדרייטע טרעפ צום העכסטן שטאָק. אַן אייזערנער לייטערל האָט פון דאָרט געפירט צום דאַך־אַרויפגאַנג. כדי נישט צו מאַכן קיין טומל האָבן זיי פאַמעלעך אָפגעקייטלט דעם צודעק און אים אָפגעשטופט אַן אַ זייט. אויפן דאַך האָט זיי אַ שטורעמדיקער ווינט באַגעגנט . . . געבויגענע אין דרייען האָבן זיי דאָרט געטאָפּטשעט אין הויכע אומבאַ־רירטע בערג שניי, און אַזוי אַרום געקראָכן פון דאַך צו דאַך — צום פענצטער איבער קנוירעק׳ס שאַפ . . . איסאַק האָט פּרובירט צולייגן אַן אויער צו הערן וואָס ס׳טוט זיך אונטן אין שאַפ:

— מען הערט גאָרנישט, — האָט איסאַק געזאָגט, — זיי שלאָפן געשמאַק, די סטרייק־ברעכער!

פייווקע מילנער איז געוואָרן אומגעדולדיק:

— טאָ וועלן מיר זיך שוין אַ נעם טאָן . . . צעבראַזגען דעם פענצ־טער און זיך אַרונטערלאָזן זען וואָס זיי מאַכן דאָרט! . . .

— גערעכט! צו וואָס וואַרטן אין דער קעלט? — האָט מייק צו־געברומט.

— געדולד, ברידער! — האָט דער דאַרער קופּער באַמערקט, — פריער פון אַלץ מוזן מיר דאָ האָבן די מאַסן סטרייקער וואָס דאַרפן קומען צו הילף. זיי וואַרטן דאָרט אין זאַל פאַר מיר. מיר וועלן אַלע מאַרשירן פאַר דער פּאָליציי, וואָס באַוואַכט דעם שאַפּ אונטן אין גאַס. איינצייטיק וועט אַ גרופּע סטרייקער קומען אייך צו הילף דאָ אויפן דאַך דורך דער שכנה׳דיקער געביידע. מיר וועלן דער פּאָליציי האַלטן פאַרנומען, זיי זאָלן זיך נישט כאַפּן פון וואַנען מיר אַטאַקירן! דאָס איז אונדזער פּלאַן. דערווייל אָבער וועלן מיר זיך צוריקציען אין דעם קאָרידאָר, דאָרטן הינטער דעם לייטערל זיך צו שיצן פון קעלט.

זיי האָבן זיך דורכן לייטערל צוריקגעצויגן אינעם שכנה׳דיקן קאָרידאָר. פּאַרטייעטע, קיינעם פון די איינוואוינער נישט אויפצואוועקן, האָבן זיי זיך צעשטעלט אין אַ ווינקל דאָרט — דער חלל פון דאַך איז אָבער געבליבן צעעפנט און אַ קאַלטער ווינט האָט מיט רוגזה געטרייסלט זייערע בגדים, זייער לייב און לעבן, און מיט יעדער רגע האָט זיי געפרירט אַ נייער גליד. איסאַק האָט באַמערקט:

— צי איז נישט בעסער אַרויפצוקריכן אויפן דאַך? מיר וועלן זיך דאָרטן קענען פריי באַוועגן.

זיי האָבן צוגעשטימט און ווידער זיך געלאָזט מיטן לייטערל אויפן דאַך. אויבן האָבן זיי צונויפגעשאַרט די הויכע סטירדעס שניי און געמאַכט אַ פרייען וועג ביז צום דאַך־פענצטער פון איבער קנוירעק׳ס שאַפּ. מיט דעם צונויפגעשאַרטן שניי האָבן זיי באַדעקט דעם צודעק פון דעם דאָרטיקן דאַך־אַרויפגאַנג. אַצינד זיינען זיי געווען באַשיצט פון אַן אָנפאַל און האָבן געוואַרט אויף דעם באַפעל אָנצוהויבן זייער מיסיע...

דעם באַפעל האָט געדאַרפט געבן איסאַק, אַקוראַט צו דער מינוט, ווען די סטרייקער וועלן קומען צו הילף. דערפאַר איז איסאַק געבליבן היטן דאָרטן ביי דעם שכנה׳שן דאַך־אַרויפגאַנג. אַרום דעם־אָ פּלאַץ האָט ער געמאַרשירט און געהיט ווי אַ געטרייער סאָלדאַט, אויסטרעטנדיק פאַר זיך אַ וועג דורך דעם אָנגעשאָטענעם שניי. אַ בייזער ווינט האָט פריי געיאָגט, געשמיסן אין זיין אויסגעצערטן גוף. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן בראַוו, אַפילו צוגעברומט אַ ניגונ׳דל, אַ פריילעכס, די קעלט אויף צו־להכעיס. איינצייטיק האָט ער געפּרואווט אויפכאַפּן דעם מינדסטען קלאַנג אָדער שאָרך: צי הערט מען נישט שוין דאָס אָנקומען פון דאַרן קופּער מיט די מאַסן סטרייקער.

דערווייל האָבן זיך רגע׳ס געצויגן און מיט יעדער רגע זיינען די פּיס ביי אים שווערער געוואָרן. דער צאַרטער גוף האָט גענומען זיך צו־בויפקאָרטשען קעגן דעם מעכטיקן בייזן ווינט. און דער פראָסט האָט געסמאַליעט, אים אויסגעטריקנט די שפּייעכץ פון מויל. ער האָט דער־פילט אַ שטעכעניש אין די זייטן, אין פּלייצע; אַרום די אַקסלען האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען אָן אַן אויפהער, אים פאַרקירצט דעם אָטעם. אַ מידקייט מיט אַ נאָגעניש וואָס ס׳האָט געמאָניעט צו כאַפּן אַ דרעמל, איז אים פּלוצים באַפאַלן . . . מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער זיך גע־ווערט נישט איינצושלאָפן . . . פון שרעק האָט דער מוח ביי אים אויפ־געהערט ווי געהעריק צו פונקציאָנירן, און זעענישן פון אַמאָל זיינען איצט אויפסניי ווי לעבעדיק געוואָרן . . . געזען האָט ער דעם טאַטן איטשע׳ן, ווי ער קומט פון דער אַרבעט אַ פאַרהאָרעוועטער. אין שטוב איז קאַלט, כאָטש וועלף דאָרט אַרומטרייבן. אויפן קאַמאָד רויכערט אַ לעמפּל און אין בעט ליגט די מאַמע אַ קראַנקע . . .

דערשיינונגען פון זיין אָרעם יוגנט־לעבן, פון צער און צרות, זיינען איצט דערשינען פאַר אים . . . דער בייזער ווינט האָט אומ׳רחמנות׳דיק אים געשליידערט ווי אַ שפּענדל, אים אַ קער געטאָן אין דער זייט, און ווי איינער וואָס טרינקט זיך, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם דאַך־גע־זשימס. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אַרונטערגעקוקט אין גאַס. דער טאָג האָט אָנגעהויבן צו זשאַרייען. סימנים פון שטיבער האָבן זיך ווי שאָטנס געמיניעט. עמיצער האָט דאָרטן געשפּאַנט. ווער? און וואוהין? . . .

ער איז מער גאָרנישט אימשטאַנד געווען צו טראַכטן. בלויז אין אַן איינציק קעמערל דאָרטן אין מוח ביי אים איז איין־און־איינציקער גע־דאַנק געבליבן גאַנץ, אומבאַרירט און באַשיצט: ער מוז דאָ ביים אָפּע־נעם אַרויפגאַנג שטיין און היטן! . . .

---

פונקט צו דער מינוט האָבן זיך געהאַט די סטרייקער צונויפגעקליבן אין דעם זאַל און האָבן געוואַרט אויף דעם סטרייק־פירער — דעם דאַרן קופּער.

דער דאַרער קופּער האָט ווי אַ געניטער קאָמאַנדיר פאַר אַ שלאַכט, געציילט און געקליבן און יעדן איינגעטיילט אין אַ פאַסיקער גרופּע, און מיט יעדער גרופּע באַשטימט אַ פירער, דערקלערט זייער פונקציע, דער־

נאָך אַלעמען געהייסן מאַרשירן פּאַרנווייז דורך פאַרשיידענע וועגן, צו קנוירעק׳ס שאַפּ.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. די לבנה האָט ביסלעכווייז גע־נומען פאַרגיין. אין שטיבער האָבן זיך פייערלעך באַוויזן. מילך־וועגע־נער זיינען וואו־נישט־וואו דורכגעפאָרן און דער רעדער־גערויש מיט דעם טופּען פון די פערד, האָט מיט אַן עכאָ זיך געטראָגן אין דער פאַרטאָגי־קער שטילער גאַס. בלויז דער ווינט האָט זינט נעכטן אויף אַ מינוט ניט גערוט. און איצט, ווען די מאַסן האָבן געמאַרשירט צו קנוירעק׳ס שאַפּ, האָט דער ווינט געטריבן מיט אַ געפייף, געריסן די הענגענדיקע שילדן און געטרייסלט שויבן אין די פענצטער.

אַרום זיבן פרימאָרגן האָט פאַר קנוירעק׳ס שאַפּ זיך באַוויזן פּאָ־ליציי און דעם באַלעבאָס׳ געדונגענע שלעגער. די פּאָליציי מיט די שלעגער האָבן ווי אַ וואַנט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן שאַפּ און שטע־כיק צוגעקוקט ווי די מאַסן סטרייקער מאַרשירן פּאָרנווייז אין אָרדע־נונג. דער דאַרער קופער מיט אַן אויסגעקליבענער גרופּע, האָט אומ־באַמערקט פון דער פּאָליציס אויגן, זיך אויסגעקערעוועט צום קאָרידאָר־טיר פון דער שכנה׳שער געביידע, און פּאָרנווייז אָנגעהויבן אַרויפמאַר־שירן איבער די שמאָלע טרעפּ. זיי האָבן שוין געהאַלטן ביים דער־גרייכן צום דאַך־אַרויסגאַנג, מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ פייפעריי, באַגלייט מיט זידל־ווערטער:

— וועהער אַר יו ראָשינג, בעס — — ? בעק! גאָ — דע — בעק!

די פּאָליציי האָט שטרענג באַפוילן זיך צוריקצוציען. געזידלט, אָבער דער מאַרש אויף די טרעפּ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. די פּאָ־ליצייאישע געוואַלדן זיינען דרייסטער געוואָרן. מיט פּנים׳ער ווי פון ווילדע חיות, זיינען זיי באַפאַלן די סטרייקער, געשלאָגן מיט זייערע קאָלבעס איבער די קעפּ, רוקנס און איבער זייערע הענט און פיס. גע־יאָמערן האָבן פאַרהילכט די אַרומיקע גאַסן.

די רייען פון די סטרייקער האָבן זיך אַ בויג געטאָן אויף צוריק.

די פּאָליציי האָט זיך באַנוצט מיט דער פּאַניק. הפקר׳דיק האָבן געטאַנצט זייערע קלאָבס איבער די אַרבעטערס קעפּ; אום׳רחמנות׳דיק זיי גע׳ממית׳ט, געשלעפּט זיי אויפצוריק פאַר די פיס. די וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט — אַריבערגעוואָרפן איבערן פאַרענטש אינעם

האַלב־פינצטערן קאָרידאָר אַריין; געטראָטן אויף בייכער, פּנים׳ער, און זיך געמאַכט אַ פרייען וועג איבער די צעבלוטיקטע קערפּערס.

ביים אַרויפגאַנג צום העכסטן שטאָק, האָט די פּאָליציי זיך אָנגע־שטויסן אויף אַ מענטשלעכע באַריקאַדע: איינגעקלאַמערטע קערפּערס איינער געשלאָסן אינעם צווייטן. ווי אַן אייזערנע וואַנט זיינען דאָרטן געלעגן אַ הויפן מענטשן, ביי דעם ראַנד פונעם לעצטן טרעפּ און זיך נישט גערירט פון אָרט.

די פּאָליציי, מיט קלאַבס אין די הענט, האָט געפּרואווט זיך ארויפ־צוּוואַרפן אויף דעם דאָזיקן קנויל מענטשלעכע קערפּערס. אין אַן אויגנבליק האָט פון אויבן, פון דאַך, זיך פּלוצים דערטראָגן אַ מורא־דיקער קול, ווי אַ געבררום פון אַ פאַרוואונדעטן לייב, און אין אַ רגע איז דער דאַך־צודעק פאַרמאַכט געוואָרן! . . .

איינער פון דער באַריקאַדע האָט אויסגעדרייט דאָס ליכט. אין דעם קאָרידאָר איז פינצטער געוואָרן. דעמאָלט האָט דער קנויל זיך אויפגעקנוילט. מענטשן האָבן זיך אַ שטעל געטאָן. אויגן קעגן אויגן. פויסטן האָבן זיך געביילט, ציינער האָבן געביסן, געריסן שטיקער פלייש . . .

---

דער סטרייק־קאָמיטעט האָט מיט זיין פירערשאַפט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דעם לאַנדסמאַן פּיליפּ, דעם אָנפירער פון קנוירעק׳ס סטרייק־ברעכער. און דער שולדיקער, וואָס פּיליפּ האָט זיך אונטערגענומען די געפערלעכע אַרבעט, איז ווי תמיד געווען דער באַלעבאָס קנוירעק.

אָט־ידער כיטרער באַלעבאָס, האָט שוין פון לאַנג דערשמעקט, אַז פּי־ליפּ זוכט צו ווערן אַ שותף צום געשעפט. און איצט אין צייט פון טראָבל, האָט ער פּיליפּ׳ן פאַרזיכערט, ווי גיך דער טראָבל וועט פאַראיבער, נעמט ער אים צו פּאַר אַ שותף צום געשעפט, און זיין ציל וועט דערגרייכט ווערן! . . . ווען נישט דאָס, וואָלט פּיליפּ, וועלכער איז בטבע געווען אַ טרוס, בעסער אויסגעקליבן זיך נישט צו מישן. אויב אָבער עס האַנדלט זיך צו ווערן אַ באַלעבאָס פון קנוירעק׳ס גוטן געשעפט — לוינט זיך. האָט דערפאַר אַצינד פּיליפּ געהיט די סטרייק־ברעכער שוין פון זיין אייגענער טובה וועגן; געהיט זיי בייטאָג און ביינאַכט, געקראָכן אין פייער צוליב דעם באַלעבאָס׳ צוזאָג. אָבער דער באַלעבאָס האָט אים אַפילו איצט צופיל נישט געטרויט . . . די סטרייק־ברעכער האָט קנוי־רעק נישט דערלויבט אַרויסצולאָזן פון שאָפּ הינטער זיין אויג . . . ער

האָט זיי באַזאָרגט מיט פּאַרציעס עסן פון אַ רעסטאָראַן און מיט געלט־גערס ביינאַכט אין שאַפּ . . . אָבער נאָך די אַלע גליקן זיינען די סטרייק־ברעכער נישט צופרידן געווען, נישט פון די עסנס און זיכער נישט פון זייערע געלטגעבערס, מחמת דער אַנגעפּרוירענער דאַך האָט זיי, די סטרייק־ברעכער, נישט געלאָזן איינשלאָפן.

אין יענעם פרימאָרגן, ווען די סטרייק־ברעכער האָבן נישט־דער־שלאָפענע זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָט פּלוצים זיך דערהערט אַ געוואַלדיקער בראַזג פונעם דאַך־פענצטער ! . . . דערציטערטע זיינען זיי אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער. דער אָנפירער פיליפּ איז מיט נישט ווייניקער טויט־שרעק געלאָפן פון איין סטרייק־ברעכער צום צווייטען צו באַרואיקן זיי. פּנים׳ער ווי פון מתים האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך געיישוב׳ט און תיכף — נאָך אַ בראַזג און נאָך אַ בראַזג מיט אַ רעגן פון שטיקער גלאָז האָט אָנגעהויבן צו פליען איבער דעם געשטעל, איבער די רייען מאַשינען . . . ווי צעשראָקענע מייז האָט יעדער פאַר זיך געזוכט אַ לאָך זיך אויסצובאַהאַלטן.

פונעם דאַך־פענצטער האָט זיך פּלוצים אַרונטערגעלאָזט פּייווקע מילנער. נאָך אים — מייק דער איטאַליענער און נאָך און נאָך פונעם סטרייק־קאָמיטעט . . . ביי פיליפּ׳ן איז דאָס האַרץ שיעור איינגעפאַלן ! ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שניידערשע שער, געצילט מטין שאַרפן שפּיץ און געטראָפן אין פּייווקע מילנער׳ס ליפּ . . . אַ שטראָם בלוט האָט אַ שפּראָץ געטאָן. אין דער רגע האָט מייק דער איטאַליענער, מיט אויפגעבליצטע אויגן, געכאַפּט אַ שאַפּ־בענקל און מיט דעם אונטערגעקומען צו פיליפּ׳ן, און אַ בלוטיקער געראַנגל האָט זיך אָנגעהויבן . . .

פונעם קאָרידאָר האָט מען די טיר אויפגעריסן. פּאָליציי מיט דעם באַלעבאָס קנוירעק האָבן זיך אין שאַפּ אַריינגעלאָזט און געטראָפן פון אַלץ אַ חורבן . . . ווי צו אַ לוויה האָט קנוירעק באַקלאָגט דעם פאַרמעגן זיינעם . . . אַמבולאַנסן, דאָקטוירים זיינען שנעל אָנגעקומען און אויף טראָג־בעטלעך אויפגעהויבן פון דעם שמוציקן דיל פיליפּ׳ן מיט איבערגעבראָכענע קני און פּייווקע מילנער אויסגעשמירט אין אייגן בלוט. די פּאָליציי האָט אַלעמען פאַרטריבן אין די פּאָליציי־וואָגנס און האָבן פאַרזיגלט קנוירעק׳ס מאָדערן־שאַפּ.

— — — — — — — — — — — —

דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. פון איבער דעם איסט ריווער

האָט די מאָרגן־זון פֿאַמעלעך זיך אויפֿגעהויבן אויף אַ קלאָרן הימל. די גאַס איז דאָרטן געווען באַלאַגערט פֿון אַ ריזיקן נייגעריקן עולם. פֿאַר קנוירעק׳ס שאַפֿ זיינען געשטאַנען אַמבולאַנסן מיט דאָקטוירים פֿון נאָענטע און ווייטע שפּיטאָלן.

פֿון דער שכנה׳שער געביידע האָט מען געהאַלטן אין אַרויסטראָגן צעקאַליעטשעטע אַרבעטער. צווישן זיי דעם דאָרן קופּער מיט זאַוולען, וועלכע האָבן מיט זייערע קערפּערס פֿאַרהאַלטן די פּאָליציי ביים דאַך־אַרויפֿגאַנג. צום סוף האָט די פּאָליציי ארויסגעטראָגן איסאַק׳ן. זיי האָבן אים געפֿונען אַ האַלב־טויטן, וואַכנדיק מיט זיין קערפּער איבער דעם דאַך־צודעק . . .

דורך דעם ריזיקן נייגעריקן עולם האָט עני, געפֿירט פֿון מעכעלע, זיך קוים דורכגעשטופּט צו אים. געבויגן פֿון צער האָט זי עפּעס גע־מורמלט צו אים . . . אַ באַוואוסטלאָזן האָט מען אים שנעל אַוועקגענומען אין שפּיטאָל. און געדאַכט האָט זיך, אַז איבער זיין בלוילעך צוגע־שטשאָמפּטן פּנים לעבט עקשנות׳דיק דער נצחון.

ניו־יאָרק, יולי, 1942.

# מחותנים

די באַן, וואָס האָט באַדאַרפט ברענגען זייער מאָרעי׳ן אויף אור־לויב, האָט געזאָלט אָנקומען אין גרענד סענטראַל ערשט אַרום 9 אָוונט. אַזוי האָט מאָרעי זיי געלאָזן וויסן. אָבער זיי, די ווינער׳ס, האָבן לכבוד זייער ליבן גאַסט נאָך אינמיטן טאָג צוגעשלאָסן זייער שפּייז־קרעמל. די מאַמע הינדע האָט כמעט מיט געוואַלד אַרויסגעיאָגט אירע קונים, און זי מיט איר משה׳ן האָבן געמאַכט אַ טאָלק אין הויז, צוגעגרייט אַ יום־טוב׳דיקע וועטשערע, און געקומען אין גרענד סענטראַל אַ היפּש ביסל פריער, כדי צו טרעפן זיך דאָרטן מיט מאָרעי׳ס יונגע ווייבל, קעי, ריידן צו איר זי זאָל צוליב טאָן טאַטע־מאַמע און קומען צוערשט צו זיי אַהיים.

קעי׳ן האָבן זיי דאָרטן נישט געטראָפן. האָבן טאַטע־מאַמע,ביידע שוין אין די שפּעטע פופציקער, מיט שווערע אָנגעהאָרעוועטע פיס, מיט פינצטערע פנים׳ער, זיך געבלאָנקעט אין דעם געפּאַקטן גרענד סענטראַל; אויסגעוועזן דאָרטן וואו אַ ווינקעלע, געבלענדט די מידע אויגן. דער הויכריידער האָט איבער די קעפּ געהילכט, אויסגערופן וועלכע באַן עס קומט אָן און וועלכע ס׳גייט אָפּ; מענטשן מיט מידע, נאָר צופרידע־נע פנים׳ער וואָס ענדלעך האָבן זיי געענדיקט די רייזע מיטן באַן און אָנגעקומען אין שטאָט — האָבן זיך געשטויסן דורך דער שמאָלער איי־זערנער טירל צום אַרויסגאַנג. אַנדערע, מיט געפּעק אין די הענט, האָבן זיך געשטופּט צו זיין די ערשטע, צו אַ שמאָלן אַריינגאַנג וואו אַ באַן־באַאַמטער האָט שטרענג רעווידירט יעדן באַן־בילעט, און זיי זיינען פאַרשוואונדן אין דער טונקלקייט.

די מינוטן אויפן וואַנט־זייגער האָבן זיך גערוקט, און זיי, די טאַטע־מאַמע, האָבן אַרומגעבלאָנקעט אין דעם געפּאַקטן גרענד סענטראַל פאַרלוירענע, רעזיגנירטע. מיט יאוש האָבן זיי זיך געשטויסן ווי אויף אַ פרעמדער וועלט וואָס האָט מיט זיי קיין שום שייכות נישט. געטראַכט אַז דאָס וואָס זיי טרעפן נישט קעי׳ן איצט ווען מאָרעי דאַרף אָנקומען, האָט אַ שייכות מיט דעם, וואָס זי האַלט זיך סיי־ווי אָפּגעפרעמדט פון זיי די גאַנצע צייט, זינט זי האָט זיך באַקענט מיט זייער זון, מיט זייער

מאיר׳קען, וואָס איז תמיד געווען צוגעבונדן צו זיי.

די מאַמע הינדע האָט מער נישט געקענט שווייגן. ווי צו זיך האָט זי אַרויסגעזאָגט:

— מ׳זעט נישט קעי׳ן. ס׳ווייזט אויס, זי וועט קומען מיט איר טאַטן אין זיין אויטאָמאָביל צו דער מינוט, און אים צוכאַפּן . . .

זי האָט מער נישט געקענט ריידן, די מאַמע הינדע. פולע אויגן מיט טרערן האָבן ס׳מויל צוגעמאַכט. ער, דער טאַטע, איז בכלל געווען אומצופרידן פון שידוך וואָס זיין מאָרעי האָט געטאָן, — נישט אַזוי מיט דער שנור, ווי מיט אירע עלטערן פאַר מחותנים — „די גראָבע יונגען״, ווי ער, ווינער, פלעגט זיי אָנרופן. וואָרום געהאָפּט האָט דער טאַטע, אַז זיין זון וועט ענדיקן דעם רבנים־סעמינאַר; ער, דער איינציקער זון זיינער, וועט פאַרזעצן דעם למדנישן יחוס פון דער ווינער־משפחה, וואָס ציט זיך פון דורות רבנים און לומדים. צוליב וואָס דען האָט ער געפּראַצעוועט טעג און נעכט, זיך לעבעדיק באַגראָבן אין די פיר איילן פון זיין שפּייז־קרעמל, געשפּאָרט יעדן גראָשן און געשיקט אים אין ישיבות און סעמינאַר? צום סוף האָט מאָרעי זיך גאָר געטראָפן מיט קעי, מיט אַ טאָכטער פון דעם מיסטער מאַנדעל, אַ לענדלאָרד, אַ געלט־מענטש, וואָס האָט אויסגע׳חוזק׳ט דעם „נאַרישן״ מחותן משה ווינער מיט זיינע אַלטע אָפּגעלעבטע געדאַנקען, אָפּגעריסן זיין קינד פון לערנען, און אָנגעשטעלט אים פאַר זיין „רענט״־מאַנער . . . ער, משה ווינער, האָט דאָס אים קיינמאָל נישט מוחל געווען, און טרעפן זיך אַצינד מיט דעם מחותן וואָלט ער גאָר נישט געהאַט קיין חשק.

דער מאַמע הינדע איז עס אָבער פּשוט געגאַנגען אין לעבן. איר מאיר׳קע, איר ליבע צו אים האָט אַלץ איבערגעשטיגן. און זינט ס׳איז דערהאַלטן געוואָרן די נייעס, אַז מאָרעי קומט פון דער אַרמיי אויף אַ קורצן אורלויב, האָט איר, דער מאַמען, ווי ס׳האַרץ געזאָגט, אַז זיי, טאַטע־מאַמע, וועלן אַפילו נישט האָבן די מעגלעכקייט זייער קינד אָנצוקוקן; די רייכע מחותנים וועלן אים באַלד אָוועקנעמען, צוכאַפּן אים אין זייער זומער־היים, ווי זיי האָבן געטאָן מיט אַ יאָר צוריק צו מאָרעי׳ס חתונה, ווען ער איז געקומען ס׳ערשטע מאָל אויף אורלויב. מער האָבן טאַטע־מאַמע אים דעמאָלט נישט אָנגעקוקט. אַ גליק נאָך, וואָס פאַרן אָפּפאָרן צוריק אין דער אַרמיי, האָט ער, מאָרעי, כאָטש שכל געהאַט און דורכן טעלעפאָן זיך געזעגנט. זי, די מאַמע, געדענקט

נאָך די שלאָפלאָזע נעכט, די יסורים פון פרעמדע, פון אייגענע, וועלכע האָבן געפּרעגט, זיך געוואונדערט: סטייטש, און ווי הייסט? . . . דערפאַר האָט זי היינט אַזוי עקשנות׳דיק אַרומגעזוכט מאַרעי׳ס יונגע ווייבל קעי, ריידן צו איר . . . ניין, נישט קיין שנאה האָט זי געטראָגן צו איר. פאַרקערט, טיף אין האַרצן זי ליב געהאַט. זי איז דאָך איר מאַיר׳קעס ווייב, און מאַיר׳קע האָט זי ליב . . . נאָר ווען זי האָט נישט געפּרואווט געפינען די שנור, זיינען אַלע וועגן געווען געשלאָסן. קעי האָט געוואוינט ביי אירע עלטערן אין זייער זומער־היים. די מאַמע איז נאָך קיינמאָל דאָרטן נישט געווען. און ווי דער אמת, וואָלט זי אַהין אַפילו נישט געוואָלט פאָרן. זי האָט אָבער יאָ געפּרואווט אָנקלינגען דאָרטן, קעי איז אָבער קיינמאָל נישט געווען אין דערהיים.

מידע פון אַרומבלאָנקען האָבן טאַטע־מאַמע זיך צוגעזעצט אַביסל, פאַרטראַכטע, שווייגנדיקע, כאָטש צו ריידן איז געווען גענוג. זיי האָבן אָבער זיך געהיט מיט אַ וואָרט אויסצוריידן ווי מ׳היט זיך אָנצורירן אַ וואונד. דער זייגער אַקעגן זיי אויפן וואַנט האָט צוביסלעך זיך צוגע־רוקט צו ניין. דער הויכריידער האָט אָנגעזאָגט אַ נאָמען פון אַ באַן וואָס דאַרף שוין אָנקומען. אַרום דעם שמאָלן דורכגאַנג האָבן מיט אַ מאָל מענטשן זיך אַ שפּאַר געטאָן. אַ טיר האָט זיך צערוקט. טאַטע־מאַמע האָבן דערזען אין גלאַנציקן אוניפאָרם זייער מאַיר׳קען, אַ שלאַנ־קען, אַ הויכן מיט אַ פאַרברוינטן שיינענדיקן פּנים. מיט אויסגעשטרעק־טע הענט, וואַרעמע הענט, פּונקט ווי דעמאָלט צו זיי גראַדואירונג פון קאָלעדזש — מיט די זעלביקע הענט האָט ער, מאַרעי, אַצינד צערטלעך זיך אַרומגעכאַפּט מיט טאַטע־מאַמע, געהאַלדזט און געקושט זיי. טרערן פריידיקע זיינען געפאַלן . . . און תיכף — אָפּגעלאָזט טאַטע־מאַמע, זיך אויסגעדרייט צו קעי, וועלכע איז פּלוצלינג פון ערגעץ אויסגעוואַקסן, זיך צונויפגעגאָסן מיט איר, און באַלד נאָכדעם זיך אַרומגעכאַפּט מיט דעם מחותן מיסטער מאַנדעל . . .

— אָ, ווען כ׳זע דאָ — די מחותנים! ס׳פרייט מיך! — האָט מיסטער מאַנדעל שמייכלענדיק געזאָגט.

ער האָט זיך וואַרעם באַגריסט מיט זיי, דער מחותן. זיין רונדער פּנים מיטן קליינעם גוף האָט בעת־מעשה זיך געהויבן פון צופרידנקייט; ער האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט, איינע צום מחותן, די צווייטע האַנט צו דער מחותנת׳טע, דער מאַמע הינדע, זיך נאָכגעפרעגט אויף

געזונט, אויף פּרנסה. טאַטע־מאַמע האָבן באַשיידן געענטפערט. גע־דאַכט האָט זיך זיי, אַז אָט־דער מענטש איז באמת אַ נאָענטער צו זיי — אַ פריינט, גאָר נישט ענלעך צו דעם, וועלכן זיי האָבן ביז איצט פאַררעכנט כמעט פאַר זייער שונא . . . ער האָט זיי אונטער די הענט גענומען, געפירט אין גאַס אַרויס צו זיין אויטאָמאָביל. ער האָט גע־זאָגט:

— מחותנים אין אַמעריקע . . . מ׳זעט זיך איינמאָל אין יאָרן . . .

ס׳איז געווען אַנהויב יוני אָוונט־צייט. דער שמאָלער פּאַס הימל וואָס האָט זיך אַרויסגעזעזן פון צווישן די הויכע מויערן איז געווען בלוי, מיט סימנים פון אַ נייער לבנה ווי אַ דינער סערפּ. אויפן גאַס האָט געטומלט פון אויטאָמאָבילן, פון דורכגייערס, וואָס האָבן זיך אין ער־געץ געאיילט. די שטימונג ביי טאַטע־מאַמע האָט זיך געביטן. פריי־לעכע, האָפערדיקע זיינען זיי געשטאַנען אינעם גאַס־געטומל; מיט אַ געפיל פון חרטה האָבן זיי ווידער און ווידער באַטראַכט דעם נאָענטן מענטשן — זייער מחותן. די קינדער זיינען צוגעקומען צום אויטאָ־מאָביל. די מאַמע הינדע האָט פריידיק זיך אָפּגערופן:

— מיר וועלן אַלע גיין צו אונדז אַהיים . . . מיר האָבן צוגע־גרייט — —

— ניין, מחותנס׳טע, נישט היינט, אַן אַנדערש מאָל! — האָט דער מחותן פריינטלעך איבערגעשלאָגן — היינט פאָרן מיר אַלע צו אונדז אין זומער־היים . . . וואָס דענקט איר, קינדער? . . .

די קינדער האָבן שווייגנדיק צוגעשמייכלט. די טיר פונעם אויטאָמאָביל האָט זיך אָן עפן געטאָן. טאַטע־מאַמע האָבן ווי צוגעגעבן אַז אַזוי דאַרף זיין, זיי האָבן זיך געלאָזט אַריינבעטן אינעם אויטאָמאָביל, צו די מחותנים אין זייער זומער־היים.

# דער נייער באַלעבאָס

דעמאָלט האָב איך געאַרבעט אויף מוירסער סטריט. ס׳איז געווען אין די קריזיס־יאָרן. אַרבעט ביים פאַך איז שווער געווען פאַר מיר צו קריגן. איין בליק אויפן פּנים מיינעם, אויף מיינע פאַרעלטערטע בגדים, האָט דייטלעך דערקלערט, פאַרוואָס איך קום אַרבעטן ביים באַלעבאָס זאַלקין, דעם שיכור, דעם קאָרטעוווניק.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך לאַנג גע׳ישוב׳ט, צי איך זאָל קור־מען אַרבעטן צו אָט־דעם באַלעבאָס זאַלקין. אַפילו דעמאָלט, ווען איך האָב דעם יוניאָן־פּאָס שוין געהאַלטן אין דער דלאָניע מיינער, האָבן די פיס מיינע זיך נאָך אַלץ געקווענקלט צו גיין אַהין און פאַרקראָכן גאָר צוריק צום יוניאָן־באַאַמטן אין אָפיס. אָבער וואָס נאָך האָט דער באַ־אַמטער געקאָנט פאַר מיר טאָן? האָבן די פיס מיינע זיך פאַרקירעוועט אויף צוריק, און מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי צו אַ לוויה, זיך געשלעפּט איבער גאַסן. געקומען אין מוירסער סטריט,, האָב איך אויסגעזוכט דעם נומער פונעם שאָפּ, און ווי אויף להכעיס איז דער ליפט דאָרטן געווען פאַרנומען מיט פּעק. דער ליפטמאַן אַליין — אָנגע׳ברוגז׳ט, האָב איך מיך געלאָזט מיט די טרעפּ אַרויף — אַרויף צום העכסטן שטאָק.

מיין ערשטער בליק איז דאָרטן געפאַלן אויף די „באַנדלעך״ אַר־בעט . . . אָ, ווי זשעדנע די אויגן מיינע האָבן דעמאָלט געמוזט זיין! אָט־די באַנדלעך אַרבעט, וואָס האָבן דאָרטן הפקר׳דיק זיך געוואַלגערט אויף טיש און אויף בענק, האָבן באמת מיך פאַרבלענדט: דאָס אַלט־פרענקי־שע געשטעלכל, די אומגעקאַלכטע ווענט מיט דער פאַרקאָפּטשעטער סטעליע פון אַמאָליקן סוועט־שאָפּ, האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ אין מיי־נע אויגן. אין אַ רגע אַרום, ווען דער באַלעבאָס זאַלקין, אינגאַנצן אַ צע־קנייטשטער, מיט אַ פאַרוואָקסענעם פּנים, האָט אויף מיר אָנגעזשמורעט זיינע נישט־דערשלאָפענע אויגן; מיך אָפּגעמאָסטן אַזוי־אָ ווי אַ פערד־הענדלער, און ענדלעך אָנגעוויזן מיין פּלאַץ ביים אַלט־פרענקישן גע־שטעלכל, האָב איך אָט־דעם נפש שיעור, שיעור נישט אַ קוש געטאָן אין זיין נבזה׳דיקן פּנים. וואָס זאָל איך לייקענען?

וואָס מיך האָט דעמאָלט געערגערט איז די ברידער מיינע. וויפיל

מאָל איך האָב נישט געפּרואווט צו פאַרקניפּן אַ געשפּרעך מיט זיי, איז עס מיר נישט געראָטן. דעם אמת געזאָגט, זיינען צופיל אַרבעטער דאָר־טען נישט געווען. אַמאָל אַ האַלב טוצן, איינער מער, אָדער איינער ווייניקער. אויך די עטלעכע האָבן כסדר געהאַלטן זיך אין בייטן. און ווי איך האָב מיך שפּעטער דערקונדיקט, האָבן די אַרבעטער זיך דאָרטן ניט געביטן פאַר וואוילטאָג וועגן: דער פאַרדינסט דאָרטן איז אַזוי נישטיק געווען, אַז ס'האָט זיך אסור געלוינט דער גאַנצער עסק. אָבער וואָס אַנדערש האָב איך דעמאָלט געקאָנט טאָן?

אַז די ערשטע וואָך איז אַריבער, האָב איך פאַרדינט צוואַנציק דאָלער. אמת, לויט דער צאָל אַרבעט און לויט די כוחות, וואָס איך האָב מיט דער אַרבעט איבערגעלאָזט, איז אָט־דער פאַרדינסט געווען פּשוט חוזק. דעמאָלט אָבער האָט דער מוח געעקבערט, נישט אַזוי אָט־דער פּאַסקודנער פאַרדינסט, נאָר ווי אַרויסצוקריגן די מזומנים . . . האָב איך דווקא דערמיט געמאַכט אַ טעות: ווען די צייט פאַר שכירות איז געקומען האָט ער באַצאָלט מזומן געלט. צוויי קנאַקנדיקע צענערלעך האָט ער אָוועקגעלייגט פאַר מיר; צוויי נייאינקע, קנאַקנדיקע צענערלעך! . . . איך האָב מיינע אויגן נישט געגלויבט!

טעג זיינען פאַרגאַנגען, טעג זיינען געקומען. וואָס־וואָס „באַנדלעך" אַרבעט האָט דאָרטן נישט אויסגעפּעלט. בלויז דער אַרויפקריכן יעדן אינדערפרי אַרויף־אַרויף צו דער אַרבעט, איז נישט געווען אַזוי גוט. וואָס האָב איך ווידער געקאָנט טאָן, אַז דער ליפט דאָרטן איז תמיד געווען פול מיט פּעק; דער ליפטמאַן איז תמיד געווען בייז. און ווי דער אמת, וואָלט דאָס נאָך געווען צו דערליידן, ווען נאָר די מזומנים וואָלטן יעדע וואָך געווען! אָט, דאַכט זיך, ער באַצאָלט די פולע שכירות אין מזומן. אַ וואָך שפּעטער דאַרף מען וואַרטן . . . וואַרטן . . . ביז ער, דער באַלעבאָס מיינער, מיסטער זאַלקין, באַווייזט זיך אַ פאַרשפּילטער מיט אַ נבזה'דיקן פּנים, מיט נישט־אויסגעשלאָפענע אויגן, נעמט ער זיך צו זיינע אייגענע „טשעקלעך" וואָס גייען אַהין און צוריק . . .

וואָס איך האָב דעמאָלט יאָ געקאָנט טאָן, איז טראַכטן און אויס־טראַכטן. אָט־דער טראַכטן איז אין יענער צייט געווען פאַר מיר דער איינציקער מיטל, דער ווירקזאַמסטער מיטל.

ס'איז געווען נאָך סוכות־צייט. אין שטוב ביי מיר איז „נאָך יום־

טוב׳דיק״ געווען . . . אין די קעשענעס מיינע איז געלעגן מיין באַלעבאָס „טשעקעלע״— איינעם, און אַ צווייטן איז ער גרייט געווען מיר צו געבן. בין איך מיר אַוועק אין מיין יוניאָן און דאָרטן זיך צערעדט מיטן יוניאָן־באַאַמטן אין זיין אָפיס:

— הפנים אַז מיין באַלעבאָס זאַלקין אַרבעט נעבעך אַן געלט פאַר דעם מאַנופעקטשורער און דאָס גייט אויס צו אונדזערע קעפּ, ברודער שעף! — האָב איך כלומרשט געזאָגט.

אַזוי האָב איך אָנגעהויבן און תיכף אים דערלאַנגט דעם „טשעקל״ פון מיין באַלעבאָס, וועלכער האָט געהאַט סמנים פון לויפן הין און צו־ריק . . . דער ברודער שעף האָט געקוקט אויפן „טשעקל״ און געשאָקלט מיטן קאָפּ און איך האָב געפרעגט:

— צי איז ניט מעגלעך, ברודער שעף, די „באַנדלעך״־אַרבעט וואָס דער מאַנופעקטשורער שיקט צו זאַלקינ׳ען, איבערגעבן אַן אַנדער באַלע־באָס, וואָס צאָלט שכירות, האַ?

אַזוי האָב איך כלומרשט געפרעגט. באמת איז דער פּלאַן פאַרטיק געווען ביי מיר — נישט נאָר אַוועקנעמען די „באַנדלעך״־אַרבעט פון דעם באַלעבאָס זאַלקין האָב איך אויסגעפּלאַנעוועט, נאָר איך האָב אַפילו שוין צוגעגרייט אַ נייעם באַלעבאָס — איבערצוגעבן די „באַנדלעך״־אַרבעט מיט זאַלקינ׳ס באַלמעלאָכעס צוזאַמען. אמת, יענעם נייעם באַ־לעבאָס, גאַראַלניק, האָב איך גרינטלעך ניט געקאָנט. ער מיך — אוודאי נישט; אָבער ווי איך האָב געהערט, צאָלט ער שכירות אין צייט; אַ פּלאַץ צו אַרבעטן וועל איך זיכער האָבן דאָרטן; וואָס מער קאָן מען אין קריזיס־צייט פאַרלאַנגען? . . .

ווען דער יוניאָן־באַאַמטער איז געוואָר געוואָרן דעם פּלאַן מיינעם, האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן דעם ענין. אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך ברייטלעך צעלייגט אַרום זיינע טיפע מויל־ווינקלען. הפנים, די צו־אָפּטע פּרעטענזיעס מיינע קעגן אָט־דעם נבזה׳דיקן באַלעבאָס זאַלקין, זיי־נען פאַר מיין יוניאָן־באַאַמטן נישט ניי געווען.

---

מיט דעם נייעם באַלעבאָס, גאַראַלניק, האָב איך מיך צונויפגעטראָ־פען אינעם אָפיס פון מיין יוניאָן־באַאַמטן. און וואָס אמת איז אמת, ס׳איז פאַר מיר געווען אַ נחת אָנצוקוקן דעם זייער פיינעם מענטשן מיט

זיינע עכט־שיינע בגדים; אַפילו לויט ווי דער מענטש האָט אַזוי עלע־גאַנט אַרויסגעצויגן פונעם בוזים־קעשענע דעם פיינעם באַזילבערטן ציגאַרן־טאַש. און נישט אַזוי די אַלע זאַכן, ווי דער אויפגעלויכטענער פּנים זיינער, מיט אויגן וואָס האָבן אַזוי ליבלעך אַרויסגעקוקט דורך די־נע אויגנגלעזער — וואָס נאָך קען מען פאַרלאַנגען פון אַ באַלעבאָס?

אָרום שרייב־טיש זיינען מיר געזעסן. דער ברודער שעף, דער יו־ניאָן־באַאַמטער, האָט אין פּשוט'ע ווערטער קלאָר געמאַכט פאַרוואָס די „באָנדלעך"־אַרבעט ווערן פון דער יוניאָן אַוועקגענומען פון דעם באַלע־באָס זאַלקין; און פאַרן באַלעבאָס גאַראַליק דייטלעך דערקלערט, אַז מיט די „באָנדלעך"־אַרבעט וואָס ער קריגט, וועט ער מוזן מיט־קריגן די באַלמעלאָכעס פון זאַלקינ'ס שאָפּ! דער נייער באַלעבאָס, גאַראַלניק, האָט צוגעשטימט און איינצייטיק אַפילו באַמערקט מיט פאַרדראָס:

— צי מיינט עץ, אַז פון היינט אָן בין איך אַ „יוניע"־באַלעבאָס?

וואָס־וואָס, דער באַלעבאָס גאַראַלניק האָט געהאַט רעכט. יאָ, זי־כער איז אָט־דער גאַראַלניק נישט קיין צוציקל אין באַלעבאָסעריי: אויף דעם האָבן געקאָנט עדות זאָגן די אַרבעטער זיינע, וועלכע האָבן גאָר נישקשה'דיק צוגעהונגערט ביי אים אין קריזיס־צייט. בעת זייער באַ־לעבאָס האָט נאָך אַלץ זיין פּריוואַטע היים מיטן טייערן אויטאָמאָביל. אָבער ווארום דער פּנים ביי אים, וואָס האָט ערשט אַזוי געלויכטן, האָט זיך אַביסל פאַרקרימט, ווי ער וואָלט פּלוצים נישט געווען מיט אַלעמען, איז שווער געווען פאַר מיר זיך צו דערגרונטעווען. באַלד אָבער איז אַלצדינג קלאָר געוואָרן.

— יע... — האָט דער נייער באַלעבאָס זיך געקווענקלט — ווע־מען טאָקע זאָל איך באַדאַנקען פאַר דעם, יע?...

דער ברודער שעף האָט דעם מענטשן אָנגעקוקט וואָס ער רעדט, ווי ער וואָלט פּשוט נישט פאַרשטאַנען וואָס אַזוינס ס'קוועטשט אים; וואָס אַשטייגער האָט דער גאַראַלניק צו באַדאַנקען וועמען? ! מ'שענקט אים גאָרנישט; מ'זאָגט אים בפירוש, אַז פאַר די „באָנדלעך"־אַרבעט וועט ער מוזן באַשעפטיקן די אַלע אַרבעטער פון באַלעבאָס זאַלקין! אָבער כדי נישט צו שטערן די פיינע שטימונג אָרום טיש, האָט דער ברודער שעף אָנגעוויזן אויף מיר. מיט אַ ברייטן שמייכל האָט ער געזאָגט:

— איר דאַרפט אים דאַנקען, אים! ער קומט פון זאַלקינ'ס שאָפּ!

ער האָט דעם עסק אויסגעפּלאַנעוועט.

ביי דעם נייעם באַלעבאָס האָבן די דינינקע ברילן מיט די געפּורעמ־טע גאָלדענע ראַמלעך אַ דינעם ציטער געטאָן. מורא׳דיקע אויגן האָט ער אָנגעשפּיצט אויף מיר, ווי איך וואָלט געוועזן דער יוניאָן׳ס געהיי־מער אַגענט . . . און מורא׳דיק האָט ער איבערגעפרעגט:

— איר מיינט עס טאַקע, מיסטער שעף, — ער? . . . ער? . . .

ער האָט אויף מיר מאָדנע געקוקט דער נייער באַלעבאָס, מיסטער גאַראַלניק. מיט שאַרפע אויגן האָט ער פון דאָס ביי מיך רעווידירט, געטישטערט אין מיר די אומזיכטבאַרע שרעקלעכע מאַכט וואָס איך באַ־זיץ; וואָס איך קאָן אַוועקנעמען „באָנדלעך"־אַרבעט פון אַ באַלעבאָס... רואינירן אים! . . . און צי ס׳לוינט פאַר אים דער גאַנצער מסחור און מיך — דעם־אָ . . . צו קריגן אין זיין שאַפּ? . . . אַזוי אמווייניקסטן „טראַכט דער באַלעבאָס", האָב איך דערקאָנט אין זיינע שאַרפע שטעכי־קע אויגן אויף מיר. און איך? ווי דער אמת, בין איך געבליבן גע־פּלעפט פאַרן באַלעבאָס׳ ציטער. און דער יוניאָן־באַאַמטער, אַ מענטש נישט איבערגעשפּיצט, האָט גאָרנישט ניט פאַרדעכטיקט. ער האָט מיט ערנסט געענטפערט:

— זיכער ער! נישט קיין אַנדערער, מיסטער גאַראַלניק. איר דאַרפט אים אויפנעמען אין שאַפּ ביי אייך פאַר אַ גוטן גאַסט. ער האָט דאָס כשר פאַרדינט, מיסטער גאַראַלניק.

ער איז אָבער געזעסן אַ שווייגנדיקער, דער באַלעבאָס גאַראַלניק. בלויז זיינע פינגער מיט די מאַנעקירטע נעגל האָבן נישט גערוט איבערן פלאַך פונעם שרייב־טיש . . . הפנים, אַ טויזנט שטיקער נייע אַרבעט אַריינקריגן יעדע וואָך אין קריזיס־צייט האָט וואָס צו זאָגן אפילו פאַר אַ באַלעבאָס ווי גאַראַלניק . . . האָט ער געפּויקט מיט די פינגער־שפּיצן, זיך גע׳ישוב׳ט און ענדלעך, גאַנץ געלאַסן, אַרויסגענומען דעם באַזיל־בערטן ציגאַרנטאַש פונעם בוזים־קעשענע, עלעגאַנט, מיט אַ ציטערדי־קער האַנט, דעם ציגאַרעטל אָפּגעקלאַפּט אין דעקל און פאַררויכערט און צוגעברומט אינעם רויך־וואָלקן:

— זיכער, מר. שעף . . . זיכער . . .

אַרום שרייב־טיש בין איך מיר געזעסן, זיך צוגעקוקט צו דעם צי־טערדיקן מר. גאַראַלניק — צו דעם נייעם באַלעבאָס מיינעם און באמת הנאה געהאַט, וואָס זאָל איך לייקענען? . . .

# זאָרג

נאָך סוכות זיינען געקומען קורצע כמורנע טעג. פונעם פאַרכמורעטן הימל זיינען, אין אַ געמיש פון רעגנס מיט פלאַכטעס נאַסן שניי, נאָכלעסיק געפאַלן. מירקין איז אַהיים געקומען פון באַרשט־פאַבריק און איז אַריין זיך וואַשן. דורך דעם טאָג האָט אַ דינער אומזיכטבאַרער שטויב פון קאַלך און שטרוי געפרעסן דעם מענטשן זיינע לונגען ביז די ביינער. אַהיים געקומען איז ער אַ האַלב־קראַנקער.

ס׳ווייב גיטל האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון. ריחות פון געפּרעגלטע מאכלים האָבן אין נאָז געביסן. דער שוואַרצער בולאַק, אַ הונט מיט לאַנגע אויערן, איז מיט אַ ברייט־צעעפנט מויל אויף צוויי פיס געשטאַנען פאַר איר, און מיט הינטישער חניפה אַרויפגעקוקט צו דער באַלעבאָסטע, זי זאָל אים עפּעס צוואַרפן. גיטל האָט אָבער איצט גאַרנישט ניט באַמערקט. זי איז פול געווען מיט אומרו, און געטראַכט פון דער יונגינקער בלענטש, ווי מירקין רופט זי.

זי האָט ביטער געשמייכלט צו זיך, געשמייכלט מיט צער, מיט פאַרדראָס: ווי אַזוי ס׳קומען גאָר צו איר די פינצטערע מחשבות! זי, גיטל, וואָס מ׳באַוואונדערט איר פערזענלעכקייט, איר אינטעליגענץ, זאָל קומען צו אַ לאַגע צו דענקען אַזוי נאָך אויף אַ שול־טוערין, אַ מאַמע פון אַ קינד! און ווען זי האָט פאַר אַ רגע זיך באַרואיקט, איז זי געווען פול מיט חרטה אויף אירע פריערדיקע מחשבות; אַ טיפע ליבע האָט אין איר דערוועקט צו דער יונגער בלענטש — דער אומדערמידלעכער שול־טוערין, וואָס אַרבעט אָן אויפהער פאַר דער קינדער־שול, וואו איר מעקסי לערנט דאָרטן. ווען זי זאָל בלויז אָפּלאָזן איר אַבראַשאַ, וואָס קומט אַ פינצטערער פון באַרשט־פאַבריק! געהערט? וואו מ׳דאַרף עפּעס, איז מירקין! אַקוראַט ווי ער וואָלט דאָרטן געווען דער איינציקער שול־טוער?!

גיטל האָט דווקא געקאָנט יעדן שול־טוער ביים נאָמען, זי איז נישט געווען קיין גאַסט. פאַרקערט, גיטל איז געווען היימיש, גאַנץ אָפט זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ שול־זיצונג, זיך אַריינגעכאַפּט אין קלאַס צימער בעת מ׳לערנט. זי פלעגט זיך זעצן שטיל אומבאַמערקט אין אַ ווינקל,

צו זען איר מעקס, ווי אַזוי ס'איִנגל פֿאַרהאַלט זיך ביים לערנען. דער לערער האָט געהאַט גאָר אַ געהויבענע מיינונג וועגן איר זינדל'ס קאָמ־פּאָזיציעס. גיטל האָט נחת געשעפּט. און איר אַבראַשאַ? ער האָט ממשות'דיק געטאָן די אַרבעט.

זייער שכנה, די יונגע בלענטש, האָט פֿון פֿריער געהאַט אַ קינד אין דער שול, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר אַכט. די יונגע מוטער האָט דאָס מיי־דעלע יעדן טאָג געבראַכט צום לערנען, געקומען צו די שול־זיצונגען. מיט איר רירעוודיקייט און פרישקייט האָט זי לעבן געבראַכט אין דער שול־אַרבעט. דאָ — אַ קינדער־שמחה, דאָ — אַ שול־באַזאַר, חובות אויפמאָנען, בילעטן פֿאַרקויפן — אומעטום האָט די זשוואַווינקע בלענטש זיך אָנגעזען. אינעם משך פֿונעם שול־סעזאָן האָט זי צוזאַמען געאַר־בעט מיט איר שכן מירקין, געלערנט אים ווי אין אַ פרעמדער טיר אָנ־קלאַפּן, קינדער ווערבירן פֿאַר דער שול.

און גיטל?

מיט אַ פלאַמענדיק פּנים איז אַצינד גיטל געשטאַנען און פֿון קיין אַנדער זאַך נישט געקאָנט טראַכטן פֿון זינט יענעם אָוונט . . . זינט די שול־טוערין, זעטין, האָט אין אַ שפּאַס, נאָך אַ שול־זיצונג, ביי אַ גלעזל טיי, איר, גיטלען, אָנגעצייגט מיט אַ פינגער אויף אַ באַנק און דערביי עפּעס אַ זאָג געטאָן וועגן דעם פּאָרל וואָס זיצט דאָרטן, וועגן איר אַבראַשאַ'ן . . . זינט דעמאָלט האָט אַן אייביקע אומרו זיך איינגעביר־גערט און זויגט פֿון איר ס'לעצטע ביסל חיות. און היינט גייט ער ווי־דער אַוועק מיט איר . . .

פֿונעם צווייטן צימער האָט זיך דערטראָגן מעקסי'ס דינער קול'כל ווי ער חזר'ט זיך איין . . . אידישע ווערטער האָט זי געהערט . . . זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי זי וואָלט כאָטש פֿאַר אַ ווייל זיך באַפרייט פֿון איר אומרו. איר מוטערלעכער געפיל האָט איר אַ ווײַלע דערהויבן; מיט האַלב־געשלאָסענע אויגן און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן האָט זי מיט אַלע אירע חושים זיך צוגעהערט . . . אַ געפּאַקטער זאַל . . . ס'איז טונקל און שטיל . . . פּנימ'ער צו דער בינע — איר מעקסי לייענט זיין ניי־געשאַפענע קאָמפּאָזיציע! איר מעקסי, איר זינדל! . . .

תיכף האָט זי זיך דערמאָנט אָן אירע באַקאַנטע דאָרטן אין זאַל, און אַ נייער אומרו האָט איר אָנגעהויבן צו נאָגן: דער „אָנצייג־פינ־

גער״ . . . „די מיסעס זעטין״ . . . אַלע, אַלע באַקאַנטע טייטלען איצט מיט די פינגער אויף איר! אַנדערע מיט רחמנות: „סטייטש, ווער זאָל זיך ריכטן ״— באַדויערן זיי איר. אַנדערע — מיט געשפּאָט! ווי איצט געדענקט זי דעם אויסדרוק פון זייערע פּנים׳ער — אָ, ווי חוזק!... ווי אַ רגע נאָכדעם האָט דער מוח זיך אַ קער געטאָן ביי איר, דאָס טעצל מיט די פולע גלעזער טיי, וואָס זי האָט דעמאָלט נאָך דער שול־זיצונג סאַרווירט, צוזאַמען מיט די בילדער אויף די ווענט — אַלץ האָט זיך אַ וויג געטאָן פאַר אירע אויגן. ניין! זי וויל אַהין מער נישט קומען, ניין!

זי האָט צו זיך עטלעכע מאָל גע׳חזר׳ט דאָס וואָרט: „ניין״, אָקו־ראַט ווי עמיצער וואָלט איר מיט געוואַלד געצוואונגען דווקא אַהין צו קומען. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַזוי זיך פאַר׳עקשנ׳ען, זי האָט געזוכט צו זיין גערעכט פאַר איר איינגעשפּאַרטקייט, האָט זי זיך גע־נומען גריבלען, דערמאָנען יעדער קלייניקייט, וואָס האָט דעם מינדסטן שייכות צו זייער צוזאַמענלעבן — און אַ בושה איז איר באַפאַלן: צו־וואָס אַזעלכע פינצטערע מחשבות? פאַרוואָס טראַכטן אַזוי וועגן איר אַבראַשאַ׳ן? איז ער אויף אַ האָר אַנדערש געוואָרן צו איר? און ווי שיקט זיך עפּעס, אַז זי, גיטל, אַ היימישע בונדיטסקע, וואָס אַגעטירט נאָך היינט דעם „פרייען געדאַנק״, זאָל תיכף פאַרלירן דעם קאָפּ — פּע... אָבער אירע אויגן זיינען דאָך אָפן, זעען אַזוי קלאָר זייער יעדן קער, זייער יעדן טראָט — געגנאַרעריי און בלויז געגנאַרעריי! מוז זי שווייגן און ליידן? ס׳איז דאָך אַזוי צי אַזוי! פאַרוואָס טאַקע נישט אַרויסקומען מיט אָפענע דיבורים אַזוי און אַזוי . . . און אפשרביידן איבערלאָזן און פּטור?!

זי האָט געפילט ווי דער קאָפּ דרייט זיך ביי איר, און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן. נאָך יאָרן צוזאַמענלעבן מיט איר אַבראַשאַ, האָט זי ווי יעדער אַנדערע אַרבעטער־פרוי, געענוג צרות אויף אירע פּלייצעס אי־בערגעטראָגן. אָבער אָט־די צרה איז געווען שפּאָגל־ניי און צו־געוויכ־טיק פאַר איר. איז זי געשטאַנען אַ פאַרלוירענע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער געטרייער הונט האָט רחמנות׳דיק אַרויפגעקוקט צו דער באַ־לעבאָסטע און זיך געטוליעט צו איר. אומגערן האָט זי דעם הונט אויפן פוס אָנגעטראָטן. אַ ווייַלע האָט זיך דער הונט אַ דריי געטאָן און ווי־

דער זיך אויסגעקערעוועט אויפן זעלביקן פלאַץ, זיך ווידער געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און מיט זיינע פאָדערשטע לאַפּעס האָט ער גע־דראַפּעט ס׳קלייד אויף איר און מיט אַ געביל געמאָנט עסן.

גיטל איז בייז געוואָרן וואָס דער הונט לאָזט איר נישט אָפּ. מיט רוגזה האָט זי געטריבן דעם הונט פון זיך און אים אַ דריגע געטאָן, ווי דער הונט וואָלט דער שולדיקער געווען. מיט אַ געקוויטשעריי האָט דער הונט זיך אַ קער געטאָן. די שטוב איז פאַרהילכט געוואָרן מיט הינטישע קולות. גיטל האָט גערופן מעקסי׳ן מיט אַ געבייזער:

—מעקסי! — האָט זי זיך צעשריען, — מעקסי! זאָלסט שוין די מינוט אַוועקנעמען דעם הונט, דו האָרכסט, מעקסי?

מעקסי האָט נישט געענטפערט.

— מע—ק—ס—י!!! וואָס טוסטו דאָרטן דעם גאַנצן אויפ־דערנאַכט? — האָט זי היסטעריש געגוואַלדעוועט.

— מיין נייע קאָמפּאָזיציע, מאַ.

גיטל האָט זיך געקליבן צו מעקסי׳ן אין צימער. ס׳גאַנצע ביטער האַרץ וועט זי דאָרטן אויסלאָזן ... אַט גייט זי אַריין ... אַ חורבן וועט זי דאָרטן מאַכן — אויס מיט דער אידישער שול! ... נאָר דווקא איז אַבראַשאַ געשטאַנען פאַר איר אַ פריש־געראַזירטער מיט אַ פאַרקעמטן קאָפּ. אַ רגע האָבן מאַן און ווייב זיך איבערגעקוקט. ער — מיט אַ שמייכל איבער דעם אויסגעצערטן פּנים. זי, גיטל, האָט אים פלינק אָפּ־געמאָסטן מיט פאַרשנדיקע פאַרדעכטיקטע אויגן, די אויגן האָבן מיט פייער זיך געצונדן:

— מיר זעען, אַבראַשאַ ... אָה, זעען מיר!!!

זי האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט געזוכט צו פאַר־טרייבן אירע פינצטערע געדאַנקען. צערטלעך האָט זי געפּרואווט באַ־טראַכטן זיין אויסגעצערטן פּנים מיט די ארויסגעסטאַרטשעטע קין־באַקן, באַטראַכט די בלוילעכע סמנים פון אונטער די אויגן, דערנאָך האָט זי אויפריכטיק געזאָגט:

— אין דעם מיאוס׳ן וועטער האָסטו געמעגט בלייבן אין דער היים, העלד מיינער!

מירקין האָט אויף אירע רייד גאָרנישט ניט געזאָגט. ער איז אַלץ געשטאַנען פאַר איר מיט דעם זעלביקן שמייכל וואָס האָט אויך גאָרנישט

ניט געזאָגט. זי האָט דווקא געוואָלט עפּעס זאָגן, גראָד איצט, ווען ער שטייט אַזוי רואיק און שמייכלט, האָט זי געגאַרט אָלצדינג אים דער־ציילן . . . פונעם האַרצן זיך אַראָפּריידן. פאַר וועמען דען? ווער אין דער וועלט קאָן איר אַזוי פאַרשטיין? און ווער קאָן איר געבן אַ בע־סער־באַרואיקנדיקן ענטפער? . . .

ביים טיש האָט גיטל וויניק געגעסן. מיט אַ שטאַרן בליק האָט זי אינעם פינצטערן דרויסן אַרויסגעקוקט. פון אַ צוגעמאַכטן צימער האָט דער הונט דער שוואַרצער בולאַק אַ טיר געריסן. פון די שטוב־ווינקלען האָט אַן אומרו זיך געשפּרייט.

# אין אַ קאַלטן פֿאַרנאַכט

פֿאַרנאַכט־צו איז אַ כמאַרנער אָנגעלאָדענער הימל נידעריק איבער די קעפּ געהאַנגען. אַ דעצעמבער־ווינט — קאַלט און שניידנדיק — האָט אויפגעריסן. אַרום דער זיבעטער עווענין האָבן אַרבעטער זייערע שעפער געהאַט פֿאַרלאָזט און אַהיים זיך געאײַלט. זיבלין, אַ מידער ווי נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט מיט דריבנע טריט נאָכגעשפּאַנט זיין באַגלייטערין. ער — אַ לערער פון ביאָלאָגיע, אין די טיפֿע דרייסיקער, מיט שאַרפֿע פּנים־קנייטשן פון די מויל־ווינקלען ביז איבערן הויכן שטערן. זי, רות, — מיט עטלעכע יאָר אינגער. זיי האָבן לעצטן זומער צופעליק זיך באַגעגנט אין אַ זומער־קעמפּ אויף זייער וואַקאַציע.

דער לערער זיבלין, אַ מענטש בטבע אַ פּאַר׳דאגה׳טער, אַ טרוקענער, וואָס זיין פּראַפעסיע האָט שוין ס׳לעצטע ביסל חיות ביי אים אויסגעצויגן, איז תיכף פון דער ערשטער באַגעגעניש געפאַנגען געוואָרן פון דער שפּרודלדיקער, זינגענדיקער רות, ווי אַ שאָטן האָט ער איר נאָכגעשפּאַנט סיי בייטאָג אַרום דעם בלויען וואַסער, סיי אין די אָוונטן אויפן שפּאַציר. זי האָט זיך נישט געווערט, און זיכער נישט געפּרואווט אים אויסצומיידן. צי זיין פאַרחלומטער אינטעליגענטישער פּנים האָט זי געצויגן, צי זיינע שיינע רייד, נאָר רות פלעגט שעה׳ן לאַנג זיצן מיט אים און שמועסן.

און געווען זיינען דאָרטן אין קעמפּ טעג זוניקע, נעכט האַלב־חודש־דיקע און סוף־חודש׳דיקע; און איינזאַמע וועגעלעך און שטעגעלעך — וואו אַ קער מיטן אויגן. דער פּנים ביי זיבלין האָט צוביסלעך זיך געענדערט: די שאַרפֿע קנייטשן, וואָס האָבן איבערן פּנים זיך געצויגן פון די מויל־ווינקלען ביז איבערן הויכן שטערן, זיינען פאַרשוואונדן, די איינגעפאַלענע באַקן אויסגעפילט און פאַרברוינט פון דער פרייער גליי־איקער זון. אין די שפּעטע ביינאַכטן, ווען זיי האָבן שפּאַצירט זאַלבע־באַנד, האָט זיבלין אַ חלום גע׳חלומ׳ט. אָבער דער חלום איז ווי אַ חלום פאַרשוואונדן.

עפּעס מיטאַמאָל, פּלוצים, ווי אַן ערד־ציטערניש, אין אַ פאַרנאַכט, פּונקט פאַרנאַכט, ווען די שטעגעלעך און וועגעלעך זיינען גרייט געשטאָ־

נעך פּאָר זיי און געוואָרט, איז געקומען צוקריכן פון ערגעץ אַ סקריפּענ־דיק פּאָרדל, אַ גרינס. פונעם פּאָרדל האָט זיך אַרויסגעשאַרט אַ קורצער דיקלעכער פּאַרשוין, מיט אַ קריש ציגאַר צווישן די ליפּן, און אַזוי גאָר, אינגאַנצן אומגעריכט, האָט דער פּאַרשוין דעם נאַרישן קאָפּ אַריינגע־שטעקט אין רוט׳ס באַנגעלאָ אַריין. געפונען דאָרט דעם פּאַרליבטן זיב־לין אַרום ס׳וויב זיינס, האָט דער פּאַרשוין נאַריש זיך צעכיכעט, און — אויס רוט!

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער דאָרטן געוואָרט און געוואָרט, אָבער רוט׳ן האָט ער נישט געזען. אין זכרון ביי אים איז בלויז פּאַרבליבן איר לענג־לעך צעשראָקענער פּנים, וואָס האָט אויפגעציטערט פון דעם צינישן גע־לעכטערל, וואָס דער פּאַרשוין האָט דעמאָלט דורכגעלאָזט דורכן קריש ציגאַר. צי רוט האָט דעמאָלט מיטגעלאַכט, געדענקט נישט זיבלין. מיט דער צייט האָט ער אין אַלץ פּאַרגעסן. דער שווערער יאָך פון זיין פּראָפּע־סיע האָט אים ווי אין קלאַמערס געהאַלטן.

און רוט? קיין גליקלעך לעבן האָט זי מיט איר מאַן קיינמאָל נישט געהאַט. און פון זינט זי האָט זיך באַקענט און אַזוי פּלוצים צעשיידט מיט זיבלינ׳ען, איז איר געוואָרן מיט יעדן טאָג ערגער. און ווען זי האָט זיבלינ׳ען אַ רוף געטאָן צו טרעפן זיך ביים שאַפּ וואו זי ארבעט, איז ער געקומען.

רוט האָט אים באַגעגנט מיט אַ שמייכל ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. זיי האָבן געשפּאַנט אויף דער עוועניו. זי — מיט אויסגערעכנטע טריט, ווי זי וואָלט זיך געגרייט אָנצוהויבן איר געשפּרעך. זיבלין האָט נאָכ־געשפּאַנט ווי אַ גוט קינד. פּאַר אים, דעם אַלטן עלנטן בחור, איז געווען גענוג, וואָס רוט האָט אים גערופן, און זי שפּאַנט ביי זיין זייט. ערגעץ אין מוח ביי אים האָט אַ גוטער חלום ווידער אָנגעהויבן זיך צו וועבן. זי האָט פּלוצים געזאָגט:

— איר מוזט מיר אַנטשולדיקן, טייערער פריינט. מיינע צרות —

זי איז שטיל געבליבן. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַ טרויער שפּרייט זיך איבער איר לענגלעך בלאַסן פּנים. זי האָט זיך געקנורעט און זיך געטוליעט צו אים מיט אַ פיבערישן ציטער, ווי זי וואָלט ביי אים געזוכט זיך צו שיצן פון אַ בייזן פיינט. מיט געהויבענע אַקסלען, האָט זיבלין געקוקט אויף זיין באַגלייטערין מיט אירע האַלב־פאַרמאַכטע

אויגן. זי איז גיך צו זיך געקומען און האָט טרויעריק געזאָגט:

— כ׳ווייס, כ׳ווייס, מיין עלנטקייט . . .

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן מיט אַ פּנים, ווי זי וואָלט געוועזן מיט אים אַנטוישט, וואָס ער פרעגט גאָרנישט . . . זי האָט געפּרואווט וואָרפן אויגלעך פון דער זייט און באַמערקט, ווי ער שפּאַנט־נאָך אַן אייז־קאַל־טער, אַ פאַרשטומטער. רוט האָט זיך נישט פאַרלוירן. זי האָט גע־זאָגט:

— פאַרשטייט מיך, טייערער פריינט. מיר איז שווער צו ריידן אויף מיין אייגענעם מאַן, איר האָט דאַכט זיך אַמאָל אים געזען מיט זיין פאָרדל? אָט מיט דעם פאָרט ער אַרום—איר ווילט דאָך זיכער וויסן!...

אַצינד איז שוין רוט ווי זיכער געווען, אַז זי האָט געבראָכן דאָס אייז, און באַלד וועט ער אָנהויבן צו ריידן. זיבלין האָט אָבער קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט גאָר געפילט, ווי אַ ביטערע קעלט פרעסט זיינע ביינער דורך, און ס׳הויבט אים אַפילו נישט אָן צו אינטערעסירן, וואָס זי דערציילט אים. רוט האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, זי האָט ווידער געפּרואווט:

— איר מעגט דאָס הערן, פריינט זיבלין. ביי מיינע שכנים קאָר־טעוועט מען גאַנצע נעכט. מיין מאַן לאָזט איבער דאָרטן זיינע פאַר־דינסטן, און מיט יענער פרוי איז מיין מאַן . . .

זי האָט אינדערשטיל געוויינט. מיט איר וויינענדיקן פּנים האָט זי געקוקט צו זיבלין׳ען, געוואַרט ער זאָל אַצינד זאָגן צו איר דאָס, וואָס יעדער מאַן אין דער לאַגע וואָלט אַצינד געזאָגט. און ווען ער האָט אַלץ געשוויגן, איז זי געוואָרן קאַפּריזנע־בייז וואָס שוין אַזוי גיך האָט ער פאַרגעסן! האָט ער דען נישט איר איינמאָל געגעבן אָנצוהערעניש צו פאַרלאָזן איר מאַן און קומען צו אים? אַצינד אָבער ווי איר אויף להכעיס זיינען די ליפּן ביי אים געווען געשלאָסן; מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ, אַן אַנטוישטער, אַ פרעמדער, האָט דער מענטש אַצינד נאָכ־געשפּאַנט און צו זיך טענות געהאַט: וואָס פאַר אַן אומגליק האָט אים גאָר אַהער געבראַכט? וואָס פאַר אַ מחויב איז ער צו הערן אירע טענות קעגן איר מאַן?

רוט האָט אים נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן:

— איר הערט, מיין ליבער זיבלין, — האָט זי האָפעדיק פון דאָס

ניי אָנגעהויבן, — ווען איר זעט מיט אייערע אויגן דאָס, וואָס איך האָב נעכטן אויפגעטאָן ? ! די חתונה וואָס איך האָב ביידן דאָרטן אויפ־געשפּילט — —

זי האָט דערציילט מיט יעדן פּיצעלע ווי די „כאַסינקע" דאָרטן ביי די שכנים האָט זיך אָפּגעשפּילט, און ווי זי האָט תיכף נאָכדעם איר מאַן איבערגעלאָזט ! דער קאַלטער ווינט האָט דערוויילן מיט יעדן טראָט טי־פער געשניטן אין אַלע זיינע גלידער. האַלב־דערפרוירן האָט ער אָצינד זיך קוים נאָכגעשלעפּט נאָך איר. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קאַפעטעריע און אָנטשלאָסן געזאָגט :

— מירן אריינגיין, רוט. מירן טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס און ריידן.

ער איז איצט באמת געווען אָנטשלאָסן מער נישט אַ טראָט צו טאָן מיט איר. די נאַרישע מעשה, וואָס זי האַלט אין דערציילן וועגן איר מאַן, וויל ער מער נישט הערן ! צו וואָס ? איז ער דען צוליב דעם אַהער געקומען ? ניין ! געקומען איז ער צו באַגעגענען יענע זאַרגלאָזע שמייכלענדיקע רוט. געטראָפן האָט ער אַ פרעמדע דאַמע גאָר מיט אַ פאַרזויערט פּנים. און זי, די פרעמדע דאַמע, שלעפּט אים אַרום איבער קאַלטע גאַסן, פאַרדרייט אים אַ מוח מיט נאַרישע מעשיות וועגן איר מאַן, וואָס נישט ער קאָן אים, און נישט ער אינטערעסירט אים, מוז ער דאָס אויסהערן ?

רוט האָט אינסטינקטיוו דערפילט די אומצופרידנקייט פון איר באַגלייטער. און אַ ציטער האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט געפילט, ווי זי פאַרלירט איר לעצטן אָנהאַלט אין איר טרויעריק לעבן — דעם גוטן מענטשן זיבלין, פון וועלכן זי האָט די לעצטע צייט גע'חלום'ט ווי פון אַ באַפרייער. און ווי איינע וואָס טרינקט זיך, האָט זי געפרואווט דעם לעצטן, אויסגעפרואווטן מיטל ; זי האָט דרייסט אַ נעם געטאָן זיינע קאַלטע פינגער אין אירע וואַרימע הענט. שמייכלענדיק האָט זי געזאָגט:

— ניין, ליבער זיבלין. איך האָב פיינט קאַפעטעריעס, וואו אַלע קוקן מיר אין טעלער אַריין. אין אַן אינטימען פּלאַץ וועלן מיר גיין. קום מיט מיר, מיין ליבער.

זי האָט פאַרפירעריש געשמייכלט, אים גענומען אונטערן אָרעם, זיך געטוליעט צו אים. אַ שיכור'ע וואַרימקייט ווי פון געעפנטע טונען

ווייַן האָט פֿון איר לייב געשטראָמט צו אים. ער האָט מער נישט געטראַכט זיך אַרויסצעדרייען. אַ פֿאַר׳חלום׳טער האָט ער נאָכגעשפּאַנט. מענטשן זייַנען פֿאַרבייגעגאַנגען, גאַסן, עוועניוס האָבן פֿאַר זייַנע אויגן זיך געביטן, און ער האָט גאָר נישט געזען, ווי ער וואָלט אַצינד געשפּאַנט אויף אַ פֿרעמדער וועלט, דורך אומבאַקאַנטע פֿרעמדע וועגן, — וועגן סודות׳דיקע, וואָס פֿירן אַהין, צום פֿאַר׳כּישוף׳טן אינטימען פּלאַץ וואָס זי, רוט, האָט אים פֿאַרשפּראָכן.

— זיבלין . . . — האָט זי פּלוצים אים אייַנגערוימט אַ סוד, — איך בלייב מיט דיר, זיבלין. איך גיי נישט מער צו מייַן מאַן . . .

ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַ מאָדנעם שמייכל, וואָס ס׳האָט געקאָנט מיינען: ער איז יע צופֿרידן און נישט צופֿרידן. אין אַ רגע אַרום איז דער שמייכל פֿאַרשוואונדן, און ס׳פּנים ביי אים האָט זיך פּלוצים אויסגעצויגן און זיך צעקאַרבט; און געקוקט האָט ער אויף איר מיט אויגן דערשטוינטע, און די פֿיס ביי אים האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן אויך דערפֿילט די באַדייטונג פֿון אירע עטלעכע ווערטער... אַ שווייַגנדיקע האָט זי פֿאַמעלעך דעם קאָפּ אויפֿגעהויבן, באַטראַכט דעם פֿינצטערן פּנים זייַנעם, וואָס האָט זיך אַלץ מער געקאַרטשעט פֿון פֿאַרלאָרנקייט . . . זי האָט געכאַפּט אַ בליק אויפֿן געלענק-זייגערל און האָט כּלומרשט געזאָגט:

— איך מוז אַוועקגיין, זיבלין. איר וועט מיר אַנטשולדיקן — יאָ.

זי איז גיך אַוועק. מער האָט ער איר נישט געזען.

# אַ נייע פּראָבלעם

דאָס איינציקע וואָס קאַלופינען דעם יוניאָן באַאַמטן איז פאַרבליבן פון זיינע אַמאָליקע ראַדיקאַלע צייטן איז געווען: באַטראַכטן פּראָבלע־מען.

אין יענע יאָרן, ווען קאַלופין האָט נאָך נישט גע׳חלום׳ט צו זיין אַ יוניאָן־באַאַמטער, איז נאָך געווען אַ „פאַרברענטער" ראַדיקאַל, זיך אַרומגעטראָגן מיט פולע קעשענעס „פרייע שריפטן" — איז פאַר אים אַלץ געווען קלאָר . . . ס׳וואָלט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין פון אַזעלכע „פּראָבלעמען". אָבער מיט זיין אַריינקומען אין אַמט, איז די קלאָרקייט ביסלעכווייז צעשוואומען. געבליבן זיינען בלויז די סימנים פון וועלכע ער, קאַלופין, קאָן בשום־אופן נישט פּטור ווערן; אָט־די סימנים לאָזן אים, דעם אָרעמען באַאַמטן נישט רוען, נישט בייטאָג, ווען ער דאַרף „פאַרטרעטן די ברידער־אַרבעטער", און נישט ביינאַכט, ווען ער קומט אַהיים.

---

די פרוי קאַלופין האָט אים געבוירן אַ זון.

אַ געוויינלעכע פּאַסירונג, אָבער נישט פאַר דעם געוועזענעם שטאַרק־„פאַרברענטן" ראַדיקאַל קאַלופין.

די פרוי קאַלופין, אַן אַמעריקאַניזירטע, געוויינלעכע אידישע טאָכ־טער, האָט געפאָדערט: מאַכן אַ ברית־פּאַרטי, מיט לייטן גלייך . . . וואָלט דאָס אַליין שוין געווען פאַר קאַלופינען אַ פּראָבלעם, איז אָבער דערצו נאָך קאַלופין אַ יוניאָן־באַאַמטער מיט קאָלעגן באַאַמטע, און ער מיט די קאָלעגן־באַאַמטע דאַרפן האַנדלען מיט באַלעבאַטים, מיט זייער אַסאָסיאַציע, מיט זייער סעקרעטאַר שינדלער און זייער אַסאָסיאַציע־מענעדזשער פּאַקס, וואָס לעבן צוזאַמען ווי איין משפּחה — מוז מען דאָך אַלעמען פון אָט־דער משפּחה איינלאַדן . . . איז פּונקט איצט, ווי אויף להכעיס, האָט זיך פאַרגלוסט שינדלער׳ן, דעם סעקרעטאַר זייערן, וואָס פאַרמאָגט אַ גרויסן שאַפּ, אַרויסצוואַרפן פינף אַרבעטער, כלו־מרשט זיי טויגן נישט . . . „זיי פירן אים איבער די אַרבעט!" און ער, דער ביזנעס־אַגענט קאַלופין באַדאַרף, לויט נאָך שותּפות׳דיקע

האַנדלונגען „דאָס גוט מאַכן״. דוואָרסקי, דער „מאַכער״ פון זייער עקזעקוטיווע, האָט זיך פאַרגלוסט איצט, שוין צום דריטן מאָל, שניידן דעם לוין פון זיינע אַרבעטער. צו דעם האָט פּאַסאַלי, דער איטאַליע־נער „באָס״, דער בכבוד׳יקער מענטש מיט שיינע מאַנירן, אינמיטן דער־רינען גלאַט צע׳ממית׳ט זיינעם אַן אַרבעטער — אַזוי זיך, טאָ ווער זאָל זיך עס אויף דעם גאָר ריכטן ? . . .

האָט קאַלופין זיך אַרומגעדרייט אין זיין יוניאַן־אָפיס, אַ הויכער, מיט ברייטע פלאַכע פלייצעס, די לאַנגע הענט אין די הויזן־קעשענעס, דעם קאָפּ געבויגן צום דיל, ווי ער וואָלט דאָרטן עפּעס זוכן.

ער איז ברוגז געווען אויף דער וועלט, קאַלופין: אויפן באַלעבאָס שינדלער, וואָס האָט פונקט איצט זיך אויסגעקליבן אַרויסוואַרפן זיינע אַרבעטער, ער איז ברוגז אויף דער אַסאָסיאַציע מיט זייער כיטרען מע־נעדזשער פאַקס, וואָס לויט נאָך די שותפות׳דיקע האַנדלונגען, באַדאַרף ער, קאַלופין, „דאָס גוט מאַכן״, איז ער ברוגז אויף די אַרויסגעוואָרפע־נע אַרבעטער, וואָס לאָזן אים נישט רוען! אויף אַלעמען איז ער ברוגז און אויף זיך אַליין אויך, פאַרוואָס ער איז אַזאַ קוואַטש אַ ביזנעס־אַגענט, וועלכער האָט פאַר אַלץ מורא . . .

די אָפיס־טיר האָט זיך געעפנט, ס׳איז אַריין דער אַסאָסיאַציע־מענעדזשער פאַקס. מיט אַ געמאַטערטן שמייכל האָט קאַלופין אים באַגעגנט:

— וואָס ברענגט איר גוטע נייעס, פריינט פאַקס?

דער מענעדזשער פאַקס, אַ קורץ־געפּאַקט מענטשל, מיט אַ גע־שפּרינקלטן פּנים, האָט פאַמעלעך אויסגעטאָן דעם מאַנטל מיטן הוט, אַ שאַר געטאָן דעם פליכעוואַטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זוכן די בויטיקסטע ווערטער, האָט ער זיך געזעצט אַרום שרייב־טיש, ער האָט גערעדט גע־לאַסן און שאַרף:

— איך בין אייך געקומען זאָגן, פריינט קאַלופין, אַז די וואָך וועט אַ קאָמיטעט פון אונדזער אַסאָסיאַציע אייך באַזוכן מיט אַ פאָדערונג: „מיר מוזן איינפירן שטיק־אַרבעט״, אויב איר ווילט נישט, אַז מיר זאָלן צושליסן די שעפּער!

דער ביזנעס־אַגענט קאַלופין האָט זיך צוגעהערט און בעת־מעשה געקוקט אין אַ זייט, ווי ער וואָלט געהערט אַן אומוויכטיקע זאַך. בלויז

פון יוצא וועגן האָט ער געזאָגט:

— אונדזער יוניאָן איז צופרידן אויפצונעמען אייער קאַמיטעט, אָבער נישט די וואָך. איר פאַרשטייט, נישטאָ קיין צייט.

— איך וויל אייך אָבער זאָגן קאַלופּין, דער באַלעבאָס דוואָרסקי מוז נאָך די וואָך שניידן די שכירות! ער גייט אונטער, דוואָרסקי... מיר קענען לענגער נישט וואַרטן! אגב . . . כ׳האָב געהערט, אַז די יוניאָן האָט צוגע׳משפּט דעם איטאַליענער „באָס״ פּאַסאַלי אַ הונדער־טער שטראָף — ווי? איר דענקט עס טאַקע אויפצומאָנען?

— געוויס וועלן מיר דאָס אויפמאָנען! — האָט קאַלופּין פעסט געענטפערט, — וואָס אייגנטלעך דענקט איר? ער איז אַ מיוחס, ער האָט אַ גרויסן שאָפּ — איז הפקר, שלאָגן אַרבעטער?

ער האָט פּראָטעסטירט באמת, אַז די ליפּן האָבן ביי אים געציטערט. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס ער איז אין אַמט, פאַר די אַלע אומרעכטן, וואָס ער, אַלס אַ באַאַמטער, האָט געדאַרפט „גוט־מאַכן״, האָט ער אַצינד פּראָטעסטירט. פאַקס, דער דורכגעטריבענער אַסאָ־סיאַציע־מענעדזשער, האָט בעת־מעשה זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, און־טערפייפנדיק אַ פּאָפּולער לידל. ער האָט אַנטשלאָסן אַרויסגערעדט:

— איך גיב צו, קאַלופּין, אַז די יוניאָן איז גערעכט מיט איר משפּט. וואָס עפּעס טאַקע שלאָגן אַן אַרבעטער? וואָס גערעכט איז גערעכט, איך וועל באַצאָלן דעם הונדערטער שטראָף און געענדיקט אַן עסק.

— איך בין צופרידן, — האָט קאַלופּין געזאָגט, — איך וויל אָבער זאָגן, אַז דער באַלעבאָס שינדלער וועט מוזן צוריק אָנשטעלן די אָפּ־געזאָגטע אַרבעטער. זיי טרעטן נישט אָפּ פון מיין אָפּיס.

ער האָט געקוקט אויף פאַקס׳ פּנים, צי זיינע פעסטע ווערטער האָבן אויף אים געמאַכט דעם געוואונטשטן איינדרוק. קאַלופּין האָט דערזען אַ צערייצטן פּנים, רויט, ווי די געציילטע האָר איבערן פּליך. פאַקס האָט געקלאַפּט מיט די פינגער־שפּיצן אינעם שרייב־טיש. פּלוצים האָט ער פון דער קעשענע אַרויסגעשלעפּט אַ ציגאַר, אימפּעטיק אָפּגעביסן דעם שפּיץ און מיט פאַרשטשירעטע ציינער געזאָגט:

— איך האָב פיינט אַזעלכע געשעפטן, קאַלופּין! אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך! וואָס האָט איר זיך פּלוצים דערשראָקן? פאַר וועמען? פוי, כ׳האָב דאָס נישט ליב!

קאַלופּין האָט זיך גענומען וואַקלען. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן, און געשפּרייזט הין און צוריק מיטן פּנים צום דיל: פאַקס׳ שטאַרקע אַרגומענטן קאָנען קיין גוטס צו זיין אָמט נישט ברענגען! אָבער די פּנים׳ער פון די אָפּגעזאָגטע... זייערע סטראַשונקעס, צו ברענגען אַהער, אינעם יוניאָן־אָפּיס, זייערע ווייבער און קינדער, — ניין, דאָס וויל ער נישט!" ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט די פּלאַכע פּלייצעס און אַנטשלאָסן געזאָגט:

— ער וועט מוזן! דער באַלעבאָס שינדלער!...

קאַלופּין אָט זיך דערמאָנט אין דער ברית־פּאַרטי, און ער האָט געביטן דעם טאָן:

— יאָ... אַלנפאַלס וועלן מיר מוזן נאָך אַמאָל באַטראַכטן דעם ענין, דערווייל בין איך די וואָך זייער פאַרנומען, מיסטער פאַקס. מיר קומט אַ מזל־טוב, מיין פרוי האָט געבוירן אַ זון, זונטיק איז דער ברית אין מיין היים. איר וועט דאָך מסתמא קומען!

פאַקס׳ פּנים האָט צוריקגעקראָגן דעם „נאַטירלעכן" שמייכל. ער האָט זיך געשאָקלט און צוגעדרייט מיטן קאָפּ גאָר אַ צופרידענער:

— צי איך וועל קומען? אַלע אונדזעריקע וועלן דאָרטן אַ הוליע טאָן. איר האָט עפּעס צוגעגרייט?

---

די טישן אין קאַלופּינ׳ס וואוינונג זיינען געווען געגרייט מיט כל־טוב. די געסט — באַלעבאַטים מיט „יוניע"־פירער׳ס, האָבן דערווייל אָנגעהויבן צו פאַרזוכן צוביסלעך... אויבנאָן — דער מענעדזשער פאַקס האָט אַליין וויניק געטרונקען און אַ סך געשמייכלט צו דעם אי־טאַליענער „באָס" פּאַסאַלי מיט זיין רונדן בייכל. איבערן בייכל — אַ גאָלדענע קייט. ער האָט פאַר די געסט געגאָסן דעם באַליבטן „סקאָטש". דער פּאַסאַלי און דער באַלעבאָס שינדלער האָבן געטרונקען. און וואָס מער שינדלער האָט געטרונקען, זיינען די פאַרטערטע אויגן זיינע נאַסער געוואָרן, אַז געדאַכט האָט זיך, אַז ער קומט ערשט פון אַ לוויה... דער באַלעבאָס דוואָרסקי, אַ פריילעכער מענטש, האָט קוקנדיק אויף דעם באַלעבאָס שינדלער׳ס פאַרטערטע אויגן, געבראָקט וויצן אויף זיין חשבון, בעת זיין רעכטע האַנט — טיף אין דער הויזנקעשעניע, ווי ער קלייבט זיך אַרויסצושלעפּן אַ פינפערל צו שפּילן פּאָוקער.

קאַלופּין האָט זיך גע׳סוד׳עט מיט דער ווייב. זי איז געשטאַנען אַ בלאַסע און מיט אירע שאַרפע אויגן באַפוילן: וועמען אויסצוטיילן די כיבודים ביי דער ברית־צערעמאָניע. קאַלופּין, צוועהרנדיק זיך צום ווייב׳ס באַפעלן, איז געקומען פּנים־אל־פּנים מיט גאָר אַ נייער פּראָבלעם, אי־בערהויפּט אויפן פעטסטן כיבוד, וואָס דאָס ווייב האָט אויסגעטיילט „סנדק" צו איר פעטער, מיסטער וואָרצל, אַ מענטש אַ דאַרער, אַ באָב־רילטער, מיט אַ גלאַנציקן פּליך. ער פאַרמאָגט, אָבער, דער פעטער, מיסטער וואָרצל, אַ גרויסן ראַדיאָ־געשעפט, מיט גאָר אַ נייאינקן אויטאָמאָביל . . .

און ווי דער אמת, וואָלט קאַלופּין אויך געוועזן צופרידן פון דעם ווייב׳ס אויסוואַל, וואָרוס וואָס אַ שטייגער קאָן קאַלופּין אָנווערן אויב דעם ווייב׳ס פעטער מיטן גלאַנציקן פּליך וועט האָבן דעם כיבוד ? איז אָבער דערדאָזיקער כיבוד „סנדק" שוין פון פריער באַשטימט געוואָרן פאַר דעם איטאַליענישן באָס פּאַסאַלי, און באַשטימט האָט עס דער אַסאָ־סיאַציע־מענעדזשער פאַקס אַליין . . . איז דער אָרעמער קאַלופּין געשטאַ־נען מיט די ברייטע פלאַכע פּלייצעס און נעבעכדיק געקוקט אויפן ווייב, זי זאָל האָבן איינזעעניש . . . ביז פאַקס האָט באַמערקט די דראַמאַטישע סצענע און אַזוי איז דער סנדק־פּראָבלעם דערליידיקט געוואָרן.

---

דער מוהל האָט אָפּגעטאָן זיינס און איז אַוועק. דער מענעדזשער פאַקס האָט זיך געקרוינט פאַר דעם „טאָוסט־מייסטער", און האָט אַרויס־געגעבן באַפעלן אין אַ שפּראַך פון אַ געמיש אידיש־ענגליש, דאָס איינגע־וויקלט אין תורה, חכמה, שאַרף און טרעפלעך, אַז: דער זאָל זינגען! דער זאָל האַלטן אַ דרשה! און פלוצים, אַ באַפעל צום באַלעבאָס — „קאַלופּין מוז דבר׳ן!"

די האַלב־שיכור׳ע געסט האָבן אַפּלאָדירט מיט די הענט און מיט די פיס, געווענדט זייערע בליקן צו קאַלופּינען . . . אָבער קאַלופּין איז בעת־מעשה אַ פאַרקלערטער געזעסן מיט די עלנבויגנס אָן טיש. ער איז געזעסן מיט אַ פאַרזויערטן פּנים אָן דעם מינדסטן חשק זיך אויפצושטעלן צו האַלטן אַ דרשה . . . אָבער דעם ווייב׳ס באַפעלנדיקע אויגן האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן זיינע, האָט קאַלופּין, ווי צו דער תליה, זיך קוים אויפגע־שטעלט.

געזעסן האָט דער עולם אַ הויך־אויסגעוואָקסענעם יונג, מיט ברייטע

פלאַכע פלייצעס, מיט אַ פּנים וואָס מאַטערט זיך צו געבן אַ שמייכל . . . וואָס אַזוינס דער אָרעמער קאַלופּין האָט דעמאָלט גע׳דבר׳ט און עס האָט זיך אפשר אויסגעדוכט אַז ער זאָגט עפּעס . . . די געסט האָבן סיי־ווי גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. און ווען קאַלופּין, אַ פאַר׳חלש׳טער, האָט זיך קוים אַרונטערגעלאָזט צום בענקל, האָט דער מענעדזשער פאַקס מיט אַ וואונק צום עולם, דער ערשטער אָנגעהויבן צו אַפּלאָדירן. אייג־צייטיק ממזר׳יש געפינטלט צו דוואָרסקי׳ן, ווי ער וואָלט זיך בעטן: „ראַטעווע, גוטער ברודער!"

דוואָרסקי האָט אַרויסגעשלעפּט די רעכטע האַנט פון די הויזנקע־שעניעס און מעשה דירגענט אָנגעהויבן זינגען אין כאָר:

. . . קלאַפּט שוין אַלע מיט די בעכער,
פריילעך, לוסטיק זאָלן מיר זיין.
זינגט איר אַלע העכער —
נאָר צוליב דעם גלעזעלע וויין.

דאָס גלעזעלע ליין איז אַ סחורה,
דערצו אַ גאַנץ פיין ליד.
ס׳פאַרטרייבט די מרה־שחורה,
ווען ס׳גייט ניט גוט.

ס׳איז תיכף פריילעכער געוואָרן. אויך ברודער קאַלופּין האָט גע־פּרוּווט זיך מיטפרייען און איז געבליבן מיטן פאַרטראַכטן פּנים, אַזוי ערנסט פאַרזאָרגט, ווי אַן אומגליק זאָל זיך אויף אים פון ערגעץ אָנרוקן. נישט ער האָט נאָכדעם געהערט ווי דאָס ווייב זיינס האָט פאַר אַלעמען דעקלאַמירט אַ ליד, און נישט די אַפּלאָדיסמענטן וואָס זי האָט געקראָגן. ער האָט אויך נישט נאָכדעם געהערט די דרשה, טאַקע וועגן אים. קאַלו־פּינען, וועמען דער מענעדזשער פון דער אַסאָסיאַציע, מיסטער פאַקס, האָט אַזוי וואויל געלויבט . . . אַזוי, אַ פאַרטראַכטער, האָט קאַלופּין ניט באַמערקט ווי נאָך דעם באַלעבאַטישן מענעדזשער׳ס וואוילע דרשה, האָט פּלוצים, ווי פון הימל, גענומען פליען פּאַפּיר־געלט, „טשעקלעך" פון פאַרשיידענע קאַלירן — „אַ מתנה צו דעם ניי־געבוירענעם קינד — צום נייעם מיטגליד אין דער פיינער משפחה" . . .

---

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן חברה געהוליעט און געשפּילט „פּאָ־

קער". די מערסטע פון זיי האָבן צו דער אַרבעט נישט באַדאַרפט אויפֿ־
שטיין פרי, בלויז איינער פון זיי איז געזעסן מיט אַ פאַרקנייטשטן
שטערן, ברודער קאַלופּין; ער האָט געקלערט וועגן דעם נייעם פּראָב־
לעם, וואָס איז נאָך נישט דערליידיקט געוואָרן, און וואָס האָט אים אַצינד
געמאַטערט:

— צי איז טאַקע שטיק־אַרבעט נישט קיין ברכה פאַר די אַרבעטער.

— צי... צי...

ער האָט אָנגעהויבן איינצודרימלען צוביסלעך ברודער קאַלופּין,
דער יוניאָן־באַאַמטער.

# אייגענע מענטשן

אַנגעהויבן האָט זיך דער געטומל פון אַ „קלייניקייט": דער קליי־דער־באַלעבאָס טשאַרלי באָם, אַ יונג אַ בריטאַן, האָט אַנגעשטעלט אַרבעטער אָן דעם וויסן פון דער יוניאָן.

און ווי דער באַלעבאָס האָט שפּעטער אין זיין לשון דאָס איבער־דערציילט דעם יוניאָן־פּאַרטרעטער מאַיק, האָט סימאַ, דער שאַפּ־טשער־מאַן — אַט־דער סמאַרקאַטש — צעעפנט אַ פּיסק: „שוין, די מינוט אַוועקשיקן זיי!"

„געהערט אַ חוצפּה?" אַזוי אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, ביז ער, דער באַלעבאָס, האָט דעם סימאַ׳ן אַ „וויש געטאָן" צווישן די אויגן, „צע־בלוטיקט ווי אַ חזיר". איצט — „אָ, ניין! דער סמאַרקאַטש קאָן ביי אים מער נישט אַרבעטן!"

דער יוניאָן־פּאַרטרעטער, מאַיק, אַ מענטש בטבע אַ ציניקער, האָט אַצינד דווקא זיך ערנסט צוגעהערט, וואָס דער באַלעבאָס האָט דער־ציילט און געפּאָדערט. אָבער העלפן אים — איז באמת נישט געווען אין זיינע כוחות: די אַרבעטער מיט זייער טשערמאַן זיינען אַוועק אין זייער יוניאָן. און ווי דער צע׳ממית׳טער סימאָ האָט אים געזאָגט, וועט דער סקאַנדאַל גלאַט נישט אָפּגיין! אַזוי אַרום איז מאַיק, דער יוניאָן־פּאַרטרעטער, געשטאַנען ווי אַ פאַרשולדיקטער פאַרן באַלעבאָס טשאַרלי באָם, געקוקט דורך ראַמלאָזע ברילן ווי אַ ליימענער גולם.

אַ טאָג איז אַוועק, ס׳איז אַוועק אַ וואָך. ביים באַלעבאָס האָט גע־ברענט יעדע מינוט! דער „יוניע־פּאָליטישן", דזשעק „פּרעסער", אַן אַלטער בוזים־פריינט פון טשאַרלי באָם, איז דערווייל מיט זיין פריינט געזעסן אינעם טונקעלן „ווילעדזש" איבער אַ גלעזל מיט „צובייסן" און געמאַכט פּלענער . . . נאָך אַלע פּלענער, ערשט אַ צוויי וואָכן שפּעטער, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט, איז דער יוניאָן־פּאַרטרעטער, מאַיק, אַהין געקומען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אויפ־געפּאָדערט דעם באַלעבאָס צו דערשיינען פאַר אַ יוניאָן־געריכט. טשאַר־לי האָט זיך געוואָרפן מיט רציחה:

— וואָס? ער, טשאַרלי, וועט זיך דערנידעריקן, — אַט דעם

סמאַרקאַטש ? אַזוי לאַנג קרענק ער !

דעם פאַרנאַכט האָבן זיך געזען אין „ווילעדזש" די צוויי אַלטע בור־זים־פריינט : טשאַרלי באָם און דזשעק דער „יוניע־פּאָליטישן". טשאַר־לי, מיט אַ גלעזל אין דער האַנט, האָט אין זיין לשון ס׳האַרץ זיך געריסן אויפן „דאַבל־קראָסער", דעם יוניאָן־פאַרטרעטער מאַיק און אויף זיין שאָפּ־טשערמאַן דעם „סמאַרקאַטש", וואָס וויל אים רואינירן ! — „ווי־פיל אים זאָל נישט קאָסטן, ער מוז פוןביידן פּטור ווערן !" דזשעק איז בעת־מעשה געווען פאַרטיפט איבער אַ שפּאָרן צוביים. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער פאַמעלעך פאַררויכערט אַ ציגאַר און ער האָט געזאָגט געציילטע ווערטער :

— לאָז אָפּ מאַיק׳ן ! דאָס איז מיין געשעפט ! וואָס איך טראַכט, איז ווי אַזוי צו קריגן דעם פאַרזיצער פונעם יוניאָן־געריכט, דעם „צדיק" פישער מיט אונדז ! פישער קאָן אַלץ פאַרטיידיקן מיט אַ פרומען פנים — אָט וואָס !

— ווער מיינסטו ? — האָט טשאַרלי אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— מיינסטו דעם קורצן פאַרשוין, אָט־דעם מיטן פּעמפּיק, וואָס מיר האָבן אים אַנומלטן געטראָפן אין קעלער׳ס זומער־רעזאָרט, שאַרנדיק זיך צו דער בלאָנדער קעלנערין ? ער קאָן מיך . . . דזשעק, ווילסט אים דאָ מאָרגן האָבן ?

— ביזט אַ יאָלד, טשאַרלי. נישט מאָרגן, נישט קיינמאָל וועט דער „צדיק" פישער פרייוויליק קומען אַהער — מיט אונדז פאַר „ביזנעס". ער איז פאָרזיכטיק, דער „צדיק" ; ער איז געניאַל־אומפאַרטייאיש : מיט צוויי אויגן קוקט ער אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען, וואָס ס׳לוינט זיך בעסער פאַר זיין קאַריערע — פאַרשטאַנען ? — וואַרט אַ ווייל, טשאַר־לי, מ׳וועט זיך שוין — — —

---

דער אויטאָמאָביל האָט זיך געגליטשט אויף דעם געפלאַסטערטן סטעיט־ראָוד. ס׳איז נאָך געווען פרי און נעפלדיק. אַ קילער יוני־ווינט האָט אַריינגעבלאָזן דורך דער צעעפנטער שויב און צעשויבערט דעם טרייבער׳ס גלאַט־פאַרקעמטע האָר. דער טרייבער טשאַרלי באָם האָט אַראָפּגענומען אַ האַנט פונעם רעדל און מיטן פנים זיך אויסגעדרייט צו זיינע פאַרשוינען ; ער האָט באַטראַכט דעם גוט־באַקאַנטן פישער, ווי

ער זיצט אַ נעבעכדיקער צונויפגעקאָרטשעט אינעם ווינקל ווי אַ גע׳פּגר־טער, און תיכף זיך איבערגעוואונקען מיט פישער׳ס שכן — דעם יוניאָן־פאַרטרעטער מאַיק.

טשאַרלי האָט צוריק מיטביידע הענט אָנגענומען ס׳רעדל און גע־שמייכלט אין בוזים אַריין, וואָס ער, טשאַרלי באַם, קאָן צו יעדער צייט פירן די „יוניע" מיט זיך. אָן אויפגעהייטערטער האָט ער אַ ווייל פאַר־געסן „צו האַלטן ס׳מויל", און ער האָט אַ טאָרקע געטאָן זיין שכן, דעם „יוניע־פּאָליטישן" דזשעק „פּרעסער". יענער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי מ׳וואָלט אים צעשטערט אַ זיסן חלום. טשאַרלי האָט צו אים גע־פינטלט מיט אָן אויג:

— דער פאַרשוין הינטער מיר זיצט ווי אָן איינגעמאַרינירטער — האָ? . . .

— ס־סאָרייט, טשאַרלי!

— ביי מאַיק׳ן קריכט די צונג אַרויס . . .

— „נעוועער מאַי", „נעוועער מאַי".

די אויגן האָבן ביים „יוניע־פּאָליטישן" דזשעק געוועדט באַפּוילג־דיק: ביידע פון זיי זאָלן דערוייל איינגעמען אַ שטומעניש; ס׳פויגע־לע וועט פון דאַנען נישט אַוועקפליען . . . ער האָט ברייטלעך זיך צע־לייגט איבערן זיץ, פאַרצויגן אַ ציגאַר, און דורך האַלב־געשלאָסענע אויגן געקוקט ווי דער רויך ציט פּאַמעלעך זיך אַרויס, און געטראַכט בעת־מעשה פון אָט־דער „יאַזדע", וואָס ער, דזשעק, האָט אויסגעפּלאָנט . . . און באַלד האָט אַ געדאַנק דזשעק׳ן אַוועקגעפירט אין קעלער׳ס זומער־רעזאָרט, וואוהין ער פאָרט.

דער אַפּעטיט האָט זיך צעשפּילט ביי אים: ריחות פון געפּרעגלטע לעבערלעך, געפילטע קישקע האָט זיך געצויגן פאַר זיין נאָז; די סלי־נע האָט גערונען איבער דזשעק׳ס ליפּן; ער האָט געקייט דעם שפּיץ פון ציגאַר און זיך ווידער דערמאָנט פון זיין „געניאַלן" פּלאַן . . . איצט איז די שפּיל געענדיקט! דער פאַקט אַליין, וואָס פישער, דער פאַרזי־צער פון דער עקזעקוטיווע, דער אומפּאַרטייאישער פונעם יוניאָן־געריכט יאַזדעוועט אויפן אָנגעקלאָגטן באַלעבאָס רעכענונג — איז גענוג! אַ שיין פּנים: דער אָנגעקלאָגטער מיטן ריכטער — כע־כע־כע . . .

ער האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער, דער „יוניע־פּאָליטישן",

דזשעק, ווען ער האָט נאָר אַ טראַכט געטאָן פון אָט דעם „צדיק" פישער מיטן פרומען פנים . . . הינטן אַרום גולייעט ער מיט באַלעבאַטים און מיטן מויל פלאַפּלען רעוואָלוציאָנערע פראַזן ווען ס'לוינט זיך ! . . . ער האָט געטראַכט וואָס פאַר אַ פנים דער זעלביקער „צדיק" וועט אַצינד מאַכן, דאָרטן ביים יוניאָן־געריכט, ווען דער שניעק סימאַ, דער טשער־מאַן פון טשאַרלי׳ס שאַפּ, וועט דאָרטן קומען אָנקלאָגן זיין באַלעבאָס . . . זאָל ער פּרואוון, זאָל ער . . .

ער האָט געשמייכלט צו זיך, דער „יוניע־פּאָליטישן" דזשעק, גע־בלאָזן דעם רויך. דער געדאַנק מיטן געזונטן אַפּעטיט האָט ביי אים ווידער געפירט צו קעלער׳ן אין זומער־רעזאָרט : געדאכט האָט זיך אים אַצינד, אַז ער רויכערט שוין, נאָך אַלע גוטע קעלער׳ס מאכלים. ס׳איז אים שווער פונעם טיש זיך אַ ריר צו טאָן ; שווער און פויל . . . אַ דרעמל ווילט זיך. אָבער פריער פון אַלץ מוז ער אַ זוך טאָן די בלאָנדע קעלנערין, די שמייכלענדיקע שרה׳לע. וואו האָט זי זיך אויסגעבאַהאַל־טען ? . . . ס׳בלוט האָט ביי אים געדעוועט ; דער ברענענדיקער ציגאַר האָט זיך באַוועגט צווישן הייסע ליפּן. ער האָט נעענטער זיך גערוקט צו טשאַרלי׳ן, ליידנשאַפטלעך אים אַרומגענומען, אים איינגערוימט אַ סוד.

פונעם „סוד" האָט טשאַרלי זיך צעהירזשעט, געוואָרפן מיטן קאָפּ ווי אַ ווילדער פערד. ער האָט אַ דריק געטאָן דעם „טרעטער", מאָמענ־טאַל האָט דער מייל־צייל׳ער זיך אַ רוק געטאָן : דער אויטאָמאָביל האָט זיך געטראָגן פאַר אַלדע רוחות :ביימער, פעלדער, בריקן האָבן אינעם ווילדן גאַלאָפּ זיך געמיניעט פאַר די אויגן, דורך באַרג און טאָל זיך גע־רוקט אויף אַהינטער.

פישער האָט זיך אויסגעטשוכעט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. און מיט אַ זויער פנים „פלוצים" באַטראַכט די סביבה זיינע . . . אַ פיינ־לעכער געדאַנק, וואָס האָט דעם גאַנצן וועג אים געגריזשעט ווי אַ וואָ־רעם, האָט אין דער רגע שאַרפער געפרעסט זיין מוח : דער פאַרדאַכט איז ביי אים געוואַקסן, אַז אָט־די חברה־לייט, וואָס סוד׳ען זיך און פינטלען מיט די אויגן, האָבן בכיוון אים אַהער פאַרנאַרט און דערנאָך...

ער האָט אַ ציטער געטאָן איבער דעם וואָס ס׳וועט מיטן „דערנאָך" געשען . . . מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער פאַררויכערט און זיך אויס־געדרייט צום אָפענעם פענצטער ; ער האָט געקוקט ווייט ווייט ווי דער

וועג שלענגלט זיך. אלץ פארשווינדט הינטער אים און באלד וועט ער זיין נאענט פון דער חנ׳עוודיקער שרה׳לע . . . ווען נישט זי, זאל ער אזוי און אזוי, אויב ער וואלט זיך געלאזט איינריידן פון אט־דעם „פאליטישן״ דזשעק „פרעסער״.

פישער האט זיך געשפארט צום אפענעם שויב, ווי ער וואלט גע־זוכט צו אנטלויפן פון דער מיאוס׳ער געגנווארט; ער האט געצויגן דעם ציגארעטל און האט געפילט, אז ס׳לעבן איז אים נישט ניחא: אלצ־דינג וועט ארויס באקאם . . . אצינד, וואס וועלן זאגן די „לינקע״ אין דער יוניאן . . . און ער? מיט וואס וועט ער זיך קאנען פארענטפערן מיט וואס?

פלאנטערנדיק זיך אין דער אייגענער נעץ, האט פישער געפרואווט באשולדיקן אלעמען: „שולדיק איז טשארלי באם מיטן נארישן מויל וואס האט אויסגעזאגט פון חדר . . . יא, ער, טשארלי, האט אלץ איבער־געגעבן דעם „פאליטישן״. ער האט געווארפן גיפטיקע בליקן אין דזשעק׳ס רויטן קארק; מיט טויטע קללות האבן די בליקן גערעדט, גע־פרעגט נאאיוו: ווי קומט צו דעם געמיינעם נפש ווי דזשעק אזא פינצ־טערע מאכט אין א יוניאן פון ערלעכע ארבעטער? איינצייטיק איז ער דזשעק׳ן מקנא געווען, אים באוואונדערט פאר זיין דרייסטקייט, פאר זיינע שטענדיקע אנפאלן אויףביידנס שונאים — די „לינקע״.

דער יוניאן־פארטרעטער מאיק האט זיך אויסגעדרייט צו פישער׳ן און געהויבן מיט די אקסלען:

— וואס פאר א קלאג אויף דיר? וואס טוליעסטו זיך ווי אן אל־טער באק?

דער „פאליטישן״, דזשעק, האט זיך צעכיכעט. טשארלי באם האט מיטאמאל אפגעשטעלט דעם אויטאמאביל, אריינגעקוקט אינעם אנט־קעגנדיקן שפיגעלע, און זיך גע׳חידוש׳ט:

— זע נאר דזשעק, מיינע האר ווי צעשויבערט; זע א פנים כ׳האב.

— ווי פון א באם, — האט דזשעק געלאסן געזאגט.

— „סא העלפ מי גאד״, — האט טשארלי צוגעגעבן און גענומען א קעמעלע צו די האר.

— פארפאלן, טשארלי, ס׳וועט נישט העלפן ,דו פארבלייבסט א באם! — האט מאיק, דער יוניאן־פארטרעטער, שטיפעריש געזאגט.

טשאַרלי האָט אים געוואָרפן אַ שטעכיקן בליק. ער האָט אָנגענומען ס'רעדל, תיכף אַוועקגענומען אַ האַנט, אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקל ציגאַ־רעטן. ער האָט געפרעגט:

— איר ווילט פאַררויכערן, פישער?

— איך וועל, — האָט זיך אָפּגערופן מאַיק, דער יוניאָן־פאַרטרע־טער.

— דיך האָב איך אין דער ערד, לויז! — האָט טשאַרלי געשפּיגן מיט גאַל.

— וואָס איז דער מער מיט דיר, טשאַרלי? — האָט מאַיק אַ באַ־ליידיקטער געפרעגט.

— כ'האָב פיינט אַ לויז, „דאַטס־אָל"!

דזשעק האָט אויסגעפלאַצט מיט אַ געלעכטער. ער האָט פאַר גרויס שמחה אַרומגעכאַפּט טשאַרלי'ס קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געקליבן דאָרט אַ קוש טאָן. דעם יוניאָן־פאַרטרעטער האָט דזשעק'ס באַנעמונג פאַר־דראָסן, די הויט האָט אויף אים געציטערט . . . אָבער געענטפערט האָט ער טשאַרלי'ן:

— אַזוי, טשאַרלי? אַפּנים ביזט נאָך אַלץ ברוגז פאַר די נעכטיקע „דזשעקס"! ?

טשאַרלי האָט געשוויגן, געשוויגן מיט ציין־קריצעניש אויפן יוניאָן־פאַרטרעטער פון זיין קליידער־שאָפּ, וואָס איז, דאַכט זיך, מיט אים אַ גאַנצער „פאַני־בראַט", אָבער ווי ס'קומט צו טראָבל „פאַרלירט" ער זיך ווי אַ ליימענער גולם. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— צי נעכטיקע, צי פאַראַיאָריקע, „וואַטס די דיפערענץ?" אַלץ איינס ביזטו אַ לויז, אַ „דאָבל־קראָסער"! האָרכסט, מאַיק? כ'על נאָך רייסן פּאָסן פון דיר, „סאָ העלפּ מי גאָד".

— אַ? . . . אַזוי די מעשה?! איצט ווייס איך — — — —

פישער האָט אויסגעפלאַצט מיט אַ פּראָטעסט:

— כ'וויל וויסן, פאָרן מיר, צי שטייען מיר דאָ?

דזשעק האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים. ער האָט דערזען פי־שער'ס קרענקלעכן אויסזען; ער האָט אים באַרואיקט:

— ערגער זיך נישט אַזוי, פישער, מיטיק עסן מיר ביי קעלער'ן.

ער האָט תיכף אַ וואונק געטאָן צו טשאַרלי'ן. דער אויטאָמאָביל

האָט זיך געריררט. דזשעק, צופרידן פון דעם, וואָס איז ביז איצט „אָפּ־געטאָן" געוועזן, האָט זיך ווידער ברייטלעך צעלייגט, און ער האָט גע־פרעגט אויפן קול:

— זאָג מיר נאָר, טשאַרלי, ווי לאַנג איז שוין, זינט מיר ביידע האָבן געאַרבעט ביי איטשע מאַרודניק?

— אַ יאָר צוואַנציק אוודאי, — האָט טשאַרלי אויפגעכאַפּט דעם געשפּרעך.

— און זיין פּלייִנעסטע געדענקסטו?

— צי איך געדענק.

— וואַרט, וואַרט, דאַכט זיך, שיינע גיטל האָט זי געהייסן, אַזאַ, אַ „באַי" — האָט טשאַרלי געסמאַקעוועט.

— אָט, אָט דאָס פרעג איך דאָך דיך, — האָט דזשעק אים געשטור־כעט אין זייט, — געדענקסטו, טשאַרלי, ווען אָט־דער מאַרודניק מיטן שפּיציקן בערדל האָט אייך ביידן געפּאַקט הינטער די פּאָליצעס, גע־דענקסטו?

— צי איך געדענק, — האָט טשאַרלי וואָוויליונגעריש געדרייט מיטן קאָפּ, — אָ, ברודער, אַלץ פאַראיבער, נישטאָ אַמאָליקע יאָרן! — האָט טשאַרלי דראַמאַטיש געענדיקט.

— און וואָס פעלט דיר היינט, טשאַרלי? אַ באַלעבאָס איבער הונ־דערט מענטשן און קלאָגט! — האָט מאַיק דער יוניאָן־פאַרטרעטער אים געצויגן פאַרן צונג.

— און מיינע טראָבלס, לויז איינער?! — האָט טשאַרלי זיך גע־וואָרפן, — וואָס האָב איך נישט אויסגעליטן פון דיין חזיר׳שן טשער־מאַן, דעם סמאַרקאַטש! כאַטש נעם און גיב אויף דעם שאַפּ.

— ס׳האַלט נאָך ווייט פון צושליסן דעם שאַפּ, — האָט דזשעק דער „פּאָליטישן" זיך אַריינגעמישט.

— דיר, דזשעק, איז גוט צו ריידן, — האָט טשאַרלי זיך געהיצט, — ער בינדט מיר די הענט, דער סמאַרקאַטש! גאַנצע צוויי וואָכן פאַר־לוירן! וואָסי? כ׳טאָר נישט אַליין נעמען באַלמעלאָכעס, האָט איר געהערט? האָט איר געהערט, זינט איר זייט „יוניעלייט", אַז אַ שאַפּ־טשערמאַן זאָל פאָדערן אַוועקשיקן אַרבעטער, האַ? אַזוי לאַנג קרענקט ער, דער סמאַרק, ווי ער וועט ביי מיר מער נישט אַרבעטן! . . . דאָס

האָט נאָך אַ חוצפה מיך אָנקלאָגן אין דער „יוניע". כ'האָב אים אַ „וויש געטאָן" אויפן פּנים! „אַי מ'סמאַרי", דזשעק, די אַדערן האָב איך אים באַדאַרפט צעטרענען, „סאַ העלפּ מי גאָד".

— אַ שפּראָך! גע'הרג'עט זאָלסטו ווערן, טשאַרלי באָם, — האָט דזשעק זיך געקייקלט פון געלעכטער.

— וואָס עפּעס פּלוצים ווילסטו אים נישט האָבן אין שאַפּ? דער זעלבער סימאָ איז דאָך שוין טשערמאַן אין דיין שאַפּ פון יאָרן? האָט ער אַמאָל געמאַכט טראָבל אין שאַפּ? רייד ווי אַ מענטש, דערצייל!...

— האָט דער יוניאָן־פּאַרטרעטער מאַיק געפּינטלט מיט אַן אויג צו אים.

— „ביקאָס" . . . ווייל דו ביזט דער יוניאָן־פּאַרטרעטער פון מיין שאַפּ! און ער . . . ער און דו טויגט פאַר איין שוואַרץ־יאָר זינט איך קען אייך! — האָט טשאַרלי מיט גאַל געזאָגט.

— ווי איך זע, ווערסטו שוין פגר'ן אַ באָם. פישער, קוק נאָר אָן דעם באָם! — האָט מאַיק אים געטאָרקעט.

— דו . . . לאָז בעסער אָפּ פישער'ן! פישער קען מיך פאַר אַ „דזשענטלמען"! אָט זיצט ער, פישער, זאָל ער זאָגן . . . אַי מ'סאָרי מאַיק, פישער באַדאַרף איבערנעמען דיין „דזשאָב" אין דער „יוניע", וואָלט דער סמאַרקאַטש, סימאָ, באַלד „געגאַנגען אַ גאַנג"! נישט אמת, דזשעק? . . .

דזשעק האָט געשמייכלט אונטער די וואָנצעס. דעם יוניאָן־פּאַר־טרעטער האָט טשאַרלי'ס יעדעס וואָרט געשטאָכן ווי מיט שפּיזלען. דעם כעס האָט ער אויסגעלאָזט צו פישער'ן:

— גיי ווייס, — האָט מאַיק זיך אָפּגערופן, — אַז פישער, דער פּאַרזיצער פון דער עקזעקוטיווע, דער „אומפּאַרטייאישער" פּראַזן־שי־סער, איז מיטן באַלעבאָס טשאַרלי אַ גאַנצער שמעלקע . . . אויב אַזוי, דאַרפסטו גאָר נישט מורא האָבן, טשאַרלי! קענסט ווידער ממית'ן ווע־מען דיר געפעלט! דער פּאַרזיצער פון דער עקזעקוטיווע, פונעם יוניאָן־געריכט, ברודער פישער, וועט שוין זען, אַז דו זאָלסט — — —

— דו ביזט אַן אויסוואורף! — האָט פון פישער'ס מויל זיך פּלו־צים אַרויסגעריסן.

— און דו, פישער, ביזט אַ צדיק אין פעלץ! — האָט מאַיק, דער יוניאָן־פּאַרטרעטער, אים אויסגעלאַכט.

— גענוג, מאַיק! — האָט דזשעק, דער „יוניע־פּאָליטישן", באַפוילן.

ער האָט זיך ברייטלעך צעלייגט אויפן זיץ, דזשעק דער „יוניע־פּאָליטישן", פאַררויכערט אַ פרישן ציגאַר און שמייכלענדיק פאַר דער „אָפּגעטאָנענער אַרבעט", האָט ער געזאָגט אויפן קול:

— טשאַרלי! מאָגסט פאָרן גיכער אַביסעלע . . . נישקשה, אייגענע מענטשן . . . מ׳וועט זיך שוין אויסגלייכן דאָרט ביי קעלער׳ן . . .

# אַרטשיק

1

אַ פייכטע קלעפּיקע היץ איז פון די טונקל־באַלויכטענע ווענט גע־קראָכן און זיך שווער געלייגט אויף די אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען צונויפגעדריקט אין דער לייבאָר־ביוראָ פון דער באַקליידונגס־אַרבעטער יוניאָן.

ס׳איז געווען אַ פרימאָרגן אין יולי, 1932. דער ווינטער־סעזאָן האָט זיך שוין באַדאַרפט אָנהייבן, אָבער אין די שעפּער האָט זינט די לעצטע דריי יאָר, אַ סימן פון סעזאָן זיך נישט געוויזן. אין הינטער־גרונט, דאָרט ביי די פענצטער, איז הינטער אַ צאָם געזעסן דער יוניאָן־אָנגעשטעלטער, היצל דער דזשאַב־טיילער, און זיך רואיק געלייענט זיין ציימונג. אַ פּאָר שפּאַן וויטער — אַרום טיר פון אַרטשיק׳ס אָפיס, האָט האָט אויסגעזען ווי אַ באַלאַגערונג פון שאַפּ־קאָמיטעטן, און פון איינצל־נע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געשטופּט צו זייער יוניאָן־פירער אַרטשיק מיט פאַרלאַנגען.

אַרטשיק׳ס געהילף, דער ביזנעס־אַגענט טאָמי, איז געשטאַנען ביים טיר פון זיין „טשיפ׳ס״ אָפיס. און מיט יעדן טיר־אויפמאַך געהיט, אַז צופיל מענטשן זאָלן אינעם אָפיס זיך נישט אַריינכאַפּן, און דעם האַר זיינעם צופיל נישט באַלעסטיקן. ער איז געשטאַנען אַ בייזער, טאָמי. מיט אויגן פון אַ צערייצטער חיה האָט ער די אַרבעטער פונעם טיר אָפּ־געטריבן:

— אַ־האַ . . . וואָס סעמי, וואָס? אַרטשיק׳ן? נישט היינט! מאָרגן . . . מאָרגן . . .

— און דו, נאָימי פערד? וואָס וואָנכעסטע מיט די נאָז־לעכער, וואָס? דיין ביזנעס־אַגענט לאַפּמאַן איז נאָך נישט געקומען. דיין שאַפּ־טשערמאַן וועט דיר שוין אַלץ דערקלערן!

סעמי האָט זיך אָפּגערופן:

— מעגסט שוין זיין רואיק, נאָימטשע. מ׳וועט דיר שוין דער־קלערן אַ נייעם לויק־שניט צום נייעם סעזאָן, ווי אין מיין שאַפּ — ביי

וויכנער׳ן. וויפיל סעזאָנען, אַזוי פיל לוין־שניטן — אַ שלאַק זאָל זיי טרעפן!

— אָבער אַ בענקל צום הינטן האָסטו אין שאַפּ? טאָ פריי זיך, סעמי! — האָט דער דאַרער סילווער זיך אַריינגעמישט, — וואו כ׳אַר־בעט ביי די וויקטאָר בראָדערס, וואַרפט מען איצט צום נייעם סעזאָן אַרויס 25 אַרבעטער און איך וועל מסתמא זיין איינער פון זיי . . .

— און וואָס זאָגט אויף דעם אונדזער יוניאָן־פירער, אָרטשיק?

— ס׳איז 1932, — זאָגט ער, — אין לאַנד הערשט אַ קריזיס.

פון אַרום דעם דזשאַב־טיילער האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ גע־טומל. דער אַלטער שיע מיט זיין גלאָשנעם קול האָט דאַרטן געגוואַל־דעוועט, אַז דער דזשאַב־טיילער היצל האָט בגנבה אַוועקגעגעבן אַ פּלאַץ צו דער אַרבעט זיינעם אַ בוזים־פריינט. טאָמי דער ביזנעס־אַגענט האָט זיך אַ ריס געטאָן און דערזען:

אינמיטן פון לייבאָר־ביוראָ איז געשטאַנען דער שוואַרצער טשאַרלי מיט דער צעקודלטער קאָפּ האָר און אויסגעטיילט ליפלעטס פאַר דעם מאַסנמיטינג. טאָמי איז אָנגעפאַלן אויף טשאַרלי׳ן מיט אַ געבייזער:

— העי, דו ניגער! . . . ווער האָט עס דיר דערלויבט? טראָג זיך שוין אָפּ באַציינטנס, אָבער שוין, איידער ס׳וועט צו שפּעט! . . .

טשאַרלי האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ און דערזען די שאַרפקייט פון זיין פּנים, ווי ס׳וואַרפט אין אים פון רציחה. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, דערלאַנגט אים אַ ליפלעט און בעת־מעשה געזאָגט:

— מעגסט נעמען איינס, ברודער טאָמי. ס׳וועט דיר צונוץ קומען. נעם נאָך איינס פאַר דיין „טשיף״ אָרטשיק׳ן. מיר וועלן האָבן אַ גרויסן מיטינג, ברודער טאָמי!

טאָמי האָט מיט רוגזה דאָס אַ שמיץ געטאָן און תיכף זיך אָנגעבויגן און דאָס גענומען, און מיט דעם זיך דורכגעשטופּט צו אָרטשיק׳ן אין אָפיס.

קיינער איז אין אָפיס נישט געווען אַ חוץ אָרטשיק׳ן. טאָמי האָט געטראָפן זיין טשיף אַ צערודערטן. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— אַזאַ אידיאָט . . . אַזאַ אידיאָט! — האָט ער געמורמלט אין בוזים אַריין.

— וואָס איז געשען, אָרטשיק? — האָט טאָמי געפרעגט.

— „גאַדעמיט״! — האָט אַרטשיק געקלאַפּט מיטן פויסט אין שרייב־טיש, — וואו אַ לינקער — ברענען זאָל ער! . . . וואָס זאָגסטו נישט צו דעם, טאָמי ? אַט דער אידיאָט, דער סקידל, קומט אָהער מיך באַפוילן, אַז איך זאָל אים זיין פאַראַנטוואָרטלעך, אַז זיין באַלעבאָס, זי־באַלע, וועט באַצאָלן יעדע וואָך די שכירות ! נישט אַנדערש נאָר שרייב אים אונטער . . . האָסטו געזען אַזאַ חוצפּה !

— און אַז נישט וואָס וועט ער טאָן ? — האָט טאָמי מיט חוזק אַ פרעג געטאָן.

— וועט דער שאָפּ אַ שטאָך אַרבעט נישט מאַכן, — סטראַשעט ער, דער אידיאָט ! פּונקט ווי ער טוט מיר די גרעסטע טובה מיט דעם, וואָס דער שאָפּ אַרבעט ! הער אַ לאָגיק : אויב דער זיבאַלע איז דעם פרעסער נאָימטשע שולדיק נאָך פון די מלחמה־יאָרן אַ פאַרמעגן, און קומט היינט דעם און דעם אַרבעטער פאַר שכירות, בין איך אין אַלץ שולדיק !

— אַזוי גאָר ? איצט פאַרשטיי איך, וואָס אַט־דער נאָימי פערד רייסט זיך אָהער . . . ער מיינט, אַז דאָ וועט מען אימאויסצאָלן . . . אַ פערד בלייבט אַ פערד, — האָט טאָמי זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

ווען ער האָט זיך גוט אויסגעלאַכט, טאָמי, דער ביזנעס־אַגענט, האָט ער געלייענט דעם ליפלעט פאַר אַרטשיק׳ן :

„ . . . ברידער קליידער־אַרבעטער !

אונדזער לאַגע ביים „טרעיד״, וועלכע איז שוין פון יאָרן נישט צו־גונסטן פאַר אונדז, האָט איצט, אין צייט פון קריזיס, דערגאַנגען צו אַ קלימאַקס ! ס׳האַלט נישט ווייט, אַז מיר זאָלן ווערן אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט און מיר און אונדזערע פאַמיליעס וועלן אומקומען פאַר נויט! קיין אַרבעט איז נישטאָ. און דאָס ביסל וואָס איז דאָ זוכן די באַלעבאַ־טים עס אויפצואַרבעטן פאַר אַ קלייניקייט אין די קאָונטרי מיט מיידלעך — און דער רעזולטאַט : לוין־שניטן אומעטום ! און אַ צאָל שעפער שליסן זיך אינגאַנצן און שיקן זייער אַרבעט אַוועק ! און אַ טייל, ווי די „וויקטאָר בראָדערס״, וועלכע האָבן מורא דאָס צו טאָן, מיר זאָלן נישט פּיקעטן זייערע קראָמען, טוען דאָס צוביסלעך ! און דערווייל באַ־נוגענען זיי זיך מיט אַרויסוואַרפן פינף־און־צוואַנציק אַרבעטער ! . . .

. . . ברידער קליידער־אַרבעטער ! זיכער ווילן עס נישט אונדזערע יוניאָן־באַאַמטע, אָבער דאָס אַליין איז ווייניק. עפּעס מוז דאָ געטאָן

ווערן, אַט שוין, צו ראַטעווען, מיר זאָלן נישט אומקומען פון נויט! דאָ־רום רופן מיר אייך יוניאָן־מיטגלידער! קומט אַלע ווי איינער צו דעם מאַסנמיטינג מיטוואָך בייטאָג, יולי דעם . . . אין גרויסן אַמעריקאַן האָל, זיך צו באַראַטן וואָס און ווי אַזוי מיר קענען זיך העלפן! קומט און באַ־טייליקט זיך אין דער אַרבעט! העלפט־מיט אויסצובעסערן אונדזער בי־טערע לאַגע פאַר אונדז און אונדזערע פאַמיליעס!״

ביט ברודערלעכן גרוס, די פּראָגרעסיווע גרופּע פון דער באַקליי־דונגס־אַרבעטער יוניאָן״.

אָרטשיק האָט זיך גוט צוגעהערט וואָס דער געהילף זיינער לייענט, און דערביי געמאַכט אַ פּנים, ווי ער וואָלט דאָס אינגאַנצן איגנאָרירט. צום סוף האָט ער זיך מער נישט געקאָנט צוריקהאַלטן און ער האָט אויס־געברומט:

— אַ־האַ! די לינקע חברים טומלען שוין!

טאָמי האָט אַ שמייכל געטאָן. מיט אַ טאָן פון אַ זיגער האָט ער געזאָגט:

— וואָס זאָגסטו איצט, אָרטשיק? ווער איז גערעכט? געדענק־סטו ווי כ׳האָב דיר געוואָרנט נישט צו דערלויבן אין אַ קריזיס־צייט מאַסנמיטינגען, געדענקסטו? איצט באַשולדיקן זיי אונדז אין די ליפּ־לעטס אין אַלדאָס בייז . . . וואַרט, אָרטשיק, וועסט נאָך זען ביים מאַסנ־מיטינג! . . .

— זיי נישט קיין יאָלד! — האָט אָרטשיק מיט ביטול געזאָגט, — וואָס פאַר אַ ווערט האָבן זיי, די עטלעכע חברים, ביי אַ מאַסנמיטינג, ווען איך וועל זיך אויפשטעלן ריידן? גאָרנישט, — צוויי מאָל גאָר־נישט! ווילסט הערן וואָס פאַר אַ העלדן זיי זיינען? וועל איך דיר דערציילן: קאָנסט דאָך מיין זון פרעד . . . זינט ער האָט געענדיקט לער־נען אין אוניווערזיטעט, האָט ער זיך דאָרטן געגומען חבר׳ן מיט די לינקע סטודענטן, און איז געוואָרן איינער פון זייער חברה: „נעשאַנאַל סטו־דענט ליג״. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? וואָס לערנען, ווען לערנען — דעמאָנסטראַציעס מיט דעמאָנסטראַציעס! הייבט פאַר כינע, מאָרגן פאַר שפּאַניע. מיר דוכט, אַז באַלד, באַלד וועט דער בחור גיין פון אוניווער־זיטעט. מיך אַרט נישט. זאָל ער פון מיינעטוועגן ווערן אַן עקספּרעס־מאַן . . .

ער האָט געשפּאַנט הין און צוריק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אפנים, אַז אים האָט שוין גאָר געאַרט פאַר זיין זונ׳ס קאַריערע. און מער פון אַלץ: וואָס זיין בן־יחיד, פרעד, האָט זיך גאָר פאַרנומען אויף אַ גאַנץ אַנדערן וועג, ווי דער טאַטע זיינער . . . טאַמי האָט אים איבערגעשלאָגן דאָס טראַכטן. ער האָט געזאָגט צו אים:

— פונדעסטוועגן שאַדט נישט צו זיין גרייט . . . ווער ווייסט, וואָס ס׳קאָן פאַסירן ביים מאַסנמיטינג? ווער ווייסט? . . .

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דו מיינסט מיט דיינע ווערטער? — האָט אָרטשיק אים אָנגעקוקט מיט אויפגעהויבענע אַקסלען, — וואָס אַזוינס קאָן דאָרטן פאַסירן? וואָס מיינסטו? ניינצן יאָר איז נישט געווען צו קאָנען מיין עולם? אַ נייעס גאָר! וואָס איינעם קאָן איינפאַלן?!

ער האָט גערעדט מיט פאַרדרוס, אָרטשיק דער יוניאָן־פּירער. אַזעלכע פאַרדעכטיקטע רייד האָט ער פון קיינעם נישט געוואָלט הערן און אפילו נישט טראַכטן . . . גלייכצייטיק האָט ער עפּעס פאַרדעכטיקט . . . און האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ פאַרטראַכטער.

— איך וואָלט דיר געוואָלט פרעגן, אָרטשיק, — האָט טאַמי זיך פּלוצים אָפּגערופן, — ביזט גרייט אָפּצוגעבן די „יוניע״ צו די לינקע חברים?

.... אָרטשיק האָט אויפגעציטערט:

— וואָס . . . וואָס? ביזטו פון זינען אַראָפּ? וואָס פּרעפּלסטו האַלבע ווערטער, אַז איך פאַרשטיי דיך נישט!

טאַמי האָט זיך נעענטער צוגערוקט און ער האָט געזאָגט:

— הער מיך אויס, אָרטשיק! דו ביזט טאַקע דער טשיף יוניע־פּירער. אָבער וואָס ס׳טוט זיך הינטער דיינע פּלייצעס — ווייס איך! איך קום אין די שעפּער, איך הער זיך צו, וואָס די אַרבעטער ריידן צווישן זיך; איך שטיי אין לייבאָר־ביוראָ, און זע מיט אָפענע אויגן, ווי די לינקע חברים פירן דאָרטן אָן אַ סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער יוניאָן־פּירערשאַפט. האָסט דאָ אינעם אָפיס פריער געהערט געוואַלדן פון דעם אַלטן שיע׳ן? ווייסטו אַז אָט־דער אַלטער הונט האָט זיך געכאַפּט מיט די פויסטן צום „דזשאָב־טיילער״, היצל? האָסטו געהערט וואָס אָט־דער לינקער סקידל צוזאַמען מיט סעמי׳ן, סילווער, טשאַרלי מיט דעם

גאַנצן „געדעם־באַנטש", טוען אויף טאָג־איין, טאָג־אויס אין לייבאָר־ביור־ראָ? געוויס ווייסטו נישט! וויל איך אַז דו זאָלסט וויסן, אַז אַלצדינג ווערט פון זיי געטאָן סיסטעמאַטיש — ציילנדיק אין אונדז יוניע־פירער! כ'האָב איצט געלייענט פאַר דיר זייער ליפלעט. אויבנאויף דוכט זיך: ווי דו זאָגסט — גאַרנישט מיט גאַרנישט... פאַרשטיי אָבער פון צווי־שען די שורות; עפּעס האָבן זיי צוגעגרייט אָט־די ממזרים, אַזוי רו־איק וועט דער מאַסנמיטינג נישט אַוועק, כ'בין זיכער!

ער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, טאַמי דער ביזנעס־אַגענט. און בעת־מעשה געהיט יעדע באַוועגונג פון זיין „טשיף" — צי זיין לאַנגע דרשה האָט געטראָפן אין ציל... ער האָט באַלד אַ שמייכל געטאָן אי־נעם קנויל רויך און האָט זיין פּנים געמאַכט טויט־ערנסט, און ווידער אָנגעהויבן:

— ווען דו פאָלגסט מיך, אַרטשיק, מוזן מיר אויך זיך גרייטן פּונקט ווי זיי. כ'טראַכט, אַז מיר זאָלן זיך ווענדן נאָך הילף צו „קודלען מיט זיינע באָיעס", זיי זאָלן זיין אין פּלאַץ ווען מיר וועלן זיך אין זיי נוי־טיקן. וואָס זאָגסטו, אַרטשיק?

— ס'האַלט נישט דערביי „גאַדעמיט", — האָט אַרטשיק זיך אַ הויב געטאָן און גענומען שפּרייזן איבערן קליינעם אָפיס אַ פאַרטראַכ־טער.

— ווען ס'וועט שוין האַלטן דערביי — וועט זיין צו שפּעט! — האָט טאַמי כיטרע געזאָגט. — אָבער געדענק, אַרטשיק! איך קאָן דיר נישט קאַווירן וואָס ס'וועט פּאַסירן ביים מאַסנמיטינג, און אַ שעה נאָכ־דעם — זיכער נישט!...

ס'האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. טאַמי האָט די טיר אָן עפן געטאָן און מיט אַ געבייזער געזאָגט צו נאַימע דעם פּרעסער:

— וואָס פאַר אַ טייוול האַלט דיך דאָ! וואָס ווילסטו פערד אייי־נער? דיין ביזנעס־אַגענט לאָפּמאַן וועט דאָ היינט נישט זיין, אומזיסט דיין וואַרטן! וואָס זאָגסטו? ווילסט זען אַרטשיק'ן? ניין, נישט היינט. מיר מוזן שוין ערגעץ גיין.

— לאָזט מיך אַריין! — האָבן אַרבעטער זיך אַ שפּאַר געטאָן צום טיר.

טאַמי האָט פאַרקלאַפּט די טיר און אַ נעם געטאָן דעם טעלעפאָן אין

האַנט:

— העלאָ סאַל! יאָ, טאָמי „יו־נאָו" . . .

— העי, איז דאָ ביי דיר אין רעסטאָראַן קודלע?....

— ווער איז דאָ, פּעטי? זאָג אים, אַז באַלד טרעפן מיר זיך — פאַרשטאַנען?

— אָקעי סאַל, לאָז דאָס צו טאָמי . . .

ער האָט אויפגעהאַנגען די טרובקע טאָמי דער ביזנעס־אַגענט און זיך אויסגעדרייט צו זיין „טשיף" און ער האָט געזאָגט:

— מיר דאַרפן זיין גרייט, אָרטשיק!

2

נאָימטשע דער פּרעסער פון זיבאַלע׳ס שאָפּ, איז נישט אָפּגעטראָטן פון אָרטשיק׳ס אָפיס. יעדן אינדערפרי איז ער געקומען אַהין און גע־וואַרט — און זיך דערוואַרט.

אינעם אָפיס ביי אָרטשיק׳ן האָט זיך אַצינד געפונען אַ קאָמיטעט פון זיין שאָפּ, מיט זיין שאָפּ־פאַרטרעטער, דער ביזנעס־אַגענט לאָפּמאַן, צוזאַמען מיט זיין באַלעבאָס זיבאַלע, אַ קליין דאַר מענטשל מיט אַ „געב־זענע" קעפּל וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פּאָר פלינקע אויגן, וואָס האָבן זיך געקערט ווי ביי אַ גנב אויפן יאַריד.

אַ לאַנדסמאַן איז ער צו אים געווען, אָט־דער זיבאַלע. באַלד פונעם שיף איז ער געקומען צו אים אין שאָפּ אַריין. דעמאָלט איז ער, נאָימ־טשע, נאָך יונג געווען. מיט אַ פאַרברוינטן פּנים, וואָס האָט עדות גע־זאָגט, אַז דער מענטש האָט געלעבט אויף דער פריי. געשען איז דאָס באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳יונגע ווייב זיינס האָט ער געלאָזט אין דער אַלטער היים, און ער, אַ יונג, אַ ריז, און הויפּטזאַכלעך די צוויי מעלות וואָס זיבאַלע׳ס באַלעבאַטיש אויג האָט אינעם יונג דער־זען:

„אַ מויל וואָס שווייגט און הענטלעך וואָס רירן זיך" . . .

ווען נאָימטשע איז אינדערפרי געקומען צו דער אַרבעט, האָט שוין דער באַלעבאָס זיינער אים אַרומגערינגלט מיט סטירדעס אַרבעט . . . נאָימטשע פלעגט דעמאָלט אַ הויב טאָן דעם קאָפּ, ווי אַ יונג שייער־דיק

פערדל, אַ טרעסטשע טאָן מיט זיינע געזונטע ציינער; אַ בלאָז טאָן מיט די נאָז־פליגלען און די מאָרדע עקשנות׳דיק אַרונטערגעלאָזט, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— אַ נו, מיר וועלן באַלד זען!

נאָכדעם פלעגט ער אַ כאַפּ טאָן אַ שטיק אַרבעט, ווי דעם ערגסטן שונא זיינעם, אַ פיר־טאָן אויף דעם מיט דעם שווערן פּרעס־אייזן און ווען ער איז מיט דער אַרבעט פאַרטיק געוואָרן, האָט מען געזען, אַז דער יונג האָט פריייער אָפּגעאָטעמט. די אויגן זיינע האָבן בעת־מעשה גע־קראָגן אַ מאָדנעם גלאַנץ און אַפילו די מאָרדע זיינע האָט זיך געוויגט פון גליק, ווי ער וואָלט אַצינד זאָגן:

— אַ־האַ! ווער האָט געזיגט?

די שכנים־פּרעסער פלעגן צווישן זיך באַמערקן:

— זע נאָר, איטשע יאַנקל, זע נאָר ווי דער פערד שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ, ווי די שוויגער וואָלט אים אַ קוש געטאָן.

— וואָדען, כ׳בין בלינד, מיינסטו? נישקשה, ביי זיבאַלע׳ן האָט דער קאָפּ נישט אויסגעדאַרט וואָס ער לאָזט אים אַרבעטן פון דער וואָך, וואָדען?

לאַנג האָט מען צווישן זיך נישט געקאָנט שמועסן. ווי פון אונטער דער ערד איז זיבאַלע פלוצים אויסגעוואַקסן ביים פּרעס־טיש, אַ פינקל געטאָן מיט זיינע גנבה׳שע אויגן און קאַלאַטשעט מיט דעם צונג:

— פאַרטיק, נאַימטשע, פאַרטיק? וואַרט, אָט ברענג איך נאָך...

וועגן פאַרדינסט האָט נאַימטשע זיך נישט געהאַט וואָס צו באַ־קלאָגן. אין דעם ענין איז זיבאַלע געווען אַן אמת׳ער „ספּאָרט". דער־פאַר האָט זיבאַלע געהאַט אַ טבע אַזאַ: אַ „כאַפּ־טאָן" ביי נאַימטשען אַ גמילת־חסד אויף אַ קורצער צייט. און וואָס אמת איז אמת, ער האָט „געהאַלטן וואָרט", דער באַלעבאָס זיינער; אים אומקערן דאָס געלט פונקט אין צייט. אַזוי איז געווען אין אָנהויב. שפּעטער האָט זיבאַלע גע׳טענה׳ט צו אים — איידער דיין פייגל וועט קומען צופליען קיין אַמע־ריקע קאָנסטו דאָך „אָנטשוליען" ביי מיר אַ „שיינע פאָר טולער"! פאַר־שטייט זיך, מיט פּראָצענט . . .

נאַימטשע האָט אים געגלויבט. פאַרוואָס נישט? האָט זיבאַלע אים נישט געבראַכט צו זיך אין שאַפּ אַריין און אים געמאַכט פאַר אַ באַלמעלאָכע? וואָסי? דאָס געלט וואָס אים קומט? וועגן דעם איז אַ

קנאַפּער זאָרג: אַזוי רעדט זיך דאָס — ער! אַ רייכער באַלעבאָס, נאָך אַ לאַנדסמאַן מיט אַן אָפענער האַנט צו אַלעמען, וועט זיך קוואַפּען אויף זיינע אָרעמע פּאָר טולער? און מיט זיין טיפן גלויבן אינעם באַלעבאָס' ערלעכקייט, האָט נאָימטשע פון זיינע וועכנטלעכע שכירות גענומען בלויז דאָס גויטיקסטע. דאָס איבעריקע — זיין פראַצע פון יאָרן, איז געבליבן ביי זיבאַלע'ן . . .

זינט דעמאָלט זיינען פאָראיבער יאָרן. מיט די יאָרן איז נאָימטשע עלטער און שוואַכער געוואָרן. ער איז שוין אַ טאַטע פון אַ דערוואַקסע־נער טאָכטער, וואָס לערנט זיך אין מיטל־שול און דאַרף . . .
און ער, נאָימטשע, האַלט זיך נאָך אַלץ ביי זיבאַלע'ן, ביי דעם לאַנדס־מאַן, וואָס האָט יאָרן שווערע פראַצע צוגענומען פון אים. אמת, זיבאַ־לע פאַרלייקנט נישט און גיט אים אַ פענע נישט אויפן חוב. איז געווען אַרבעט אין שאַפּ, נאָימטשע האָט פאַרדינט, האָט ער געשוויגן. וואָס דען האָט ער געקאָנט טאָן? האָט ער אַפילו געהאַט כאָטש עפּעס צו באַ־ווייזן, אַז ס'קומט אים געלט פון זיין באַלעבאָס? זאָל ער ווידער אַוועק פונעם שאַפּ, מיטן גנבה'שן באַלעבאָס — טאָ וואו זאָל ער גיין? אַז נאָך יאָרן אַרבעטנדיק איז ער נאָך אַלץ אַ „גרינער" און הויבט נישט אָן צו וויסן וואו אַ טיר פון אַ שאַפּ עפנט זיך. קומט ער אַמאָל אין לייבאָר־ביוראָ וואַרפט אים אָן אַ קדחות: ס'דוכט אים, אַלע וואָס געפינען זיך דאָרטן, חוזק'ן פון אים — פון נאָימטשע „פערד"! . . .

איז נאָימטשע אין ערגעץ נישט געקומען און זיך פאַר קיינעם נישט באַקלאָגט און מיט געדולד געוואַרט, אַז „ווי נאָר דער נייער סעזאָן וועט זיך אָנהויבן" וועט זיבאַלע אים צוביסלעך אויסצאָלן. אָבער, אינעם נייעם סעזאָן, ווען ער איז געקומען, האָט זיבאַלע ווידער פאַרגעסן זיין צוזאָג. אָבער צו אַלץ קומט אַ ברעג. זינט די לעצטע דריי יאָר, וואָס ער גייט אַרום להלוטין אָן אַרבעט האָט נאָימטשע זיך „געמאַכט האַרץ" און גע־פּאָדערט . . . אַצינד איז זיין פייגל קראַנק. ער מוז איר ראַטעווען און אַוועקשיקן כאָטש אויף עטלעכע וואָכן אין די בערג, ווי דער דאָקטאָר האָט פאַרזאָגט. און זיין „לענדליידי", די אַלטע מיסעס קרעל, מיט אַ פּנים פון אַ מכשפה, לאָזט אים גאָרנישט לעבן. יעדן טאָג קומט זי, מאָנט און סטראַשעט . . .

די אָפיס־טיר האָט זיך מיט אַ מאָל צעעפנט. דער קאָמיטעט פון

זיבאַלע׳ס שאַפּ איז אַרויסגעקומען און איז באַלד אַרומגערינגלט געוואָרן פון די איבעריקע אַרבעטער פונעם שאַפּ. אַלע האָבן געקוקט מיט ניי־גיר אויף זייער שאַפּ־טשערמאַן, וואָס פאַר אַ נייעס ער האָט געבראַכט.

דער טשערמאַן סקידל האָט אין קורצן באַריכטעט:

— כ׳האָב גאָרנישט קיין נייעס, ברידער. אַלץ בלייבט ווי געווען. וואָס אונדז קומט פאַר שכירות איז אוודאי פאַרלוירן. ער איז קיינעם פון אונדז אַ פּעני נישט שולדיק, — טענה׳ט ער. קאָווירן אונדז אויף ווייטער — דאָס יאָ. פאַרזיכערן זיין צוזאָג מיט מזומן — דאָס האָט ער נישט. אויב מיר ווילן אים נישט טרויען אויפן וואָרט, שליסט ער צו און — אויס שאַפּ! . . .

— און וואָס זאָגט אונדזער „יוניע״־פירער, אָרטשיק ?

— מ׳קאָן גאָרנישט טאָן! אָט וואָס ער זאָגט.

ביי נאָימטשע׳ן האָט דאָס האַרץ געוויינט. נאָך דעם שאַפּ־טשער־מאַנס באַריכט. ער האָט קוים געקאָנט פרעגן:

— און וואו איז זיבאַלע דער באַלעבאָס ? איז ער נאָך ביי אָר־טשיק׳ן אין אָפיס ?

— מיט דעם ביזנעס־אַגענט לאַפּמאַן איז ער אַוועק, — האָט סקידל געענטפערט.

נאָימטשע האָט מער נישט געקענט ריידן. ער האָט געשלונגען די טרערן אין זיך. אַ ווייל איז ער נאָך געשטאַנען און איז באַלד פאַר־שוואונדן.

---

מער ווי אַ שעה צייט האָט נאָימטשע געשפּאַנט איבער די גאַסן, און מיט די אויגן געוואָרפן אויף אַלע ווענט, אפשר וועט ער דערזען דעם באַלעבאָס זיינעם, אָבער זיין זוכן איז געווען אומזיסט.

דרויסן האָט געגליט אַ ברענענדיקע זון. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג. אין „מאַרקעט״ אַרום דער עוועניו, וואו ארבעטער טרעפן זיך אין זייער לײדיקער צייט, איז אַצינד פול געווען מיט אַרבעטסלאָזע. די פאַרגאַנגענע דריי יאָר קריזיס האָט בולט זיך אָנגעזען אויף זייערע פּנים׳ער און אויף זייערע בגדים. אַביסל ווייטער, אויפן סקווער־פּאַרק, זיינען מענטשן ווי מילבן אָנגענעגלט געווען. ס׳גרעסטע טייל זיינען אין אַ קרייז געשטאַנען און אונטער דער ברענענדיקער זון זיך צוגע־

הערט צו אַ יונגגנמאַן, וואָס איז אינמיטן פונעם קרייז געשטאַנען און גע־רעדט צו זיי וועגן דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס האָט ווי אַ וואַלד־פייער דאָס לאַנד אַרומגעכאַפּט; גערעדט פון די נישטיקע הילף וואָס מ׳קריגט, און פון די „ברעד־לאַינס״ וואָס פאַרמערן זיך און פאַר־גרעסערן זיך מיט יעדן טאָג; און ווי דאָס דערנידערט דעם „מענטש״ אין זיך. דערציילט האָט אויך דער יונגער רעדנער פון אַ לאַנד אין מזרח אייראָפּע; פון אַ גרויס מעכטיק לאַנד, וואו יעדער קאָן קריגן אַרבעט; אַרבעטער רעגירן דאָס דאָזיקע לאַנד, און אַזעלכע שלעק ווי קריזיס און אַרבעטסלאָזיקייט קאָן דאָרטן גאָרנישט געמאָלט זיין!

נאָימטשע האָט דורכגעקרייזט דעם סקוועער־פּאַרק. ער האָט זיך דורכגעשטופּט צו דער עוועניו און זיך אָנגעשטויסן אויף מענגעס מענ־טשען, וואָס האָבן אָן אַ ציל געשפּאַנט פון גאַס צו גאַס. קיין איינציקן פון זיי האָט ער נישט דורכגעלאָזט מיט זיינע אויגן. יעדן זיך איינגע־קוקט אין פּנים אַריין. אָבער זיבאַלע׳ן האָט ער נישט געזען. פון אָנ־שטרענגונג האָט ער דערפילט אַ טריקעניש אין מויל און ביים שלונג, נאָך מיט אַ האַסטיקן געהאַמער אין די שלייפן. געדאַכט האָט זיך אים, אַז אָט פאַלט ער אין חלשות.

ער האָט געשפּאַנט ווייטער, נאָימטשע, און זיך געשטאַרקט; זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כוחות. ניין, האָט ער געטראַכט. אַזוי גלאָט וועט דאָס אים נישט אָפּגיין . . . די ווערטער וואָס ער האָט אַצינד גע־הערט פון טשערמאַן זיינעם, אַז זיבאַלע טענה׳ט אַז ער איז קיינעם אַ פּעני נישט שולדיק, האָט דעם מענטשן געצונדן ס׳בלוט, ווי די געשעע־ניש מיט זיינע יאָרן פאַרלוירענע פּראַצע זאָל טרעפן היינט, נישט מיט יאָרן צוריק. מיט געביילטע פויסטן און מיט נייע כוחות האָט ער אָנ־געהויבן צו שפּאַנען איבער דער עוועניו, דורך די באַקאַנטע רעסטאָראַ־נען, און נישטערן מיט די אויגן — ניין, ער וועט נישט שווייגן! . . .

אין נאָימטשע׳ן האָט אַצינד געברענט אַ העליש פייערל. מיט אַזאַ פייערל באַגעגנט מען אַ בלוטיקן שונא . . . און מיט אַמאָל האָט ער גע־האָט טענות צו זיך: סטייטשע, היינט האָט ער דאָך געזען אָט־דעם וואָס ער זוכט אַזוי אַרום . . . היינט איז דאָס געווען! ער איז געשטאַנען אַזוי נאָענט . . . געזען זיין אָפּגעפרעסענע מאָרדע . . . און ווי אויסגעפּוצט ער איז דאָס געווען! אַפּנים ,אַז ביי אים איז גאָר קיין קריזיס נישט . . .

נאָכמער פאַרדריסט אים: פאַרוואָס די „יוניע" זיינע, וואָס ווייסט יאָ דעם אמת, פּרואווט אַלצדינג צו פאַרגלעטן. ס׳קומט אויס: זיי גיבן אים גערעכט פאַר אַלע זיינע גנבות און היטן אים ווי אָן אייגענעם מענ־טשען. ער זעט דאָך: אים, נאָימטשע׳ן טרייבט מען ווי אַ הונט פון אָרטשיק׳ס טיר; ווי אַ הונט שטייט ער אין דער שטיקעניש און וואַרט. אָבער דעם גאַנאַווניק זיבאַלע נעמט מען אויף ווי אַ פּרינץ! און נאָכ־אַלעמען: נאָך זיין ליגנערישן ענטפער וואָס זיבאַלע האָט געגעבן, נעמט דער ביזנעס־אַגענט לאַפּמאַן אָט־דעם גנב אונטער זיין שויץ, און באַ־גלייט אים ערגעץ . . . אָ, ווען זיי ביידע פאַלן אים אַצינד אין די הענט אַריין! . . . .

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ רעסטאָראַן.

ריחות פון געשמאַקע מאכלים האָבן אים אַ ציי געטאָן. ער האָט זיך געפילט מיד, זייער מיד און הונגעריק. אינעווייניק, איבערן פּאַסיק, האָט אים מורא׳דיק געגאָגט; געפּיקט ווי מיט טויזנט קופּערנע שנאָבלען. אַ נודנער שווייס איז אים באַפאַלן און אים אונטערן האַרצן געדריקט. מיט זשעדנע בליקן האָט ער געקוקט אויף די אויסגעשטעלטע מאכלים דורך דעם שוי־פענצטער. אין דער רגע האָט ער פון קיין שום אַנדער זאַך נישט געטראַכט, נאָר פון שטילן דעם הונגער . . . אַ געוואַגטער געדאַנק האָט אים אַרומגעכאַפּט און געטריבן אַריינצוגיין אין רעסטאָ־ראַן און — עסן! . . . אָבער די מידע פיס האָבן זיך אַ וויג געטאָן. ער איז פאַרן טיר אַוועקגעפאַלן אַ גע׳חלש׳טער . . .

3

אַ נאָכט פאַר דעם מאַסנמיטינג איז אָרטשיק דער יוניאָן־פירער אַ היים געקומען פריער ווי אַלע מאָל, זיך צוגרייטן מיט אַ שיינער רע־דע אויף מאָרגן.

דורך די ניינצן יאָר, זינט אָרטשיק איז דער פירער פון זיין יוניאָן, האָט ער זיך זעלטן פאַר אַזעלכע קליניקייטן געגרייט. אָרטשיק האָט געקאָנט זיין עולם שוין נישט פון היינט און געוואוסט זייער געשמאַק... פאַר אים איז גענוג געווען זיך בלויז אַוועקשטעלן אויף דער טריבונע און אויפהויבן זיינע אויגן, וואָס האָבן בעת־מעשה אַזוי מיסטיש ערגעץ־

וואו געקוקט, ווי אין געהיימע וועלטן אַריין . . . און פערלדיקע ווערטער האָבן זיך תיכף פון זיין מויל אַ לאָז געטאָן. לאַסטשנדיקע ווערטער זיינען דאָס געווען און דורכגעקנאָטן מיט קרילאָוו׳ס פאַבלען, מיט מעשה־לעך פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. און אויב זיינע אויגן האָבן דאָן באַגעגנט אידן מיט בערד, האָט זיך פון זעלביקן מויל תורה געהערט: מדרש־מעשה׳לעך, מיט משלים פון דובנער מגיד . . . יאָ, אַז אָרטשיק איז געווען אַ שיינער רעדנער, האָבן אַלע געמוזט מודה זיין! פון זיין יוגנט־אָן איז ער שוין געווען אַן אָראַטאָר ביים „בונד". ס׳איז געווען סוף נײַנציקער יאָרן, ווען דער יונגער בחור׳ל אָרטשיק איז געקומען פון אַ קליין שטעטל אין ביאַליסטאָק, פאָרצוזעצן זיין שטודיום, און איז דע־מאָלט פון שול־חברים אַריינגעצויגן געוואָרן אין „בונד", וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער טעטיק צווישן די אידישע אַרבעטער. אָרטשיק האָט אַרויסגעוויזן פייאיקייטן פון אַן אָראַטאָר און איז טאַקע פונעם „בונד" באַשטימט געוואָרן אַרומצורייזן איבער שטעט און שטעטלעך אַרום ביאַליסטאָק, וואו אידישע אַרבעטער האָבן זיך געפונען, און היב־טער פאָליציייאישע אויגן, האָט ער זיי צונויפגעקליבן אין אַ געהיים שטי־בעל אָדער אין וואַלד צווישן ביימער און זיי אָרגאַניזירט.

פאַר דעם מאָרגנדיקן מאַסנמיטינג איז אָרטשיק׳ן, דעם איצטיקן יוניאָן־פירער, געגאַנגען אין אַמביציע צו דעמאָנסטרירן זיין איינפלוס איבער די אַרבעטער, סיי פאַרן געהילף זיינעם, טאַמי׳ן באַווייזן אים אַז זיין שרעקן זיך מיט זיין צוגרייטן „קודלע׳ן מיט זיינע באַיעס" איז צום מאַסנמיטינג אינגאַנצן איבעריק . . . און דער עיקר: באַווייזן די שונאים זיינע — די לינקע חברים — אַז זיין איינפלוס אויף די קליידער־אַרבע־טער איז היינט — אין קריזיס־צייט — אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן.

באַלד נאָך אָוונט־ברויט, ווען מינאַ, זיין ווייב, האָט מיט אַ ציטער־דיקן קול אָנגעהויבן צו דערציילן איר מאַן פון זייער זונדל פרעד, וואָס איז נאָך נישט אַ היים געקומען פון אוניווערזיטעט, און פון איר פאַר־דאַכט, אַז נאָכן לערנען איז ער אפשר אַוועק אין קלוב פון „נעשאָנאַל סטודענט ליג", און ווען זי האָט אים געבעטן ער זאָל עפּעס פּרואוון טאָן וועגן דעם, האָט אָרטשיק אויף אירע גאַנצע רייד בלויז אַ בורטשע גע־טאָן:

— ווּעסט מיך לאָזן צורו היינט? איך בעט דיך.

ער האָט אָפּגעזאָגט, אָרטשיק, און אַ פּאַרטראַכטער איז ער אַריין צו זיך אין ביבליאָטעק. ער האָט דורכגעקוקט די פולע פּאָליצעס מיט ביכער, און זיין אויג געוואָרפן אויף די רוסישע לירימער; ער האָט גע־האַט אַ „שוואַכקייט" צו די רוסישע לירימער, אָרטשיק דער יוניאָן־פּי־רער; אין זיינע רעדעס האָט ער ליב געהאַט צו מאָלן דעם רוסישן סטעפּ אין ווינטער־צייט; ציטירן פאַרן עולם די פּערלדיקע רוסישע פּאָעזיע. דאָס מאָל, האָט ער געטראַכט, וועט פּאָעזיע נישט מאַכן דעם געוואונטש־טען איינדרוק. פאַר מאָרגן מוז ער געבן זיין עולם פון עפּעס אַנדערש; ס'זאָל אויפרייסן! ס'זאָל באַווייזן, אַז ער, אָרטשיק, טוט אַלץ וואָס ס'איז מעגלעך צו לינדערן די נויט! און קיין גאָט איז ער נישט, וואָס קאָן באַווייזן וואונדער . . . און ווען ער האָט זיך פאַרטיפט אינעם ענין האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט די דאָזיקע ווערטער האָט ער ערגעץ גע־לייענט — יאָ . . אין אַנדרייעוו'ס „אשמדאי"! זיין העלד דוד־לייזער האָט דאַרטן אַזוי גע'טענה'ט צו דעם פאַרשטעלטן אשמדאַי, ווען ער, דער אשמדאי, דערציילט אים, אַז דאָס אָרעם פאָלק וואַרט געוואַלדיק אויף אים — דוד־לייזער'ן, ער זאָל זיי העלפן דורך אַ נס.

אויף דעם ענטפערט דוד־לייזער צו נוליוס דעם אַשמדאַי:

— שווייג נוליוס,* — דו פראוואוסט גאָט. ווער בין איך וואָס איך זאָל שאַפן וואונדער? באַדענק זיך נוליוס, קען איך דען פון איין קאָפּי־קע מאַכן צוויי? קען איך דען צוגיין צו די בערג און זאָגן: איר בערג פון דער ערד, ווערט בערג פון תבואה און זעטיקט אָן דעם הונגער פון די הונגעריקע? קען איך דען צוגיין צום ים און זאָגן: דו ים פון געזאַל־צענעם וואַסער ווי טרערן, ווער אַ ים פון מילך און פון האָניק און לעש דעם דאָרשט פון די דאָרשטיקע?

ער האָט אַ טענצל געטאָן, אָרטשיק דער יוניאָן־פּירער. אָט דאָס איז דער גרונט־געדאַנק פון זיין מאָרגנדיקער רעדע . . .

נאָכדעם ווי עמיצער דאָרטן וועט אָנהויבן, ווי דער שטייגער איז, מיט דעם אַלטן פּיזמון: „ס'אי שלעכט", „ס'אי ביטער"; נאָכדעם ווי די הויפּט־שונאים זיינע — די לינקע חברים — וועלן שוין האָבן אויסגע־שאָסן אויף אים אַלע זייערע „פייער־קרעקערס" און פאָדערן פון אים

---

* ציטירט פון אַנדרייעוו'ס „אַשמדאַי".

אַזוינס און אַזעלכעס . . . וועט ער, אָרטשיק, קאַלטבלוטיק זיך אָוועקשטעלן אויף דער טריבונע, אין דער פּאָזע פון יענעם דוד־לייזער׳ן, און אָנהויבן:

. . . „דער וועלט־באַרימטער רוסישער שרייבער לעאָניד אַנדרייעוו האָט אָנגעשריבן אַ וואונדערבאַרע טראַגישע שוישפּיל: „דער אשמדאַי״, וואו ער, אַנדרייעוו, פּרואווט דורך לעבעדיקע געשטאַלטן צו באַווייזן, אַז די מענטשהייט בכלל איז קיינמאָל נישט דאַנקבאַר, און פאַרוואָרפט אָפּילו מיט שטיינער אָט דעם, וואָס האָט זיך פאַר זיי מקריב געווען, און זיי — דער מענטשהייט, געבראַכט פרייד און גליק. ער דערציילט:

„ס׳האָט אַמאָל געלעבט אין זיד־רוסלאַנד אַן אַלט פּאָר־פאָלק מיט צוויי דערוואַקסענע קינדער. ער, דוד־לייזער — אַ הויכער דאַרער איד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישע באָרד, פלעגט ווי אַ נביא שטיין ביים ברעג ים און ריידן צו די כוואַליעס, פרעגן זיי: פונוואַנען זיי קומען און וואוהין גייען זיי? . . . דאָס ווייב שרה איז געווען די שפּייזערקע. אין אַ קרעמל איז זי געזעסן און פאַרקויפט סאָדע־וואַסער . . . קיין קונים זיינען נישט געקומען און די פאַמיליע האָט געהונגערט.

„און איינמאָל, אין אַ הייסן זומער־טאָג, ווען שרה איז דאָרטן אויפן שלאָף אין איר קרעמל געזעסן און געוואַרט, האָט זיך פּלוצים באַוויזן פאַר איר דער אַשמדאַי. אין אַ שוואַרצן פראַק מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ. און ער האָט געזאָגט צו דער אָרימער שרה׳ן, אַז זיין נאָמען איז נוליוס, און אַז ער איז אַן אַדוואָקאַט, וואָס איז אַהער געקומען פון אַ ווייט לאַנד, אָנצוזאָגן זיי די בשורה, אַז זייער אַ קרוב אין אַמעריקע איז געשטאָרבן און געלאָזט זיי אַ גרויסע ירושה פאַר איר מאַן דוד־לייזער!..

„און ווען דוד־לייזער איז רייך געוואָרן, האָט דער אַשמדאַי מיט דעם צילינדער אויפן קאָפּ געזאָגט צו דעם נייעם עושר, דוד־לייזער:

„הער זיך צו, דוד־לייזער! דיינע עשירות האָבן קיין האָפּט נישט. דו ביזט אַלט און קראַנק. דער טויט וועט דיך באַזיגן. טאָ קער צוריק צו גאָט דאָס וואָס גאָט האָט דיר געגעבן: צעטייל דיין פאַרמעגן צו אָרימע לייט; גיב די הונגעריקע ברויט, און דו וועסט באַזיגן דעם טויט!

„דער אַלטער דוד־לייזער האָט געפאָלגט די עצה פון זיין פריינט נוליוס, דעם אַשמדאַי, און ער האָט צעטיילט ביז אַ גראָשן זיין געלט צו אָרימע לייט. אָבער דאָס פאָלק, וועמען ער האָט שוין זיין יעדע פּרוטה

אָפּגעגעבן, האָט זיך נישט באַנוגנט און אים נישט געגלויבט, און פון אַלע עקן לאַנד זיינען צו אים געקומען אָרימע און פאַרקריפּלטע. מוטערס מיט זייערע טויטע קינדער אויף די הענט זיינען פאַר זיין טיר געשטאַנען און געוואַרט, אים גערופן, אַז ער זאָל אַ נס באַווייזן — —

— אָרע ! — האָט ער אינמיטן דערהערט ס׳ווייב׳ס ציטערדיק קול, — דער אינגל איז נאָך ניטש געקומען . . . אַזוי שפּעט . . . וואָס טוט מען ? — האָט זי מיט די הענט פאַרבראָכן.

אָרטשיק איז געבליבן מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן און פאַר׳חיי־דוש׳ט געקוקט אויף אירע פאַרבראָכענע הענט, ווי ער וואָלט נישט אָנ־געהויבן צו פאַרשטיין וואָס די פאַרטרויערטע פרוי האָט זיך אַריינגעריסן און שטערט אים אין זיין אַרבעט. ער האָט ענדלעך אויסגעברומט :

— נו, טאָ וואָס ווילסטו פון מיר ?

— כאַ־כאַ־כאַ . . — האָט זי זיך טרויעריק צעלאַכט, — דער טאַטע וויל וויסן, וואָס כ׳וויל פון אים ! אַ שיינער טאַטע, ווי צו מיר — —

טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אויגן. זי האָט אויסגע־דרייט דעם קאָפּ און מיט אַ טיכעלע אַ פּיר־געטאָן איבער איר צאַרטן, לענגלעכן פּנים, וואָס האָט זיך איצט גערויטלט פון כעס.

— זע נאָר וואָס פאַר אַ געליאַרעם זי מאַכט ! האָסטו געהערט ? דער אינגל איז נאָך אַ היים נישט געקומען ! בין איך שולדיק ? אפשר לויפן זוכן אים, ביי זיינע חברים אין זייער קלייזל ? אָדער ערגעץ ביי אַ דעמאָנסטראַציע — אָט וואָס דו ווילסט ! אַ שיינער כבוד פאַר מיר ! — האָט ער אַ פאַרביסענער זיך אויסגעדרייט.

מינאַ האָט זיך געוואָרפן פון אויפרעגונג :

— אַזוי רעדט אַ טאַטע ? שעמען מעגסטו זיך ! עפּעס אַ קליי־ניקייט, אַ קינד גייט אַוועק אינדערפרי און מ׳הערט נישט און מ׳זעט נישט ! און אים, דעם טאַטן, זאָל אָנהויבן צו אַרן — —

אָרטשיק האָט מער נישט געוואָלט הערן דעם ווייב׳ס טענות. דער גאַנצער ענין האָט אים קנאַפּ וואָס אינטערעסירט. אַזוי איז געווען די גאַנצע ניינצן יאָר. ווען פרעד איז געבוירן געוואָרן האָט זיך די לאַגע ביי זיי זיך אויך נישט געביטן. זי, די מאַמע, האָט דאָס קינד דערצויגן, די נעכט נישט דערשלאָפן און דער טאַטע אָרטשיק איז ווי פריער אַוועק אין פרימאָרגן און אַ היים געקומען אַ שטיק אין אָונט. פּונקט אַזוי האָט

אָרטשיק זיך קנאַפּ וואָס אינטערעסירט מיט זיין קינד'ס דערציאונג. זיין מוח האָט שטענדיק געאַרבעט אין איין ריכטונג — „די יוניאָן", וואָס ער, אָרטשיק, האָט דורך די ניינצן יאָר־פירערשאַפט געהאַלטן פאַר זיין אייגנטום. איצט, ווען די שונאים זיינע — די לינקע — דראָען מיט גע־פאַר . . . האָט ער געשפּרייזט הין און צוריק, מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף דער פּאַרטרויערטער פרוי, וואָס האָט זיך פּלוצים אַריינגעריסן אין מיטן פון זיין מאַרגנדיקער „רעדע" און דרייט אים גאַר אַ מוח. מיט באַהאַלטענעם כעס האָט ער געזאָגט:

— כ'האָב דיך געבעטן, מינאַ, זאָלסט מיך היינט צו רו לאָזן, די „יוניע" — —

— אַ־האַ! ווידער מיט דער „יוניע", — האָט מינאַ אים מער נישט געלאָזט ריידן, — אָבער די „יוניע" און ווידער די „יוניע"! חוץ דעם מעגן אַלע שטאַרבן! . . .

זי איז אוועק מיט אַ געקלאַפּ מיט דער טיר, אַז די ווענט האָבן זיך געטרייסלט. אַ שנאה, אַ ביטערע שנאה האָט די פרוי פּלוצים דערפילט צו דעם מענטשן, וואָס פיגורירט פאַר דער וועלט אַלס איר מאַן און פאָ־טער פון איר קינד. אַ צאַרנדיקע איז זי אַריין אין זאַל, זיך איינגעגראָבן אין אַ ווייכן שטול און אין דער שטיל געכליפּעט.

פינצטערע געדאַנקען האָבן זיך געוועבט אין איר מוח. אַ פאַרווייב־טע, מיט צעשויבערטע האָר, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און אין אַריין אין פרעדי'ס צימער. זי האָט צעעפנט אַלע שופלאָדן און מיט אָנגעשטרענג־טע אויגן זיך געגריבלט אין יעדער שטיקל פּאַפּיר וואָס זי האָט דאָרטן געפונען און געזוכט אַן אַדרעס פון איר פרעד'ס נאָענטע חברים, פון זייער קלוב. אַן אַנטוישטע איז זי פון דאָרטן אַוועק, מיט אַ געמיש אין מוח. זי האָט צוריק געשפּאַנט אינעם זאַל, וואָס האָט איר איצט אויס־געזען ווי אַ פינצטערע תפיסה, זיך אָנגעבויגן ביים צעעפנטן פענצטער, און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אויגן אַרונטערגעקוקט אין גאַס.

שטיל איז געווען אין גאַס. די האַלב־חודש'דיקע לבנה, אַ פולע, אַ רונדע, האָט אַרונטערגעקוקט אויף איר ציטערדיק אויסגעבלייכטן פּנים. די ביימער פון אַנטקעגנדיקן צענטראַל פּאַרק האָבן זיך קוים באַוועגט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט. אַ מורא'דיקער געדאַנק איז איר איר באַ־פאַלן: איר פרעד איז נאָכן לערנען אַוועק צו אַ דעמאָנסטראַציע, און ער מיט זיינע חברים זיינען באַפאַלן געוואָרן פון פּאָליציי... איר פרעד'ן

האָט מען קוים אַ לעבעדיקן אָפּגעפירט אין שפּיטאָל . . . באַלד, באַלד וועט מען דאָס איר . . .

זי האָט גאַנץ ערנסט געטראַכט וועגן דעם, געציטערט ווי אַ בלאַט אויפן בוים. ווער ווייסט, צי האָט חלילה טאַקע עפּעס נישט געטראָפן מיט איר פערד — מיט איר „אויג אין קאָפּ", ווי זי פלעגט ציטערדיק אים רופן. פון שרעק האָט זי מורא געהאַט דעם קאָפּ אויפצוהויבן — קיינעם נישט דערזען . . . נישט הערן קיין שאָרך פון יענער זייט טיר... פינצטערע, שווערע געדאַנקען האָבן זיך ביי איר געפלאָנטערט: שווי־דערלעכע מעשות וואָס זי האָט אַמאָל געהערט, געלייענט אין אַ צייטונג, האָט איצט אַלץ געהאַט אַ שייכות מיט איר פערד'ן, מיט איר „אויג אין קאָפּ" . . .

באַקאַנטע טריט פון גאַס האָבן זיך דערטראָגן צו איר. אויפגעהייטערט איז זי געוואָרן. די באַקאַנטע טריט האָבן זיך דערנעענטערט מיט אַ געפּייפערײַ פון אַ באַקאַנט רעוואָלוציאָנער ליד. זי האָט אַ שפּרייז געטאָן צום טיר און איז אויף פערד'ס האַלדז געפאַלן.

4

די שיינע רעדע, מיט וועלכער דער יוניאָן־פירער אַרטשיק האָט זיך צוגעגרייט, איז שוין ביי אים געווען ווי איינגעקריצט אין זכרון מיט אַלע פּישטשעווקעס. ער איז געזעסן ביים מאַסנמיטינג מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און געדאַכט האָט זיך אים, אַז אַלץ וואָס ער זעט דאָ און הערט איז אַ חלום, און אַ גוטער חלום דערצו.

אָט זיצט ער שוין ביים מאַסנמיטינג אַ שטיק צייט. דער זאַל איז געפּאַקט מיט אַרבעטער ביז צום טיר. טונקל איז אינעם זאַל און דוש־נע. ס'איז שווער דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן. אָבער ווי וואונדערבאַר: אי־נעם זאַל איז שטיל ווי יום־כיפּור צו שמונה־עשרה. אָרדענונג — אַ פּאַר־געניגן. מענטשן — דאָ און דאָרט. מיט בערד, אָן בערד, אָבער אַלע באַקאַנטע פּנימ'ער. אָט זיצט וואַליפּקע באַס, מיט אַ ציגאַרעטל אין מויל זיצט ער און שמייכלט אַרויף צו אים . . . דאָ באַגריסט אים מיט די אויגן עליע מאַצע, — אַן אַלטער פריינט זיינער; נאָך זייענדיק אַ „גרינער" האָט ער מיט אים צוזאַמען געאַרבעט ביי „דופּע בראַדערס" — יאָ. זייער אַ וואוילער אָט־דער עליע מאַצע! שטענדיק מיט אַ שמייכל

אויפן געשטופּלטן פּנים, און אַ גוטער יוניאָן־מיטגליד אויך! שוין צען יאָר ווי ער איז שאַפּ־טשערמאַן אין קימל׳ס שאַפּ. און.. אַט זיצן זיי כסדר פונעם זעלביקן שאַפּ: זעליג מאַך, און אַט איז בליצער! אַך, ווי יאָרן לויפן, ווי פאַרעלטערט אַט־דער בליצער איז געוואָרן!...

ער פאַרטראַכט זיך, אָרטשיק. ער קוקט אַרונטער פון טריבונע אין די ווינקעלעך פונעם זאַל און טראַכט בעת־מעשה פונעם געפּאַקטן עולם, און באַוואונדערט זייער געדולד: זיצן און הערן אויס וואָס זיי — די שונאים זיינע האָבן צו זאָגן, ווי ס׳וואָלט געווען אַ נייעס! אין דער אמת׳ן בייטן זיך בלויז די רעדנער, אָבער זייערע דרשות קריכן שוין פון האַלדז! רעדט איין רעדנער פון „נויט”, רעדט דער צווייטער פון „ברויט”.

„נויט”, „ברויט”, „טויט” — אַן אַלט־באַקאַנטער פּיזמון!...

אָרטשיק האָט געטראַכט פון דער שיינע רעדע, וואָס ער וועט דאָ באַלד דערלאַנגען. אַ פרייד האָט אים באַהערשט. יעדעס וואָרט זיינס וועט פאַלן ווי קאַלטע טראָפּנס רעגן אויף הייסער, טרוקענער ערד. אָט שוין זעט ער דעם טיפן איינדרוק; ער דערקענט עס אויף זיין עולם׳ס פּנים׳ער; און אָט טראָגט זיך שוין דער שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן וואָס פאַרקראַכט דעם זאַל...

ס׳הייבט אים אָן צו נודיען, אָרטשיק׳ן דעם יוניאָן־פירער. רעדעס — אָן אַ סוף! יאָ, עך, ווי אים וואָלט זיך איצט געוואָלט אַ געגעץ טאָן! ניין, ס׳פּאַסט נישט! הייבט ער אויף די אויגן און קוקט אויף דער געמאָלענער סטעליע, פונוואַנען ס׳הענגען אַרונטער רייען עלעקטריק־לאָמפּען, מיט קריסטאָל־גלעזלעך אַרום די ראַנדן. ער באַטראַכט די הענגענדיקע גלעזלעך אַרום און באַוואונדערט, ווי קונציק זיי שטראַלן דורך דאָס ליכט. ווי דימענטן לויכטן זיי. ער דערמאָנט זיך, אַז פּונקט אַזאַ מין לאָמפּ האָט ער נאָך געזען אין דער אַלטער היים, זיין לעצטן פרייטיק נאַכט אין אַ פאַבריטשנער שטעטעלע ביי ביאַליסטאָק, אין אַ דאָרטיקן בית־המדרש.

ווינטער אין פעברואַר איז דאָס געווען. דער ביאַליסטאָקער „בונד” האָט אים אַהין געשיקט העלפן אָרגאַניזירן אַ בערשטער־סטרייק. ווי איצט געדענקט ער, אַז געקומען איז ער אַהין פרייטיק. אַ חבר האָט אים אומישנע געפירט אין דעם דאָרטיקן בית־המדרש, געוויזן אים, ווי ברייט־האַרציק די בערשטער־פאַבריקאַנטן זיינען. ווי זיי האַלטן אויס אַלע

דאָרטיקע כלי־קודש וואַרפן זיך מיט הונדערטער: אָט־דער לאָמפּ מיט קריסטאַל־גלעזלעך, האָבן זיי ערשט געבראַכט פון פרייסן. און ביי זיך אין זייערע פאַבריקן אַרבעטן טאַטעס מיט קינדער, פון זון־אויפגאַנג ביז שפּעט ביינאַכט, פאַר אַ הונגער־לוין . . .

ער געדענקט אַפילו יענעם שבת נאַכט. דאָס שטעטעלע איז איינ־געטונקען געווען אין אַ טיפן שניי. ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט. הינטער דעם שטעטעלע, ערגעץ אין אַ שטיבל, ביי אַ סטעלמאַך . . . אַרום דעם וואַרשטאַט אויפן קאַלטן דיל, אין דער פינצטער, זיינען גע־זעסן בערשטער־חברים, שטיל צווישן זיך גערעדט און פּלאַנירט דעם סטרייק. ער דערמאָנט זיך דעם איבערפאַל פון דעם דאָרטיקן אוראַד־ניק מיט זיין געהילף . . . ווי מ׳האָט תיכף דעם אוראַדניק מיט אַ זאַק איבערן קאָפּ גע׳פּטר׳ט און ווי אַ הונט אין גאַס איבערגעלאָזן . . . ער פּרואווט זיך דערמאָנען די נעמען פון די צוויי חברים, וואָס האָבן אים, אַרטשיק׳ן, באַלד נאָכדעם געהאָלפן אַנטלויפן . . .

אַ געלעכטער אינעם זאַל, דערנאָך אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, האָט אים איבערגעריסן דאָס טראַכטן. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, זיך צוגעהערט וואָס דער דאַרער סילווער האָט גערעדט, ווי ער האָט מיט אַזאַ פּאַטאָס געשילדערט די גאַנצע סיטואַציע פון זיין שאַפּ; ווי זיינע באַלעבאַטים, די וויקטאָר בראָדערס, העלפן זיך מיט דעם, וואָס זיי שיקן אַרויס זייער אַרבעט אין די קאָונטרי־שטעטלעך, וואו מיידלעך אַרבעטן פאַר אַ שיבוש און פון זיינע אַלטע יוניאָן־באַלמעלאָכעס וויל ער איצט אינגאַנצן פּטור ווערן! . . .

ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, אַרטשיק. שוין געהערט אַזעלכע מעשות, — טראַכט ער. זיין איוג דערזעט דעם שאַפּ־טשערמאַן סקידל, ווי ער שטייט זיך אַזוי מיט זיין גלאַנציקן פּליך און קנעלט עפּעס איין מיט זיינע לינקע חברים דאָרטן ביים זייט. אַ „באָנטש אידיאָטן!" — האָבן זיינע ליפּן אַ מורמל געטאָן. אַלץ רופט זיר דאָ אָן „רעוואָלוציאָ־נערן!" „נישט געפּאָקט, נישט געמאָזלט; אינדערהיים — דאָרטן, גע־לעגן פאַרשטעקט הינטערן אויוון. געקומען אין דער פרייער אַמעריקע צום גרייטן . . . זיך אַ נאָמען געגעבן „לינקע" און גיב זיי אָפּ די „יוניע", גיב זיי! און זע נאָר די חברים מיט וועמען אָט־דער סקידל חברט זיך, פּע!" . . .

כ׳מיין טאַקע, וואָס וויל סעמי, אָט־דער כניאָק? פון ווען אָן איז

ער עס געוואָרן אַ לינקער? ווען נישט מיר, די „יוניע", וואָלט מען דאָך אים מיט זײַנע ליימענע לאַפּעס אין קיין שאַפּ נישט אַרײַנגעלאָזט! ער וועט ניט אַרונטערגעבן פון זײַנע שכירות, — טענה'ט ער. ער — נישט. אָבער פאַר די איבעריקע — דאָס אַרט אים נישט! אַ שיינער רעוואָלוציאָנער!"...

אָט־דער געדאַנקען־גאַנג, מיט דעם אויספיר, איז געפעלן געוואָרן אָרטשיק'ן. ער האָט טאַקע באַלד אַ טראַכט געטאָן אויף וועלכן אופן ער זאָל דאָס אַרײַנפלעכטן אין זײַן באַלדיקער רעדע; מיט דעם וועט ער ווידער באַווײַזן „ווער איז ווער" פון די שונאים זײַנע—די לינקע חברים; ער וועט אויך באַווײַזן, וואָס פאַר אַ העלדן זיי זײַנען! אָט זײַנען זיי געקומען צו אים, אים געדרייט אַ מוח מיט אַ מאַסנמיטינג, פונקט ווי דער מיטינג וועט זיי ברענגען „באָנדלס" אַרבעט. צום סוף שטייען זיי איצט ביים מיטינג ווי ליימענע גולמ'ס און ווייסן נישט פון זייערע הענט און פיס!

אָרטשיק האָט בעת'ן טראַכטן דערפילט פּלוצים אַ שטאַרקן צופּ ביים אַרבל. זײַן שכן טאָמי, פונעם צווייטן בענקל, האָט אים אויפגעוועקט ווי פון שלאָף. מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן האָט ער געהערט בעת מעשה ווי אַן עלטערער אַרבעטער, וועמען ער קאָן זייער גוט, שטייט איצט פאַר דעם עולם און דערציילט ווי אַנומלטן, ווען ער איז געווען אויף דער עווע־ניו, האָט ער פּלוצים דערזען אַ מענטשן־געלאַף פאַר אַ רעסטאָראַן, און ווען ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם לויפנדיקן עולם און זיך קוים דורכגעשטופּט אַהין, האָט ער באַלד דערקאָנט נאָימטשע'ן, ווי ער איז אַ פאַר'חלש'טער געלעגן פאַר דער טיר. אַן אַמבולאַנס פון שפּיטאָל איז אָנגעקומען און דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז דער מענטש איז געפאַלן פון הונגער...

דערציילט האָט דאָס דער עלטערער אַרבעטער אין אַ פּשוט'ער שפּראַך און צוגעגעבן, ווי דעם זעלביקן נאָימטשען האָט מען גאַנץ אָפט ווי אַ הונט געטריבן פון אָרטשיק'ס אָפיס... ער האָט דאָס אַליין געזען מיט זײַנע אייגענע אויגן... אין זאַל איז געווען שטיל. ביי אַ סך פון די פאַרזאַמלטע האָבן זיך טרערן באַוויזן...

— מ'דאַרף זײַן גרייט! — האָט טאָמי אײַנגערוימט אָרטשיק'ן אַ סוד, — זעסט וואָס דאָ טוט זיך? ווי סיסטעמאַטיש די לינקע חברים פירן דעם מיטינג? וואַרט! מיר וועלן באַלד האָבן אַזאַ „סורפּרייז",

וואָס האָט זיך אונדז קיינמאָל נישט געחלומ׳ט. די לינקע ווילן דאָ דער־ווײַלן אַ קאָמיטעט איבערצונעמען די „יוניע״! יאָ, אָרטשיק, ס׳איז אמת.

— מאַך זיך נישט נאַריש! — האָט אָרטשיק יעדעס וואָרט אים אין פּנים געשליידערט, — דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען! נישט בײַ זייער לעבן!

— זיי נישט אַזוי זיכער, אָרטשיק. דו ביסט געשלאָפן צו אַלדי . . . האָסט נישט געהערט און נישט געזען די שטימונג פון די פּאַרזאַמלטע... זעסט דאָרטן בײַם זייט, בײַם פענצטער, זעסט דעם „באַנטש״ — זעסט ווי זיי צעשפּרייטן זיך איבער אַלע רייען בענקלעך . . . זעסט זייער פי־רער סקידל רוקט זיך אַהער צו דער טריבונע? — אָט־דער לויזיקער סקידל צעעפנט דאָס מויל — יאָ! . . .

— ברידער אַרבעטער! — האָט זיך דערהערט סקידל׳ס קול, — מיר האָבן ביז איצט גענוג געהערט וועגן אונדזערע לײַדן פון דער היים און פון שאַפּ. מער ריידן איז נישט נויטיק! אַקציע פאָדערט זיך איצט — אַקציע! דעריבער, לאָמיר דאָ גלײַך דערווײַלן אַ קאָמיטעט איבער־צונעמען די — — —

— מיר אונטערשטיצן! — האָט די מאַסע ווי אויסגעדונערט.

אָרטשיק האָט זיך אַ שטעל געטאָן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די פּאַרזאַמלטע, אַז זיי זאָלן זיך איינשטילן. איינצייטיק האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דעם פּאָרזיצער פונעם מאַסנמיטינג, און געזאָגט אַז אַלע אין זאַל זאָלן אים הערן:

— דערווײַל בין איך דער יוניאָן־פירער! איך וועל אַזאַ שווינערײַ קיינמאָל נישט דערלויבן — —

— מיר ווילן נישט קיין רעדעס!

— מיר וועלן שטימען מיט די הענט, ברודער פּאָרזיצער!

— געזעצלעך! ברודער פּאָרזיצער — געזעצלעך פירט דעם מיטינג!

אָרטשיק איז געשטאַנען מיט אַ פּנים פון אַ מת. אויף אַזאַ ווילדן אויסברוך האָט ער זיך גאָרנישט געריכט. אָבער זײַן פּאָזיציע האָט ער נישט אויפגעגעבן — ניין! ווי צוגעשמידט איז ער געשטאַנען בײַ דעם פּאָרזיצער׳ס האַנט, ווי ער וואָלט זיך גרייטן צו פאַרנעמען זײַן פּלאַץ.

— שטימען! מיר ווילן שטימען! — האָט ווי אַן עכאָ זיך גע־טראָגן פון אַלע זייטן.

מיט אַמאָל, ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן, האָבן אַ צענד־

ליק יונגע אומבאַקאַנטע פּנים׳ער זיך אויסגעשטעלט ווי זעלנער פאַר דער טריבונע. איינער פון זיי האָט אַ קאָמאַנדע געטאָן צו די פאַרזאַמלטע:

— צום טײוול, אַ היים גייט — און שוין! . . .

— און די מינוט . . .

טאָמי דער ביזנעס־אַגענט האָט בעת־מעשה אָרטשיק׳ן אונטערן אָרעם גענומען און דורך אַ הינטער־טיר אים אַרויסגעפירט און איז אַוועק מיט אים צו סאַל׳ן אין רעסטאָראַן . . .

5

אָרטשיק האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געדריקטער שטימונג.

די קריגעריי מיט זיין פרעד׳ן פאַרן שלאָפן גיין; פרעד׳ס סטראַ־שונקעס אַז ער פאַרלאָזט ס׳הויז; דער מאַמעס געיאָמער, מיט די גע־שעענישן פון דער נעכטיקער בייטאָגיקער פאַרזאַמלונג — אַלץ צוזאַמען..

ער האָט געזען:

געפאַקטער זאַל . . . אַרבעטער . . . פּנים׳ער . . . אַלטע באַקאַנ־טע; ער הערט זייערע פאָדערונגען, נאָכדעם געשרייען, פּראָטעסטן, גע־שלעגן — אויסרופן:

— אָרטשיק!

— גענג־פירער!

— לייבאָר־פייקער!

— קאָרופּטער נפש!

געקלונגען האָבן די ווערטער אינעם שטילן שלאָפצימער: געהילכט אין זיינע אויערן, זיך איינגעקריצט אויף די ווענט, געפלאָנטערט זיך אים אונטער די פיס:

— גענג־פירער! . . . לייבאָר־פייקער! . . .

ער האָט זיך אָנגעטאָן און פאַמעלעך, מיט שווערע טריט, אַריין אין וואַשצימער. גאָלנדיק זיך האָט ער געקוקט אין שפּיגל און געזען האָט ער פאַר זיך אַן אויסגעצויגענעם, בלייכן פּנים. די הויכע ביינערדיקע נאָז, די אָפּגעבליאַקעוועטע בלאָנדע האָר צעקודלט איבערן קאָפּ, די ווייס־לעכע אויגן — פאַרגלעזערט, ווי ער וואָלט געווען שיכור.

מיט אַ בייזן בליק האָט ער אָפּגעקערט ס׳פּנים פון שפּיגל. ער האָט אויפגעדרייט דעם קאַלטן קראַן און אונטערגעלייגט דעם קאָפּ. אַן אָפּגע־

פרישטער איז ער אַריין אין עס־צימער. געטראָפן האָט ער דאָרטן ס׳ווייב זיינס אַ פאַרוויינטע. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, צוגעשפּרייזט צום טיש און גענומען בלעטערן די מאַרגנצייטונגען.

ס׳ווייב האָט געזאָגט:

— אָרע, דאָס אינגל גייט אַוועק פון הויז, ער האָט זיך שוין דאָרטן איינגעפּאַקט. אָרע! כ׳וועל נישט אַריבערטראָגן.

אָרטשיק איז געבליבן זיצן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי די גאַנצע זאַך וואָלט אים נישט אָנגעגאַנגען. ענדלעך האָט ער אַרויסגעבורטשעט עט־לעכע ווערטער:

— אויב דיין זון וויל דיך פאַרלאָזן, איז עס דיין עסק. מיט מיר האָט עס גאָרנישט צו טאָן.

ער האָט זיך אַ הייב געטאָן פון טיש.

מינאַ האָט אים פאַרלאָפן דעם וועג. זי האָט אים אָנגעכאַפּט ביי אַ ליידיקן אַרבל פון שלאָף־ראָק און ביטער געגעדט:

— דאָס האָט מיט דיר גאָרנישט צו טאָן, אָרע? ס׳וועט היינט נע־מען אַן עק! כ׳וועל אים נישט לאָזן אַליין. זאָלסט דאָס געדענקען, אָרע!

אָרטשיק האָט אויפגעהויבן זיינע פאַרגלעזערטע אויגן, געקוקט אויף איר אַנטשלאָסענעם פּנים, געהויבן מיט די שמאָלע אַקסלען און פאַנאַנ־דערגעשפּרייט די הענט:

— וואָס אייגנטלעך ווילסטו פון מיר? פעלט דיר דאָ עפּעס? פעלט עפּעס חלילה פרעד׳ן? פאַרוואָס איך אים אַפילו צו גיין אין זיין קלייזל? פאַרוואָס איך אים דען זיך צו באַטייליקן אין זייערע דעמאָנסטראַציעס? טאָ וואָס נאָך ווילסט איר פון מיר? כ׳זאָל אפשר גיין פרעגן שאלות ביי דיין זון וואָס כ׳מעג יאָ טאָן אין מיין „יוניע״, און וואָס נישט?

מינאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט אַריינגעקוקט אין אָר־טשיק׳ס פאַרגלעזערטע אויגן און עקשנות׳דיק ווידער אָנגעהויבן:

— וואָס פאַררעדסטו מיך מיט שאלות? ס׳האַנדלט זיך וועגן אונ־דזער קינד, אונדזער אויג אין קאָפּ. ער גייט אַוועק צוליב דיינע דאָרטי־קע מעשים! מוזסטו אַזוי טאָן, אָרע? האָסטו די גאַנצע ביינצן יאָר געפירט דאָרטן אַזעלכע עסקים? טאָ צוליב וואָס טוסטו עס איצט, אָרע? אַצינד מוזסטו אויסקלייבן, אָרע: די „יוניע״ אָדער אונדזער קינד! און טו עס גיך, איידער ס׳ווערט שפּעט!

— מאָדנע, — האָט אָרטשיק אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ,—זי שטעלט

מיך אין אַ לאַגע אויסצוקלייבן מיט וועמען צו גיין. פּאַרוואָס פרעגסטו עס נישט דיין זון ? האָב איך גאָרנישט געטאָן פאַר פרעד'ן ? גאָרנישט, מינאַ ? טאַקע גאָרנישט ? . . .

אָרטשיק'ס גלייכע פיגור האָט זיך אַ קאָרטשע געטאָן פון צער. מיט פאַרסטשאַמפּעטע ליפּן און מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ האָט ער צוגעשפּרייזט צום פענצטער.

דאָס פענצטער פון עס־צימער איז געווען צעעפנט. ווייט אַרום — גראָזן, פעלד־בלימעלעך אוןביימער. איבער די ביימער — צעגרינטע פעלדער, פאַרזייטע בייטן. ווייט ביים האָריזאָנט האָבן זיך געשפּיגלט בלויע וואַסערן פונעם רעזערוואואַר. פייגל זיינען מחנות׳וויַיז דאָרטן אַרומגעפלויגן. אָרטשיק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אין זייער אַ וויכטיקן ענין. ער האָט זיך אויסגעדרייט צום עס־טיש.

די קאַווע איז שוין געווען קאַלט. נאַכלעסיק האָט ער געזופּט. איינציייטיק זיך פאַרטיפט אין זיין מאָרגנצייטונג. ניט געפינענדיק זיין צייטונג, האָט ער גענומען דעם „דעילי וואָרקער".

אויף דער ערשטער זייט האָט ער געלייענט אין גרויסן שריפט:

„דער לייבאָר־פייקער אָרטשיק צעטרייבט אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג מיט דער הילף פון קודלע'ס גענג".

אָרטשיק האָט אַ שליידער געטאָן די צייטונג אויפן דיל, אַרויסגעבורטשעט עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און זיך געמאַכט גרייט אַוועקצוגיין אין דער יוניאָן

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. אָרטשיק האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן טעלעפאָן־טישל:

— העלאָ ! יע ! . . .

— אָ, העלאָ, טאָמי ! וואָס איז געשען ?

אָרטשיק האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי, אַזוי, שוין ווידער די לינקע . . . וואָס ? זיי רופן דורך ליפלעטס צו אַ פּראָטעסט־מיטינג ? זיי טיילן, הייסט עס . . . נו, ווייסטו דאָך וואָס צו טאָן . . .

— יע, טאָמי, כ'הער. דער אַלטער שיע טומלט שוין ווידער, האַ ? ער כאַפּט זיך ווידער שלאָגן פאַר אַ „דזשאַב"? וואו ביזטו אין דער וועלט ? . . .

— ווידער שיקן נאָך קודלע׳ן ? ביזט פון זינען אַראָפּ ? מיינסט אַז קודלע גייט אומזיסט ? . . .

אָרטשיק האָט געביסן די ליפּן. ער האָט שאַרף געזאָגט אין טרייבל אַריין:

— אָלרייט. איך קום אַליין באַלד, טאָמי !

אָרטשיק האָט זיך אויסגעדרייט. פאַר אים איז געשטאַנען זיין פרעד מיט דער מאַמען.

— מאַ האָט געהייסן אַריינקומען צו דיר איידער כ׳גיי, — האָט פרעד געזאָגט און איז שטיל געבליבן.

— מאַ האָט געהייסן, — האָט אָרטשיק געצירקלט יעדעס וואָרט, און דו ?

— איך גיי אַוועק, פּאַ ! — האָט פרעד דאָס פעסט אַרויסגערעדט.

— וואוהין גייסטו ? לאָמיך אויך וויסן, — האָט אָרטשיק געפרעגט איינגעהאַלטן.

— זוכן אַ „דזשאָב”!

— אַ דזשאָב ? — המ־מ . . . אַ דזשאָב ! מ׳קוקט דיך אויס אַצינד, דו דאַרפסט בלויז וועלן, — האָט אָרטשיק כלומרשט געלאַכט.

פרעד האָט געשוויגן. אָרטשיק האָט ווידער אָנגעהויבן:

— הייסט עס, גייסט זוכן אַ דזשאָב, מיין זון, אַ תּכלית זוכסטו ? פיין ! און וואָס וועט זיין מיט דיין פאַרענדיקן אוניווערזיטעט ? וועסט עס איבערלאָזן ?

— אויב איך וועל קאָנען, וועל איך עס פאָרזעצן דורך אייגענער פּראַצע. היינט דאַרף איך מער נישט קיין אוניווערזיטעט, — האָט פרעד געענטפערט.

אָרטשיק האָט פאַרלייגט די הענט איבערן ברוסט, מיט זיין פּלייצע זיך צוגעשפּאַרט צום שטול־ווענטל, פאַוואָליע געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַ־דויערנדיק האָט ער געזאָגט:

— אַ שיינע קאַריערע, מיין זון, נישטאָ וואָס צו ריידן !

— אַ שענערע ווי דיינע, פּאַ ! — האָט פרעד שטיל און פאַרביסן גע־ענטפערט.

מינאָ האָט זיך אָפּגערופן:

— איך וואָלט געזאָגט, אַז דו, אָרע — — — —

— איך פרעג דיר נישט קיין עצות, שוויג ! — האָט אָרטשיק מיט

כעס איר איבערגעשלאָגן.

אין צימער איז שטיל געווען. די שטילקייט האָט געהילכט אין די אויערן, געזעגן דעם מאָרך; ביים שלונג איז אָרטשיק'ן ענג געוואָרן. ער האָט זיך אַ הויב געטאָן פון שטול און אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן אַהין און צוריק.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום טיש, פּאַמעלעך זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט געזאָגט:

— ס'מיינט, פרעד, אַז דו שעמסט זיך מיט דיין פּאַ. זאָג נאָר מיר, מיין טייערער זון, קאָנסטו כאָטש דיין פּאַ?

— ס'איז גענוג וויפיל איך קאָן! — האָט פרעד געזאָגט און זיך אויסגעדרייט.

— אַנטלויף נישט, פרעד, — האָט אָרטשיק אים גערופן צוריק, — זאָג נאָר מיר, מיין טייערער תכשיט, וועמען האָט דיין פּאַפּאַ גע'הרג'עט, באַ'גזל'ט? זאָג, שעם זיך נישט!

— פאַר מיר איז גענוג, אַז מיין פּאַפּאַ פירט געננגסטערס קעגן ערלעכע אַרבעטער, — האָט פרעד גאַליק געענטפערט.

— קעגן ערלעכע אַרבעטער? נישט מער און נישט ווייניקער... אָבער, וואָס איך וויל וויסן: ווי קומסטו צו זיי? פון מיין הויז האָסטו דיין תורה געלערנט? בכלל, איז דאָס פאַר דיר אַ קאַריערע?

— נישטאָ וואָס צו הערן מער, פּאַ. כ'וויל מער נישט הערן! עס עקלט מיך, פּאַ... עס עקלט מיך פון דיין קאַריערע. כ'וויל לעבן פון ערלעכער אַרבעט — אָט וואָס!...

אָרטשיק איז געזעסן מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ. מיט אַ פינגער האָט ער ווי עפּעס געשריבן איבערן גלאַטן טיש. זיינע פיס אונטער דעם שטול האָבן געציטערט. פון ערגעץ האָט דער זייגער אָפּגעקלונגען צען. ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. פאַר אים איז געשטאַנען זיין איינציקער זון פרעד, דער יורש זיינער, וועלכן ער האָט ביז איצט אַפילו ניט גוט געקאָנט... ער האָט אָבער דורך זיין השגה שטענדיק זיך משער געווען, אַז פרעד וועט אוודאי פאָרזעצן און נאָך מער אויסברייטערן און פאַרטרעטן דעם טאַטנס אייגנשאַפטן. אין אָט־דער רגע האָט ער געזוכט אין זיין זון כאָטש אויסערלעכע ענלעכקייט צו אים אַליין, — און באַלד זיך אַליין דערזען: פונקט אַזוי האָט ער, אָרטשיק, אויסגעזען צו אַכצן

יאַר: הויך, שלאַנק, מיט אַזעלכע געקרויזלטע בלאָנדע האָר. אָבער ניין, איצט איז געשטאַנען פאַר אים אַ ווילד־פרעמדער, זיין ביטערער שונא . .

— פאַ ! — האָט פרעד אים איבערגעשלאָגן די רעיונות, — איך גיי אַוועק. מאַמאַ זאָגט, אַז זי גייט אויך מיט מיר. מירן ביידע זוכן און געפינען אַרבעט. וועלן מיר נישט וואוינען אין אַזעלכע שיינע צימערן. פאַ, וואָלסטו געוואָלט אַלץ לאָזן און גיין מיט אונדז ?

אַרטשיק האָט זיך ביטער צעשמייכלט:

— ווי געטריי ער איז מיר געוואָרן ! איך וועל אָבער קיינמאָל ניט גיין אין דיינע וועגן, פרעד ! ס׳איז נישט די שיינע צימערן — ס׳איז אַ טעות, פרעד ! דאָרטן וואו דו גייסט, זיינען מיינע שונאים, די, וואָס איך האָב מיין גאַנץ לעבן באַקעמפט. ניין ! — האָט ער זיך געטאָן אַ שטעל און ווייטער גערעדט, — איך גיי נישט ! איך וועל נישט איבערלאָזן די יוניאָן צו דיינע חברים ! . . .

פרעד האָט זיך אויסגעדרייט צום טיר. מינא, כליפענדיק, האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און זי האָט געזאָגט:

— וואַרט, מיין זון, כ׳גיי מיט דיר !

אַרטשיק איז געבליבן שטיין אין דער זעלביקער פּאָזע. געדאַכט האָט זיך אים, אַז די גאַנצע געשעעניש קומט פאָר אין אַ חלום, אין אַ שלעכטן חלום. לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען און געטראַכט. דער טעלע־פאָן האָט ווייטער געקלונגען; דער טעלעפאָן האָט געריסן שטיקער. פאַ־מעלעך, פאַמעלעך האָט ער זיך קוים צוגעשלעפּט צום טישל:

— העלאָ ! יע . . . אָ, דאָס ביזטו טאָמי ? יע, יע . . . — זיין האַנט איז פאַמעלעך אַראָפּ מיטן טרייבל. מ׳האָט געהערט ווי טאָמי רעדט עפּעס. אַרטשיק איז געשטאַנען מיטן אַראָפּגעלאָזטן טרייבל און צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ:

— יע, יע . . . טאָמי . . .

## 6

אין אָט־דער שטימונג איז אַרטשיק אַוועק אין זיין יוניאָן. זיין מוח איז געווען בלאַנק. ער האָט געהאַלטן אין איין איבער׳חזר׳ן: „טראָבלס, טראָבלס . . . און טראָבל־מאַכער !״ . . .

אָט־די אַלע צרות וואָס ער מאַכט אַצינד דורך, קומט אַלץ פון די

טראָבל־מאַכערס, — האָט ער אַצינד געטראַכט. צום גליק זיינען זיי אָן אומבאַדייטנדיקע צאָל, — האָט ער ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן צו באַרו־איקן. דאָס איבעריקע — די מערהייט אַרבעטער, זיינען נאָך היינט פּונקט ווי אַלע מאָל לאָיאַל צו אים מיט זיין יוניאָן. דער פאַקט וואָס ניינצן יאָר האָט אים דיזעלביקע מערהייט אַרבעטער פּשוט פאַרגעטערט. אמת, אַרבעטער האָבן אַזאַ טבע: זיך לאָזן אויף אַ ווייל אויפהעצן, ווי ס׳האָט פּאַסירט ביי דעם מאַסנמיטינג, אָבער, בלויז אויף אַ ווייל . . . ער, אָרטשיק, דאַרף נאָר אויפטרעטן אויף דער טריבונע מיט אַ שיינער רעדע, ווי אַלע מאָל. מיט די עטלעכע, ווידער, — די לינקע שונאים זיינע ? עט, מיט זיי וועט ער זיך לייכט ספּראַווען. אויב ווידער זיי וועלן פּרואוון מאַכן נאָך איין מאָל די זעלביקע שטיק — נישט דערלאָזן קומען צום אויסדרוק — דעמאָלט וועט ער בלויז געבן אַ זאָג . . . אַפילו אַ וואונק . . און מיט דעם געדאַנק, שוין אינגאַנצן אַ געלייטערטער, איז אָרטשיק אָנ־געקומען צו דער לייבאָר־ביוראָ פון זיין יוניאָן.

ס׳איז שוין געווען אַרום מיטיק־צייט. די אינדערפריאיקע יולי־זון האָט זיך אָפּגערוקט און איז געשטאַנען אַ גליענדיקע אינמיטן הימל. בונ־טען פייערדיקע שטראַלן האָבן זיך געשפּאַרט דורך די האַלב־צעעפנטע פענצטער. אינעווייניק, אין לייבאָר־ביוראָ, איז געווען טונקל, אָנגערוי־כערט און געדיכט מיט אַרבעטסלאָזע. אין טיר האָט זיך באַוויזן אָר־טשיק. ווי יעדעס מאָל ביי זיין אַריינקום, איז ער באַגריסט געוואָרן פון עטלעכע עלטערע אידן. אָרטשיק האָט אויף זייער באַגריסונג נישט גע־ענטפערט. ער האָט זיך גענומען דורכשפּאַרן צו זיין אָפיס.

דער אָפיס איז געווען ביי די הינטערשטע פענצטער און דער גע־פאַקטער לייבאָר־ביוראָ איז דער דורכגאַנג געווען שווער: די שורות בענק — פאַנאַנדערגערוקט. געשטאַנען זיינען די אַרבעטער אין גרופּן און צווישן זיך דיסקוטירט.

שטייסנדיק זיך אין אָפיס אַריין האָט אָרטשיק געהערט ווי אַרבע־טער דערמאָנען זיין נאָמען. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ ברוגזדיקע מאַסע האָט אַ בליץ געטאָן פאַר זיינע אויגן. אין דער מיטן פון דער ליי־באָר־ביוראָ, איבער דער ברייט פונעם זאַל, איז ווי פון שטיין אויסגעהאַ־מערט געשטאַנען אַ מחנה אַרבעטער. איינער פון זיי, דער אַלטער דוד־משה, דער זעלביקער וואָס האָט אויף אַ פּשוטן אופן דערציילט ביים מאַ־סנמיטינג די טראַגעדיע פון נאָימטשע׳ן, האָט אַצינד פאַר אַלע אין דער

לײבאָר־ביוראָ איבערדערצײלט אױפדאָסנײ. נאָימטשע׳ס שאָפּ־טשער־מאַן, סקידל, האָט דער צװײטער דערצײלט, װי אַזױ דער באַלעבאָס זײַ־נער, זיבאַלע, האָט אױסגענוצט די נאַאיװיטעט פונעם ערלעכן מענטשן און אים באַראַבעװעט . . . דער דאַר׳ער סילװער פון אײן עק לײבאָר־ביו־ראָ, און פון דער צװײטער זײט, דער שװאַרצער טשאַרלי, האָבן בעת־מעשה אױסגעטײלט ליפלעטס, װאָס האָבן גערופן צו אַ פּראָטעסט־פאַר־זאַמלונג װעגן די געשעעניש פון דעם נעכטיקן מאָסנמיטינג. און װאָס אָרטשיק האָט מיט קודלע׳ס געגנג דאָרט אױפגעטאָן . . .

שטײיסנדיק זיך האָט אָרטשיק אַראָפּגעבױגן דעם קאָפּ, אומבאַ־מערקט זיך דורכגעריסן דורך די אױפגערעגטע אַרבעטער. אין דער רגע האָט ער אױסגעזען װי אַ פאַרלוירענער. געפילט האָט ער אַצינד דאָס ערשטע מאָל אין זײַנע נײַנצן יאָר הערשן, דעם ביטערן האַס און דעם טיפן אָפּגרונט װאָס טײלט אים אָפּ פון די מאַסן אַרבעטער . . . בײַ דעם געדאַנק האָט דאָס בלוט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַרײַן. אַ װילדער פאַרלאַנג האָט דעם מענטשן אַרומגעקלאַמערט. מיט רױט־פאַרגאָסענע אױגן, װי פון אַ װילדער חיה, האָט ער זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין אָפיס.

פאַר דער טיר האָט אים מיט אַ ברײטן „גוט־מאָרגן" געפּרואװוט אָפּשטעלן זײַנער אַן אַמאָליקער יוגנט־חבר און דער איצטיקער שאָפּ־טשערמאַן פון קימל׳ס שאָפּ, דער געשטופּלטער עליע מאַצע . . . ער, אַ הױכער, אַ דיקלעכער, איז דאָרטן געשטאַנען פאַר דער אָפיס־טיר צוזאַ־מען מיט אַ שאָפּ־קאָמיטעט, מיט דעם קלײנינקן בעני. בײדע האָבן גע־װאַרט אױף אָרטשיק׳ן. אָרטשיק האָט דעם עליע מאַצע אַ װײלע אָנגע־קוקט מיט זײַנע רױט־פאַרגאָסענע אױגן און פאַרקלאַפּט די אָפיס־טיר הינטער זײער נאָז.

דער קלײנינקער בעני האָט אַ קיבעץ געטאָן:

— אַ שײנעם פרײַנט האָסטו, עליע, אַזאַ מזל׳ע אױף דיר . . .

עליע האָט אים אַ נעם געטאָן אין זײַנע שטאַרקע אָרעמס און װאױל־יונגעריש באַמערקט:

— „נעװער־מײַ, קיד. קאָם אָן!"

פאַרכמורעט, מיט אַ פּנים שװאַרץ און פינצטער, האָט אָרטשיק זײַ גלײַך בײַם אַרײַנקומען געפרעגט:

— װאָס איז דער נאָמען פון אײַער שאָפּ?

עליע האָט געענטפערט װי אַ באַלײדיקטער:

— וואָס איז געשען, ברודער אָרטשיק? נאָך צען יאָר זיין דאָרטן אַ שאַפּ־טשערמאַן און ברענגען אייך יעדע וואָך די צונויפגעקליבענע יו־ניאָן־שטייער, געדענקט איר נאָך אַלץ נישט דעם נאָמען פון מיין שאַפּ?

— ענטפער צו דער זאַך „פאַר גאָדס סעיק!" אַלץ מוז איך געדענ־קען! — האָט אָרטשיק זיך אַ וואָרף געטאָן.

— גוט, — האָט עליע געענטפערט מיט אַ באַהאַלטענער שנאה, — ס'איז קימל'ס שאַפּ.

— וואָס פאַרלאַנגט דער קאָמיטעט? זאָגט און פּטור! — איז אָר־טשיק געוואָרן אומגעדולדיק.

— אונדזער באַלעבאָס פאַרלאַנגט אַ פרישן לוין־שניט. אויב נישט, סטראַשעט ער, וועט אונדזער אַרבעט אַוועק צום צווייטן שאַפּ, צו גי־סער'ן. ערשט אפשר אַ חודש צוריק אים געגעבן אַ לוין־שניט . . .

עליע האָט דעם פאַרלאַנג פאַרענדיקט.

אָרטשיק איז דערווייל געזעסן ביים שרייב־טיש, מיט זיינע הענט זיך געריבן דעם שטערן, ווי ער וואָלט דאָ אַצינד באַדאַרפט פסק'ענען די האַרבסטע שאלה. אין דער אמת'ן זיינען אים זייערע רייד נישט געקראָ־כען אין קאָפּ.

— טאָ וואָס פאַרלאַנגט דער קאָמיטעט? — האָט אָרטשיק גע־פּרוּווט איבערפרעגן.

עליע איז געבליבן דערשטוינט פון אָרטשיק'ס מאָדנער אויפפירונג. בעני, דער צווייטער פונעם קאָמיטעט, האָט קלאָר אַרויסגעבראַכט:

— מיר ווילן האָבן אונדזער אַרבעט אָן אַ פרישן לוין־שניט, אָט וואָס מיר ווילן!

— טאָ ווער לאָזט אייך נישט? — האָט אָרטשיק פאַר'חלום'ט גע־פרעגט.

עליע האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— פון וועמען מאַכט איר חוזק, ברודער אָרטשיק? מיר דערציילן דאָך, אַז דער באַלעבאָס סטראַשעט, אַז ער שיקט שוין אַוועק אונדזער אַרבעט צו גיסער'ן!

— וועט אַוועק צו גיסער'ן, אַז איר ווילט עס נישט מאַכן . . . — האָט אָרטשיק מעכאַניש צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, — דאָרטן איז אויך אַ יוניע־שאַפּ.

די צוויי פונעם קאָמיטעט האָבן זיך מאָדנע איבערגעקוקט. פון בע־ני׳ן האָט געשפּאַרט אַ געלעכטער, אָבער דער צווייטער, עליע, האָט דאָס נישט געקאָנט אַזוי לייכט פאַרדייען. ער איז צוגעקומען נעענטער צום שרייב־טיש און געפרעגט :

— ברודער אָרטשיק, אויב דאָס איז אייער ענטפער, טאָ וועט באַ־דאַרף אייך ? פאַר הונדערט מיט פונף־און־צוואַנציק דאָלער אַ וואָך — —

— פּאָסקודנע לויז ! — האָט אָרטשיק זיך אויף אים אַרויפגעכאַפּט, דיר געפעלן אויך נישט מיינע שכירות ? טראָג זיך שוין אָפּ ! טאָמי !

— האָט ער אַ רוף געטאָן זיין געהילף, — „קיק דהעם אוט, קוויק !״

טאָמי איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר. עליע און דער קליינער בעני האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. עליע האָט געמאַכט אַ טראָט פאָראויס און געזאָגט :

— הערט מיך אויס, דזשענטלמען ! איבער דרייסיק יאָר ווי איך פּראַצעווע ביי דער אַרבעט. שווערע יאָרן האָב איך דורכגעלעבט. איך בין אָבער געווען אַן ערלעכער יוניאָן־מיטגליד. יאָ, מיט מיין שווייס און בלוט האָב איך מיין יוניאָן געבויט. אָבער געדענקט, אין מיין יוניאָן וועט איר מער קיין פירערס נישט זיין !

אַ שטילקייט האָט געהערשט אינעם קליינעם אָפיס־צימער. די שטילקייט איז געפאַלן אַזוי שווער, ווי טויזנטער פּודן משא וואָלטן פון ערגעץ אָנגעפילט דעם קליינעם שטח. ענג איז יעדן באַזונדער געוואָרן. אָרטשיק איז געזעסן מיט דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגן צום שרייב־טיש און איז נישט געווען בכוח זיך אַ ריר צו טאָן. טאָמי, זיין געהילף, איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים טיר און נערוועז געדרייט מיט דער קליאַמקע און נישט געקאָנט דורכפירן זיין האַר׳ס באַפעל.

מיטאַמאָל איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן פון אַ פאַרצי־טערט געשריי, וואָס איז געקומען פון דער לייבאָר־ביוראָ :

— שווינדלער ! דו היצל ! קעשענע־גנב ! נאָך מיר אונטערגע־שיקט דיינעם אַ פריינט ! מיך . . . באַלעבאָס אַ היים געשיקט ! דו גנב, דו — — —

טאָמי האָט אַן עפן געטאָן די טיר אין דער לייבאָר־ביוראָ אַריין. עליע מיט דעם קליינינקן בעני׳ן זיינען נאָכגעלאָפן. טאָמי איז גלייך צו־ריק אַריין און געזאָגט צו אָרטשיק׳ן :

— נעם דעם טעלעפאָן, רוף אָפּ . . . „קאָם אָן", וואָרט נישט!

אָרטשיק האָט נישט געענטפערט. ער האָט עפּעס געמורמלט צו זיך:

— וואָס זיצסטו אַזוי? פאַר „גאָדס סעיק", זעסט נישט וואָס דאָר־טען טוט זיך? ווילסט זיי זאָלן אונדז דער'הרג'ענען דאָ?

טאָמי האָט אַ נעם געטאָן די טרובקע, דאָס איינגעשלאָסן אין אָר־טשיק'ס האַנט, צוגעלייגט דאָס רערל צו אָרטשיק'ס ליפּן, גלייכצייטיק אַ קאָמאַנדע געטאָן אינעם איבערגעצאַמטן אָפּיסל:

— העי לאַפּמאַן, וואָס האָסטו זיך איצט פאַרשטעקט אין אַ ווינקל? לויף שוין אַרויס צו היצל'ען, זיי וועלן אים דער'הרג'ענען דאָרטן!

טרייסלענדיק מיט אַלע זיינע אברים האָט דער יוניאָן־אַגענט לאַפּ־מאַן געפאָלגט. ער האָט פאַמעלעך זיך דורכגעשטופּט אַהין, געזען ווי דער דזשאָב־טיילער היצל שטייט דאָרט צוגעשפּאַרט צום וואַנט . . . דער־זעענדיק לאַפּמאַנ'ען האָט היצל זיך געפּרואווט אַרויסרייסן פון זייערע הענט. אין דעם אויגנבליק איז קודלע מיט זיין גענג אַריין אין לייבאָר־ביוראָ.

אינעם צווייטן אויגנבליק: אַ האָגל פון אייזערנע שטעקנס, אונ־טערגעהאַקטע אויגן, צעשפּאָלטענע שאַרבנס, רינעס פון בלוט אויפן דיל.. אַ געמיש פון איבערגעקערטע בענק און צעטראָטענע אַרבעטער. פאַר־צווייפלטע געיאָמערן האָבן זיך צעטראָגן, זיך געשפּאַרט דורך די פענצ־טער, געבויערט און געשפּאָלטן דעם סופיט. די הענגענדיקע לאָמפּן האָ־בען געציטערט, זיך אומרואיק באַוועגט. און געדאַכט האָט זיך, אַז נאָך אין אַ רגע אַרום פאַלן זיי פייערדיק אַרונטער און דאָס פייער וועט צע־טראָגן די געביידע. אַש וועט ווערן! — אַש . . .

דער גענג־פירער, קודלע, איז געלעגן אויפן דיל מיט אַ צעבראָכענעם שאַרבן. טאָמי מיט דער גענג האָבן זיך אַרויסגערוקט. פון אונטער די בענק האָט מען געפונען צעטראָטענע אַרבעטער, וואָס האָבן קוים גע־אָטעמט — דעם אַלטן שיע'ן מיט עליע'ן . . .

די אַרבעטער האָבן זיך געשטופּט צו אָרטשיק'ן אין אָפּיס. אָרטשיק איז דאָרט געזעסן אַ פאַר'חלומ'טער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אייגער אַליין, ווי אין אַ פאַרזיגלטער שטייג. די גאַנצע ניינצן יאָר זינט ער איז געוואָרן אַ יוניאָן־פירער און נאָך פון פריער, האָבן זיך אַצינד געוויקלט פאַר זיינע אויגן:

— ליכט . . . ליכט . . . און ליכט! אַצינד איז אַלץ פאַרטונקלט

געוואָרן: זיינע איבערגעגעבנסטע אין דער יוניאָן און זיינע נאָענטסטע: ס׳אייגן בלוט און פליייש — זיין פרעד . . .

איצט, ווען אַרטשיק איז געבליבן איינער אַליין פאַרשלאָסן אין זיין אָפיס, האָט די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט, מיט די מאַסן צאָרנדיקע אַרבעטער פון יענער זייט אָפיס־טיר, מער נישט עקזיסטירט פאַר אים. איצט איז זיין געדאַנק געווען בלויז קאָנצענטרירט אויף זיין אייגן בלוט און פליייש, וואָס האָט אים אַזוי אומ׳רחמנות׳דיק פאַרלאָזט, גראָד ווען ער בויטיקט זיך אין זיי. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען פרעד, זיין ליב בן־יחיד׳ל, פאַר וועמען ער האָט אָפּגעגעבן זיין יעדע פרייע מינוט, זיין מי און געלט; זיך געפרייט אַלעמאָל מיטן קינד׳ס פרייד, און געווייטיקט ווען פרעד איז קראַנק געווען. אָט־דער פרעד איז אַצינד געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, ווי אַ ריכטער, ווי אַ בייזער ריכטער און גע׳משפּט דעם טאַטען. פריש האָבן נאָך געקלונגען פרעד׳ס האַרבע, געוואָגטע רייד צום טאַטן. און די מאַמע, זיין ווייב, — זי אויך . . .

מיט באַדויערן האָט ער געטראַכט פון דער ווייב׳ס ראָליע וואָס זי האָט צוגעשפּילט . . . און איצט, ווען ער איז געזעסן און געטרויערט, האָט ער געזען דער מינאַ פון אַמאָל, נישט אין דער פּאָזע ווי זי איז געשטאַנען מיט פרעד׳ן ביים פאַרלאָזן אים — אַ בייזע מיט רויט־פאַרווייניטע אויגן, נאָר געזען האָט ער דער יונגער שיינער מינאַ, ווען ער האָט איר ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט מיט אַ מילדן בליק, ביי זיין פריינט אין שטוב צו אַ שמחה פון יוגנטלעכע. ער געדענקט, ווי ער האָט באַוואונדערט איר אויסנאַמקייט פון אַלע דאָרטיקע מיידלעך, סיי מיט איר האַלטונג — צנועה׳דיק, באַשיידן, און סיי מיט איר קינסטלעך געטאָקטע גליידער: אירע בלויעכע אויגן וואָס האָבן אַזוי רואיק אַרויסגעשיינט, מיט די געפלאָכטענע צעפּ אַרום די גלאַט־פאַרקעמטע האָר. מיט באַדויערן האָט ער אַצינד געטראַכט: „ווי די יאָרן וויקלען זיך! שוין צוואַנציק יאָר . . . צוואַנציק יאָר צוזאַמען, דורכגעקרייצט פאַרשיידענע צייטן, און איצט״ . . .

ער האָט געזיפצט און באַדויערט ביז די קאָפּ איז אים שווער געוואָרען. האָט ער דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אַ פאַרביטערטער קעגן אַלע און אַלעמען, און זיך באַטראַכט פאַר אַ מאַרטירער, וואָס מוז נעבעך ליידן פאַר עמיצנס זינד . . . פּלוצים, ווי דורכן חלום

האָט ער דערהערט פאַרצװייפלטע אויסגעשרייען:

— מערדער! ברודער־מערדער...

מיינט מען עס אים? יאָ. ער הערט װי מ׳רופט אויס נעמען, באַ־קאַנטע נעמען פון צע׳ממית׳טע אַרבעטער! ער האָט זיך מער אָנגע־שטרענגט, האָט אָנגעשפּיצט דעם אויער, און געהערט האָט ער אַצינד אַ געברום, און באַלד נאָכדעם אַ געקלאַפּעריי אין די װענט. די שװאַכע װענטלעך האָבן זיך געהוידעט, יעדע רגע געדראָעט מיט איינפאַלן. און ער, אָרטשיק? װי אַן אומשולדיק־פאַר׳משפּט׳ער, איז ער צו אַלץ גע־בליבן גלייכגילטיק.

אויפן געדאַנק איז אָרטשיק׳ן געקומען זיין איינגע׳חזר׳טע רעדע, מיט װעלכער ער האָט זיך געגרייט און נישט געהאַלטן. פון אונטער־באַװאוסטזיין האָט אַנדרייעװ׳ס טראַגישער העלד דוד לייזער, פאַר אַ מי־נוט זיך ניט אָפּגעשיידט פון אים. און איצט, אין זיין עת־צרה, װען די אָפּיס־װענטלעך האָבן זיך געהוידעט — איינצופאַלן, האָט ער אויפדאָס־ניי זיך באַהעפט מיטן טראַגישן העלד דוד לייזער, באַדויערט װי דער זעלבער ביטערער שיקזאַל האָט זייביידן צונויפגעבונדן מיט מאַרטירער־שאַפט פאַרן פאָלק! און באַלד מיט חרטה געשאָקלט מיט זיין קאָפּ אויף ניין. מחמת ער, אָרטשיק, האָט מער װי זיין געלט אָפּגעגעבן די מאַסן אַרבעטער! זיין לעבן האָט ער פאַר זיי אַװעקגעגעבן! דערצו: זיין אייגן בלוט און פלייש...

דער געברום פון יענער זייט טיר איז שטאַרקער געװאָרן. געהערט האָט ער אַצינד מורא׳דיקע קולות, װי דאָס שרעקלעכע װאָיען פון הונ־געריקע װעלף. אַ געהיימע שרעק װאָס האָט זיך געצויגן פון יעדער װינ־קעלע, פון יעדער שפּאַרונע איז אים באַפאַלן. אַ געדאַנק איז צו אים גע־קומען: ער װעט עפענען די טיר װאָס ער אליין האָט פון אינעװייניק פאַרריגלט, אַרויסגעקומען צו די אַרבעטער מיט דער מאַרטירער־קרוין אויפן קאָפּ און האַלטן אַ שפּאַגל־נייע רעדע, אַז... נאָר װען ער האָט געפּרואװט זיך צו קאָנצענטרירן און זיך אַ הייב טאָן, איז ער אויף צו־ריק אַװעקגעפאַלן אין שטול אַריין.

מאַכטלאָז האָט ער געקוקט אַרום זיך מיט אויגן װאָס האָבן גאָרניט ניט געזען, נאָר געפילט װי די װענטלעך װאָס טיילן אים אָפּ פון די מאַסן אויפגערעגטע אַרבעטער רוקן זיך צונויף אַלץ נעענטער און נעענטער

צו אים . . . ס׳בלוט האָט געקילט אין זיינע אָדערן און פּאַראַליזירט זיינע הענט און פיס. מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן איז ער מאַכטלאָז געזעסן און געפילט ווי דאָס לעבן ווערט פאַרקילט אין אים.

— ניין! — האָט ער געמורמלט צו זיך, — ניין! ער וויל נישט שטאַרבן! ער וועט רופן נאָך פּאָליציי . . . ער וועט — —

— טאָמי! טאָמי! . . .

אין דער רגע האָבן די אָפיס־ווענטלעך אָנגעהויבן זיך פונאַנדער צו־פאַלן . . .

מען האָט אים געפונען אַ פאַרגליווערטן, מיט אַ צוגעשלאָסן מויל צום טעלעפאָן־רערל.

# לייב שוחט

אַכט חדשים נאָך דער חתונה האָט געריי זיך באַדאַרפט שטעלן צום דינסט פון זיין לאַנד.

ס׳איז געווען סוף נייַנצן דריי און פערציק. די מלחמה פון אַמע־ריקע קעגן אירע בלוטיקע שונאים יאַפּאַן מיט נאַצי־דייטשלאַנד האָט זיך געררוקט צום קלימאַקס; מיליאָנען אַמעריקאַנער יונגעלייט זיינען שוין פון לאַנג געווען אין דער אַרמיי, געקעמפט אויף די מלחמה־פראָנטן. גע־רי האָט דערווייל געאַרבעט פאַר דער פאַרטיידיקונג — ביי שיף־געבוי. געאַרבעט האָט געריי לאַנגע שעה׳ן, שבתים, — פאַרשוואַרצט געוואָרן! און געדאַכט האָט זיך אים, אַז סיי דאַרטן וואו ער אַרבעט, סיי אין גאַס וואו ער קערט זיך, קוקט מען אויף אים קרום וואָס ער, אַ קרעפּטיקער יונגערמאַן, טראָגט נאָך נישט קיין אַרמיי־אוניפאָרם.

דערפאַר, ווען זיין ריי צו גיין איז געקומען, האָט ער מיט אַ וואָך פאַר דער דאַטע, אויפגעהערט צו אַרבעטן, דערקלערט פאַר זיין אסתר׳ן אַ יום־טוב־וואָך. אסתר, מיט אַ דינעם שמייכל אויפן קינדערשן פּנים, האָט זיך צוגעהערט. זי האָט אָבער אָפּט זיך געוויזן פאַרן טאַטן אַ שוויינגנדיקע, אַ פאַרטראַכטע. דער טאַטע, לייב שוחט, האָט געציטערט פאַר זיין אסתר׳קעס פלוצלינגדיקן שוויינגן, געציטערט פאַר דער מוזיג־קע זיינער.

דריי זין מיט אַן איינציקער טאָכטער האָט זיין חיה אים געבוירן. די דריי זין האָט לייב שוחט דערצויגן, געלערנט זיי דעם טאַטנ׳ס תורה, דעם טאַטנ׳ס פרומקייט. אָבער זיי זיינען פונעם טאַטן אַוועק אין „פרעמ־דע וועגן״, ווי לייב שוחט האָט אָפּט זיך באַקלאָגט. זיין עלטסטער זון, משה, איז אַ „פאַרהאַרטעוועטער ביזנעסמאַן״. ווען ער קומט אַמאָל צום זון דוכט זיך אים, אַז ער האָט ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט: מער ווי גע־שעפט רעדט ער נישט און אינטערעסירט זיך נישט. דער צווייטער זון, יונה, רופט זיך היינט „דאָקטאָר דזשאָרדזש״, מיט אַ פיינעם אָפיס אין אַ פרעמדן רייכן געגנט. נישט ער, דער זון, נישט די דאָקטאָרשע, נינע, אַפילו נישט זייער טעכטערל פלאָרע, ס׳אייניקל זיינס, ווילן בכלל מ׳זאָל זיי אַמאָל באַזוכן. און ווי דער אמת איז, קומט מען זיך צוזאַמען זייער

זעלטן. דער דריטער זון, וואולף, אַ לערער פון געשיכטע, איז דווקא זייער אַ וואוילער. סיי ער און סיי זיין ווייב רבקה קומען אָפט צום טאַטן, און דער טאַטע לאָזט זיך אויך אַהין נישט בעטן ; און רעדן, רעדן זיי שטענדיק פון אַ תורה וואָס פאַרטיידיקט דעם אָרעמאַן, דעם אונטער־דריקטן, און עס געפעלט אים. מחמת ער אַליין קומט אָפט אַ געקריוור־דעטער פון זיינע באַלעבאַטים אין שלאַכט־הויז.

ס׳איינציקע טעכטערל, אסתר׳קע, איז דרייצן יאָר אַלט געווען ווען די מאַמע איז געשטאָרבן. צוליב דער מוזינקע האָט לייב שוחט מער נישט געוואָלט חתונה האָבן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אסתר׳קעס דערציאונג, געלערנט איר אידישקייט — אינעם „טאַטנ׳ס וועגן״.

געטראַכט האָט לייב שוחט, אַז דער מזל ווי זין זאָלן אויסוואַקסן „ליגט תמיד אין גאָט׳ס האַנט״. אָבער זיך איינהאַנדלען אַן איידעם, איז בלויז אין זיין האַנט. אויסגעלאָזט האָט זיך : ווען זיין אסתר׳קע האָט פאַרענדיקט אירע לימודים, האָט זי זיך געפונען אין אַ פרעמדער וועלט ; פון אירע שול־חברים האָט זי צוביסלעך זיך דערווייטערט. זייער לעבנס־באַרוף מיט זייערע פוסטע אַמביציעס, האָבן צו איר, דער סענסיטיווער אסתר׳ן, נישט אַפּעלירט, זי נישט מיטגעריסן. אסתר׳ס אויסגע׳חלומ׳ט וועלטל האָט באַדאַרפט זיין אויסטערליש שיין, אמת־יושר׳דיק. די מענטשן — פיין־פילנדיקע ווי איר ברודער וואָלף מיט רבקה׳ן. פונקט אַזוי דאַרפן מענטשן רעדן, און אַזוי האַנדלען. בלויז אַהין צו זיי איז אסתר געקומען, איינגעזאַפּט די דאָרטיקע אַטמאָספערע, זיך באַקענט מיט זייערע חברים און זיך איינגעלעבט אין זייער סביבה. אין איינעם אַן אָוונט האָט זי זיך דאָרטן צופעליק געטראָפן מיטן יונגן מעכאַניקער געריי און זיך פאַרליבט אין אים. און ווי דער אמת, איז לכתחילה דעם פרומען טאַטן לייב שוחט דאָס גאָרנישט געווען צום האַר־צען. ער האָט אָבער זיין אסתר׳קען נישט געשטערט, חתונה געמאַכט, האָט דעם פּאָרל אָפּגעגעבן אַ וואוינונג אין זיין הייזקע און האָט כסדר געזאָרגט פאַר זיי.

---

ס׳איז געווען סוף זומער. די שמאָלע בראַיטאָנער גאַס אַרום ים־ברעג האָט זיך שוין אויסגערוט נאָכן זומער־געטומל. שטיל איז אַצינד דאָרטן געווען, שוין אַביסעלע צו־שטיל — אַז מ׳האָט געקאָנט כאַפּן אַ

דרימל. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט אַ קאַלטער אָקטאָבער־ווינט פון איבער דעם באָרדוואָק געטרייסלט די יונינגקע נאַקעטעביימעלעך מיט פאַרבייגייער אויף די גאַסן. לייב שוחט האָט פאַרלאָזט דעם רב׳ס שטוב מיט אַ לייכטערן געמיט, ווי דער גאַנצער ענין — דער תנאי־גט, וואָס ער מיטן רב האָבן אַצינד אויסגעפּלאַנעוועט, וואָלט געווען די גרעס־טע טובה פאַר זיין מוזינקע אסתר׳קע. האָט ער זיך געטראָגן אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט מיט דער „מתנה״ צו די קינדער, עס געטוליעט ווי אַן אוצר.

אַז אסתר׳קע וועט די מתנה אָננעמען מיט דאַנק, איז לייב שוחט געווען כמעט זיכער. זיין אסתר׳קע איז אַ וואויל קינד, פאַרשטייט ווי דער טאַטע זאָרגט פאַר איר און איז בלויז אויסן איר טובה. ער, דער טאַטע, וועט נאָר דאַרפן פאַר איר אויפקלערן דעם ענין, אַז . . . ס׳איז בלויז אין פאַל ווען איר געררי וועט פאַרלוירן אויפן שלאַכטפעלד, ווי עס טרעפט, זאָל זי, ס׳ווייב, נישט פאַרבלייבן אַן אייביקע עגונה, חלילה.

ער האָט פאַרזיכטיק נאָכגעדענקט לייב שוחט, יעדעס וואָרט וואָס ער קלייבט זיך איר צו דערקלערן. דעם גינציקן פרומען טאַטן איז אַצינד קיין אַנדער זאַך אין מוח נישט געקראָכן, ווי נאָר צו פאַרהיטן זיין מו־זינקע אסתר׳קע, אַז זי זאָל נישט פאַרבלייבן אַן אייביקע עגונה. ער האָט בעת מעשה גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דער מוזינקעס מאַן, געררי, וואָס דאַרף דעם תנאי־גט געבן . . . און ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז אַ יאוש אים באַפאַלן: סטייטש, געררי מיט זיין זון וואָלף — איין חדר! מיט אַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט ווי געררי האָט זיך שטאַרק געקווענקלט דעמאָלט צו דער חתונה־צערעמאָניע אין שול. און אויב געררי וועט סיי ווי נישט וועלן געבן אַ גט, מעג עס אַפילו הייסן „תנאי־גט״, וואָס ?... און חלילה קיין צרה זאָל נישט זיין, וועט זי דעמאָלט אַן איינזאַמע פאַר־בלייבן, אים, דעם אַלטן טאַטן, ס׳לעבן צו פאַרפינצטערן.

ער האָט געשפּאַנט מיט לאַנגזאַמערע טריט. דער קאָטאָבער־ווינט האָט אים פאַרהאַקט דעם אָטעם, צעפלאָכטעט ס׳שיטערע בערדל. פאַר אַ רגע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פינצטער געקוקט אין דער טונקלקייט, וואָס האָט זיך געצויגן פאַר אים אָן אַ סוף. אויפן האַרצן איז אים גע־וואָרען אַזוי שווער, ווי אַ שווערע משא וואָלט אים דריקן. ער האָט איינ־צייטיק געפילט אַ ביטערקייט, אָנגעלאָדן מיט פאַרדרוס צום שיקזאַל,

וואָס דאָס לעבן האָט אים צוגעטיילט צו זיין אַלע יאָרן דער פאַרזאָרגער — דער טאַטע מיט דער מאַמען פאַר זיינע קינדער. אין אָט־דער רגע איז ער מקנא געווען זיין יונג־פאַרשטאָרבענער ווייב. זי איז פּטור! — האָט ער געטראַכט. און פאַר אים, דעם אַלטן טאַטן הייבט זיך אַצינד אָן פרישינקע צרות. אַ געדאַנק איז אים געקומען; פריער זיך דורכ־צושמועסן וועגן דעם ענין מיט זיין וואָלפ׳ן, מיט רבקה׳ן. ער האָט תיכף חרטה געקראָגן און פאַר׳עקשנ׳ט געשפּאַנט אַהין צו די קינדער. און מיט יעדן טריט איז ס׳פּנים פונעם ווינט פאַרפלאָמט געוואָרן און ווען ער איז אַהין געקומען, איז ער געווען באַרואיקט.

די קינדער האָבן דעם טאַטן באַגעגנט מיט יום־טוב׳דיקע פּנימ׳ער. אַן אינטימע וואַרעמקייט האָט זיך געטראָגן פון די שטוב־ווינקעלעך, פון די קינדער׳ס יעדן קער און באַריר. גערי מיט דער מוזיקע זיינער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט האַרציקער פרייד, זיך גערימט מיט די מתנות פון פריינט צו גערי׳ס אַוועקגיין אין דער אַרמיי. דאָס האַנט־זייגערל, די ראַזיר־מכשירים. מיט קינדערשע התפעלות האָט גערי דעם טאַטן דער־ציילט ווי גוט זיי האָבן דעם טאָג פאַרבראַכט אויף בראָדוויי און וואו זיי קלייבן זיך מאָרגן צו פאַרברענגען. אסתר, אַ גליקלעכע, האָט צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ־יאָ, פּאָפּ.

דער טאַטע, לייב שוחט, האָט פאַר׳חידוש׳ט געקוקט אויף דער מו־זיקע זיינער און נישט־ווילנדיק מיטגעשמייכלט, בעת ער האָט געפילט, אַז דער גאַנצער פּלאַן דאַרטן מיטן רב, ווערט צעשוואומען אינעם ים פון פרייד וואָס האָט אָנגעפילט די שטוב. ערגעץ ביי דעם פרומען לייב שוחט האָט גערופן, געמאָנט . . . נאָר די צונג ביי אים האָט זיך נישט גערירט. מיט אַ פּנים פול מיט יאוש האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ שטול ביים טיש, גענומען אַ ספר און אַהין אַריינגעקוקט.

דעם טאַטנ׳ס שווייגן מיטן פאַרזאָרגטן פּנים האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה אויף די קינדער. גערי האָט קיין פּלאַץ זיך נישט געפונען. ער האָט אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל, זיך געקליבן אין ביבליאָטעק. אסתר האָט געזאָגט:

— זאָרג נישט, פּאָפּ. איך גיי אין דער אַרמיי. וואָלף מיט רבקה׳ן גייען מיט אונדז, — אַלע גייען מיר, פּאָ . . .

זי האָט גערעדט אַנטשלאָסן, אסתר׳קע. זיכער וועלן זיי, די קינ־דער, גיין העלפן געווינען די מלחמה קעגן די אָנפאַלער פון זייער לאַנד. דער טאַטע לייב שוחט האָט זיך צוגעהערט מיט נייגער. פאַר׳חידוש׳ט האָט ער תיכף איבערגעפרעגט:

— וואָלף מיט רבקה׳ן? . . .

ער האָט שטאַר געקוקט אַ פאַרצווייפלטער. זיין לעבן — דער גאַנצער עלנטער לעבן זיינער, פון זינט זיין חיה איז געשטאָרבן, און האָט אויף אים איבערגעלאָזט די דערציאונג פון די קינדער, איז אין דער רגע ביי אים דורכן מוח דורכגעלאָפן. פון צער האָט ער דעם קאָפּ נידעריקער צום ספר אַרונטערגעלאָזט, ווי זיין גאַנצע האָרעוואַניע — זיין גאַנצע וועלט, זאָל זיך איצט פאַרענדיקן. אינדערשטיל האָט ער צו זיך גע־מורמלט:

— אַזוי . . . וואָלף מיט רבקה . . . גערי, אסתר׳קע — אַלע! און איך, דער נאַרישער טאַטע, וואָס? . . .

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צום ספר האָט דער טאַטע לייב שוחט, אינ־דערשטיל געכליפּעט. די שטימונג אין שטוב איז געוואָרן ענגער מיט יעדער רגע. אסתר׳קע האָט אין ווינקל פון שטוב זיך צעוויינט אופן קול. גערי האָט געזאָגט:

— איך פאַרשטיי נישט, פאַ. ווער דען זאָל גיין האַלטן מלחמה מיט די מערדער וואָס ווילן אונדז פאַרטיליקן, ווער, פאַ?

גערי איז געשטאַנען נאָענט צו אים און געוואַרט; די נאָענטקייט האָט דעם טאַטן לייב שוחט געוועקט, געפאָדערט אַ קלאָרן ענטפער! דער טאַטע לייב שוחט האָט מיושב׳דיק דעם קאָפּ אויפגעהויבן, ווי ער וואָלט זיך געקליבן וואָס צו זאָגן. ער האָט אָבער גאָרנישט ניט געזאָגט. אסתר־קע האָט זיך געזעצטביים טיש לעבן טאַטן, באַטראַכט זיין טריב־פאַר־טרערטן פּנים, זיין צעקאַרבטן שטערן. זי האָט געזאָגט:

— פאַ, דו האָסט מיך געלערנט די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, פון אונדזערע אידישע העלדן, וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר זייער פאָלק, פאַר זייער לאַנד, אמת פאַ?

אַ שווייגנדיקער האָט ער זיך אויפגעהויבן. מיט דעם קאָפּ געבויגן און מיט ביידע הענט אויף אַ הינטער, ווי זיין שטייגער אין אַזאַ פאַל איז געווען, האָט ער אָנגעהויבן שפּרייזן הין און צוריק איבערן שטוב, און

פלוצים זיך אָפּגעשטעלט צו באַטראַכטן זיינע קינדער, ווי ער וואָלט זיי געזען ס'ערשטע מאָל . . .

— ווּעסט טרינקען טיי, פּאַ? — האָט אסתר'קע אים דאָס טראַכטן איבערגעריסן.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יע. און בעמענדיק, אַ ווײַלע אַרום, דעם ספר אין האַנט, האָט אַ ליכטיקער שמייכל זיך אָנגעהויבן שפּרייטן אויפן אַלטן צעקנייטשטן פּנים.

# באַגינען

אַ פרימאָרגן אין ניינצן־הונדערט־צען. אַ רעגן מיט אַ ווינט האָבן געוואַשן און געטרייסלט די קויטיקע שויבן פונעם קאָרידאָר־פענצטער פון דער פעלהעם סטריט שאַפּ־חורבה, ביים איסט ריווער. אינעם קאָ־רידאָר איז געווען קאַלט און טונקל, און ס׳האָט געשמעקט מיט ווילגאָט. אַרבעטער מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס זיינען געשטאַנען דאָרטן פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר פון זייער באַלעבאָס שוואַרצמאַנ׳ס שניידער־שאַפּ און אומגעדולדיק געוואַרט. איינער פון זיי, דער אַלטער פרעסער שכנא, אַ מענטש אַ פאַר׳צרה׳טער, האָט געבורטשעט אין דער וועלט אַריין:

— געהערט? שוין, דאַכט זיך, נאָך חנוכה, און ס׳האַלט אין איין רעגענען.

דער אַרבעטער „בעיבי" גאַרבאַר, אַ יונג בחור׳ל מיט אַ ציגאַרעטל אין מויל, האָט וואויל־יונגעריש אָפּגעמאָסטן מיטן בליק דעם אַלטן שכנא, ווי ער שטייט איינגענורעט מיט זיין גרויליעכער באָרד פאַרשטעקט אינעם ווינטער־מאַנטל און ציטערט פון קעלט און דערנאָך געפרואווט אים אַ קי־בעץ טאָן:

— ס׳וועלן זיין נאָך גענוג פרעסט, ר׳ שכנא, אַי פרעסט! איר וועט ערשט אָנהייבן ציטערן!

דער אַלטער שכנא האָט אַ בייזן קוק געטאָן אויף דעם בחור און האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט אויפן ניכטערן האַרצן וועלן אויסמיידן זיך צו קריגן מיט דעם־אָ שקאָצעוואַטן הפקר־יונג. ער האָט געבורטשעט אַצינד אין באָרד אַריין:

— וואָלט ער שוין אַמאָל געקומען עפענען דעם שאַפּ, דער באַלע־באָס.

„בעיבי" גאַרבאַר האָט נישט געלאָזט אַ וואָרט אויסריידן:

— הלוואַי קומט ער נישט! וועלן מיר אַ גיי טאָן שפּילן אַ פּינאָקל. וואָס זאָגט איר, ר׳ שכנא?

— דיר, באַיעלע, איז גרינג צו זאָגן און צו טאָן! ביי דיר ליגט נישט אַ ווייב מיט געשוואָלענע פיס אויף „צוקער"! דו, באַיעלע,

דאַרפסט נישט צאָלן דאָקטאָר מיט מעדיצין, — האָט ער זיך באַקלאָגט.

ס'האָבן זיך דערהערט טריט. הירשקע, אַ קורצער, קרעפּטיקער יונגערמאַן, מיט נאָך אַן אַרבעטער, איסראָלקע שמש אַ פרומער, באַ־בערדלטער יונגערמאַן, זײַנען אַנגעקומען שמועסנדיק:

— אַזוי, איסראָקע? — האָט הירשקע געפרעגט, — ביזסט טאָקע געווען אין שאָפּ פרייטיק, וואָס? . . .

— הלוואַי ווערט ער שטום, דער באַלעבאָס! — האָט איסראָקע שמש פאַרביטערט געענטפערט.

— וואָסי, האָסט דען געהאַט אַן אַרגומענט מיטן באַלעבאָס, איס־ראָקע? — האָט הירשקע געפרעגט.

דער אַלטער שכנא האָט מער הירשקע'ן אַ וואָרט נישט געלאָזט ריי־דען. ער האָט אַ טאָרקע געטאָן איסראָקע שמש פאַרן אַרבל מיט פרעגנ־דיקע אויגן:

— און „באַנדלעך"? . . . איז עפּעס אַרײַנגעקומען אַרבעט אין שאָפּ, האַ?

— און ווי איז דער דין, ר' שכנא, אַז איך האָב אים טיף אין דער אדמה מיט די באַנדלעך, מיט דער אַרבעט און מיט זײַן שאָפּ! גלויבט איר? — האָט איסראָקע שמש מיט אַ גמרא־ניגון געפרעגט.

„בעיבי" גאַרבאַר האָט אַנגענומען איסראָקע שמש פאַר די אַקסלען און פאַר'חידוש'ט אים געפרעגט:

— וואָס איז געשען צווישן דיר מיטן באַלעבאָס? דו? דו? . . .

— גענוג זיך געבויגן! אויס שקלאַף און אַ סוף! — האָט איס־ראָקע שמש זיך געהיצט, — גענוג האָט ער פאַרשטעקט מיט מיר אַלע לעכער, דער באַלעבאָס! לויף פאַר אים צום מאַנופעקטשורער! העלף אים פאַרפּאַקן די אַרבעט! און אויף מײַן קאַרק טראָגן פאַר אים מאַשי־נען צו פאַרריכטן אין אַלדי שוואַרצע יאָר! און ווען איך קום נאָך אַ טובה, דער באַלעבאָס זאָל אַ גוט וואָרט זאָגן פאַר מיר אין באַנק פאַר א שיפס־קאַרטע פאַר מײַן ווײַב, פאַר שרה'לען, וואָס באַווײַנט מיך שוין צוויי יאָר, האָט דער באַלעבאָס אַ מינוט צײַט נישט פאַר מיר! ער דאַרף זיך גאָר סוד'ען מיט לײַבעלע'ן, מיט שמילק'ן און מיט דזשימי באָם אין זײַן אָפיסל . . .

— וואָס זאָגסטו? — האָט הירשקע זיך אַ כאַפּ געטאָן,—די „טראָ־י

קע״ האָט זיך דאָרט גע׳סוד׳עט ? און דער באַלעבאָס, וואָס ? . . .

— האָסטו, איסראָקקע, דעם באַלעבאָס געפֿרעגט צי מען אַרבעט היינט ? — האָט „בעיבי״ גאַרבאַר געפֿרעגט.

איסראָקקע שמש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. הירשקע האָט באַטאַפּט דעם הענגענדיקן שלאָס און אַן אויפגערעגטער פון די נייעס האָט ער דעם שלאָס ברומענדיק אַ ריס געטאָן:

— ווער פאַר׳שרפה׳עט מיטן באַלעבאָס ! געהייסן די פערד קומען באַגינען, און אַליין כאַליעט ער נאָך !

— ער וועט מסתמא באַלד אָנקומען, דער פּריץ. ס׳איז נאָך פרי. דרויסן מבול׳ט, — האָט דער אַלטער שכנא געפּרואווט צו באַרואיקן.

— פון וואַנען, ר׳ שכנא, זענט איר עס אַזוי זיכער ? אפשר וועט דער באַלעבאָס היינט נישט קומען ?

— מ׳אַרבעט היינט ! דער באַלעבאָס האָט מיר בפירוש אַזוי געזאָגט, — האָט איסראָקקע שמש פאַרזיכערט.

— כאַ־כאַ־כאַ ! — האָט „בעיבי״ גאַרבאַר זיך צעלאַכט, — עפּעס אַ קלייניקייט ? דער גרויסער באַעלבאָס מיסטער דאַבליו עיטש שוואַרצמאַן פון פעלהעם שטראַסע נומער פינף האָט בפירוש געזאָגט ! ס׳ערשטע מאָל וואָס ער בלאָפט !

הירשקע האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און געזאָגט:

ער האָט רעכט, ווי איך בין אַ ייד ! ער׳ט נישט קומען, דער באַלעבאָס ! איר זעט נישט, אַז ס׳פעלט די „טראָיקע״? וואו איז שמיליע מיט דער „פּאָמאַלע״? און לייבל מאַרוויכער ? און וואו איז דזשימי באָם ? און וואָס פאַר אַ סודות האָבן זיי געהאַט פרייטיק מיטן באַלעבאָס ? שאַט ! און וואו איז אונדזער „פאַרזאָרגער״, דער שאַפּ־טשערמאַן, זעליג, האַ ? נאָר מ י ר זיינען די יאַלדן !

— טאָ לאָמיר בעסער גיין אַהיים, — האָט „בעיבי״ גאַרבאַר זיך אויסגעדרייט.

טריט האָבן זיך געהערט. דער שאַפּ־טשערמאַן זעליג, אַ יונגער בחור, נעט געקליידט, איז אָנגעקומען אַ פאַרשלאָפענער. ער האָט זיך אומגעקוקט און זיך גע׳חידוש׳ט:

— וואָס ? פאַרשלאָסן גאָר ?

— זע נאָר אַ פּריץ ! — האָט הירשקע זיך געבייזערט, — סטאַזוי

לעבן, זע נאָר! מיר שטייען דאָ נאָך פון באַגינען, פרירן ווי די הינט, און ער, אַ שאַפּ־טשערמאַן, דער פאַרזאָרגער אונדזערער, קומט זיך צו גיין ווי אַ „כראַביע״ און פרעגט קלאָץ־קשיות: „פאַרשלאָסן גאָר?״ זעסט ניט, וואָס? אָט הענגט אַ שלאָס, פאַר׳שרפה׳עט זאָל עס ווערן!

„בעיבי״ גאַרבאַר האָט פאַרדרייכערט אַ פריש ציגאַרעטל, און האָט ווידער געַ׳עצה׳ט:

— פאָלגט מיך, ברידער, מירן גיין אַהיים. היינט וועלן מיר שוין נישט אַרבעטן, פאַרפאַלן!

דער אַלטער שכנא, אַ בייזער, איז אָנגעפאַלן אויף אים מיט רוגזה:

— ווען דו וואָלסט געהאַט כאָטש איין העלפט פון מיינע צרות, וואָלסטו אַזוי גיך זיך נישט געריסן אַהיימגיין! דו וואָלסט אַזוי ווי איך דאָ געשטאַנען אין געהאַקטע צרות און געוואַרט צוגלייך מיט אַלעמען, געהערט?

דער שאַפּ־טשערמאַן, זעליג, האָט געלאָזן באַטראַכט דעם הענגענדיקן שלאָס, און זיך אַרונטערגעלאָזט און דורך אַ שפּאַרונע פון טיר גע־קוקט אין שאַפּ אַריין, און מיטאַמאָל אַ רוף געטאָן איסראָקע שמש:

— איסראָקע! לויף שוין צו ראַכמיעל דעם שאַפּ־פעדלער, אפשר ווייס ער וואו ס׳איז אַהינגעקומען דער באַלעבאָס מיט זיין שאַפּ. גיך, שטיי נישט!

— וואָסי דען? וואָס האָט פּאַסירט? — האָבן מיילער געפרעגט.

— ניטאָ מער קיין שאַפּ! אָט קוקט דורך דער שפּאַרונע. אויסגע־ליידיקט. פוסט. אַנטלאָפן מיט אונדזערע צוויי וואָכן שכירות, אָט וואָס!

הירשקע האָט דעם קאָפּ פון דער שפּאַרונע אויפגעהויבן און האָט געליאַרעמט:

— ער האָט רעכט, ווי איך בין אַ ייד! ס׳איז דאָרטן פוסט און וויסט! אַנטלאָפן איז דער פויגל! אַנטלאָפן צו אַלדי כאַליערעס!

„בעיבי״ גאַרבאַר האָט איצט מיט נצחון אַ טענצל געטאָן און זיך צעזונגען:

ס׳איז געווען אַמאָל אַ באַלעבאָסעלע,
אַ באַלעבאָסעלע,
אין פעלהעם שטראַסע פאַרמאָגט אַ שאַפּקעלע,

א שאַפּקעלע,
אין שאַפּקעלע כשר'ע בהמה'לעך,
אוי, בהמל'ך — — —

— שווייג, אידיאָט! — האָט דער אַלטער שכנא מיט רוגזה זיך צע־בייזערט. — ס'רינט בלוט פון האַרצן, ס'איז אַ ברויט־פראַגע, און דער אידיאָט, אָט דער הפקר־יונג, שטעלט זיך גאָר אין מיטנדערינען און צע־זינגט זיך! זאָגט, מענטשן, האָט איר אַזוינס געהערט?

— איצט, ר' שכנא, קענט איר דאָ שטיין און וואַרטן אויף משיח'ן, מיך אַרט נישט. פון מיינעטוועגן מעג דער באַלעבאָס שוואַרצמאַן שוין איינגעמען אַ מיתה משונה מיט זיין שאָפּ! ניטאָ ד ע ר הויט־שינדער, וועט זיין אַן אַנדערער! וואָס, אייגנטלעך, איז דער אונטערשייד? — האָט „בעיבי" גאַרבאַר פילאָזאָפיש פאַרענדיקט.

ס'איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן. דער ווינט מיטן רעגן האָבן געפּויקט אין די שויבן, וואָס האָבן זיך איינצייטיק געטרייסלט פונעם ווינט. די מענטשן זיינען געשטאַנען און געוואַרט מיט אומרואיקע געמיטער. יע־דערער פאַרטאָן מיט זיך, מיט זיין וועלטל . . .

דער אַלטער שכנא האָט מיט זיין בייזן בליק באַזונדער אַנגעוואָרפן אַן אימה, ווי זיין וועלט זאָל אים אונטערגיין . . . אַ קול האָט זיך דער־טראָגן פון איסראָקע שמש, וואָס האָט אַלעמען אויפגעמונטערט:

— דער פעדלער ראַכמיעל דאַוונט, ער וויל נישט מפסיק זיין! — האָט איסראָקע שמש פאַרסאָפּעט דערקלערט. — איך האָב אים געפרעגט אויף דעם באַלעבאָס שוואַרצמאַן, איז ער בייז געוואָרן און זיך צעמוקעט: מו, מו.

— איין באַנדע שווינדלער, ער מיטן באַלעבאָס! — האָט הירשקע מיטן קאָפּ געדרייט פאַר כעס.

— אָט וואָס איך טענה און טענה, — האָט „בעיבי" גאַרבאַר זיך אַ לאָז געטאָן צו גיין אַהיים.

— וואָס וועלן מיר איצט אָנהויבן צו טאָן, וואָס? — האָט דער אַל־טער געבראָכן מיט די הענט.

— הערט אויף, „פר גאָדס סעיק", — האָט דער שאַפּ־פאַרשטייער זעליג זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ, —מיר האָבן אַ יוניאָן! . . . לאָמיר אַקאָרש גיין צום פעדלער.

---

דער פעדלער ראַכמיעל האָט געשפּרייזט איבער דער שטוב איינגע־וויקלט אין טלית און תפילין. די אַרבעטער פון שוואַרצמאַנ׳ס שאַפּ האָט ער באַגעגנט מיט אַ בייזן בליק. איגנאָרירנדיק זיי, האָט ער געהאַלטן כסדר אין שפּרייזן, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסמיידן זייער בליק.

די שטוב איז געווען אַ גרויסע. מיטיק־צייט האָט די שטוב געדינט פאַר אַ רעסטאָראַן. די אַרבעטער פון די פעלהעם סטריט שעפּער און פונעם געגענט ביים איסט ריווער האָבן דאָרטן געגעסן זייערע מיטיקס. לאַנגע איבערגעדעקטע טישן מיט ווייסע סעראַטעס, מיט לאַנגע צונויפ־געשלאָגענע בענק זיינען געשטאַנען ביי די ווענט. לינקס ביים פענצטער איז געשטאַנען אַן אַלטמאָדיש שענקל. דורך די דאָרטיקע שויבן האָט מיט רחמנות אַרויסגעקוקט אַן איינזאַם־עלנט באָקסל טאָמעיטאָ־העריגג, אַ פּושקעלע סאַרדינקעס און עטלעכע געלבלעכע אייער־קיכלעך. אין מיטן שטוב האָט אַצינד דער פעדלער ראַכמיעל געשפּרייזט ווי אַ ווילדער: דעם קאָפּ פאַרריסן צו דער סטעליע און מיט די ליפּן האָט ער געמאַלן און גע־מאַלן. ער האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעדרייט צו זיי, צו די אַרבעטער, און מיט אַ פינגער זיי אָנגעוויזן צום פענצטער . . .

הירשקע האָט אַ צאַפּל געטאָן זיין קעפּקע אויפן דיל, זיך געוואָרפן פאַר רציחה צום פעדלער:

— וואָס מאַכט איר דאָ משוגענע שטיק, ראַכמיעל? אַזוי באַ־האַנדלט איר קונדן, וואָס האָבן יאָרן אייך געגעבן פּרנסה? וואָס וויזט איר אונדז דעם פענצטער, וואָס? דאַוונט אָפּ און כמאַליעט אַרויס!

פון דער רעכטער זייט שטוב האָט אַ טיר פון שלאָפצימער זיך גע־עפנט. ס׳האָט זיך באַוויזן דעם פעדלער׳ס ווייב מיכליע, אַ יונגע, חנ׳־עווודיקע פרוי, נאָך אין אירע שלאָף־קליידער. מיט חידוש האָט זי זיך אַרומגעקוקט וועגן דעם געטומל אַזוי פרי ביי איר אין שטוב. זי האָט זיך תיכף פאַררויטלט, קאָקעטיש האָט זי אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ צו דעם שאַפּ־פאָרשטייער זעליג און זיך אָנגעהויבן צו סוד׳ען מיט אים.

דער פעדלער ראַכמיעל, איר מאַן, וועלכער איז פול געווען מיט טענות צו איר, איז איצט פלוצים שטיין געבליבן ווי פאַראַליזירט אינ־מיטן שטוב. פאַרדעכטיק האָט ער זיי ביידן אָנגעקוקט, און מיטאַמאָל זיך אַריינגעריסן צווישן פּאָרל און געמוקעט מיט צער . . .

— אַ רעגעלער טעאַטער! — האָט „בעיבי" גאַרבאַר זיך צעקלונגען מיט אַ געלעכטער.

— אַ אידיאָט, ווי איך בין אַ איד! — האָט הירשקע זיך צעפּראַלט.

מיט צער האָט ראַכמיעל באַטראַכט די לאַכנדיקע פּנים'ער. ער האָט שטעכיק געקוקט אויף דעם אַלטן שכנא מיט איסראָקע שמש, ווי זיי האָבען מיט זשעדנע אויגן זיך איינגעגראָבן אין זיין ווייב'ס נאַקעטן לייב. מיט שנאה האָט ער געקוקט אויף אָט־די־אָ און אויף אַלע, וואָס האָבן באַגינען זיך אַריינגעריסן אומגעבעטן צו אים אין שטוב צעשטערן זיין לעבן. ער האָט זיך צעשריען:

— מיכליע! ווער דאַרף דיך דאָ איצט, מיכליע! גיי דאַרטן אין שלאָף־צימער! גיי, זאָג איך דיר! זע נאָר אַ גאַנג... אַ אידישע טאָכטער — — —

ער האָט מער נישט געקאָנט ריידן פון צער, ראַכמיעל. מיט פאַרבראָכענע הענט און מיט פיינלעכע אויגן האָט ער געקוקט אויף דער האַלב־נאַקעטער פרוי, וואָס איז זיין ווייב. עס איז שטיל געוואָרן אין שטוב. קיין סימן פון חוזק אין קיינעמס פּנים'ער, ווי אָט־די אַלע, וואָס האָבן צוגעזען די סצענע און זיך צוגעהערט צו ראַכמיעל'ס פיינלעכן לשון, וואָלטן מיט דעם מענטשן מיטגעפילט. זעליג האָט איצט געפּרוואווט זיך אויסדרייען פון איר. אָבער מיכליע האָט ווי אויף צו'להכעיס זיך דווקא געטוליעט צו אים, דעם שיינעם בחור. זי האָט ווי באַפוילן:

— זעליג, איר וועט שטיין אָט־אָ־דאָ לעבן מיר, איך וויל אַזוי. זאָל דער נאַר צעפּוקעט ווערן!

— אוודאי בין איך אַ נאַר, — האָט ראַכמיעל טרויעריק געזאָגט, — אויב נאָר אַ ווייב העלפט מיט פרנסה מוז סוף־כל־סוף דער מאַן בלייבען אַ נאַר, וואָדען?

— טאָ ווער לאָזט דיך נישט זיין דער גאַנצער פרנסה־געבער? — האָט מיכליע מיט גאַל גערעדט, — פאַרוואָס טרייבסטו מיך נישט פון שטוב, ווען איך מוז טאָג־איין טאָג־אויס גרייטן עסן פאַר דיינע קונדן? וואָס בין איך דיינע, דענקסטו?

— צי איך ווייס, פרעגסטו? אוי, ווייס איך, הלוואי וואָלסטו אַזוי

געוואַלט וויסן! נאָר וואָדען, ס׳איז נישט אונדזער עסק צו מישן זיך אין שוואַרצמאַנ׳ס געשעפטן. מיר וויסן גאָרנישט ניט, — האָט ראַכמיעל געביטן דעם געשפּרעך.

מיכליע האָט גערעדט אויף צעפּוקעניש:

— דו ווייסט נעבעך נישט, ראַכמיעל? ווייס איך אָבער יאָ! און איך וועל אָט־די מענטשן זאָגן, אַז זייער באַלעבאָס שוואַרצמאַן האָט זיין שאַפּ איבערגעצויגן אין בליקער סטריט נומער — — —

— דו וועסט מער נישט זאָגן! — האָט ראַכמיעל געטופּעט מיטן פוס, — ס׳איז ניט דיין געשעפט! איך האָב בפירוש צוגעזאָגט שוואַרצ־מאַנ׳ען צו האַלטן בסוד, כאָטש די ערשטע טעג!

— און איך האָב דעם באַלעבאָס שוואַרצמאַנ׳ען גאָרנישט צוגע־זאָגט! — האָט זי אַ צערייצטע גע׳טענה׳ט, — זאָג נאָר מיר, ערלעכער מענטש, — האָט זי פּלוצים אים אַ פרעג געטאָן, — וואָס גייט עס דיר אַזוי אין לעבן, אַז דער באַלעבאָס זייערער זאָל דאָרטן זיך פריער ריכ־טיק איינפונדעווען? אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט זיינע מענטשן אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט, אַנטלאָפן און נאָכדעם כלומרשט געהייסן זיי קומען זוכן אַ נעכטיקן טאָג? דאָס רופסטו ערלעך, ראַכמיעל?

זי איז אויג אויף אויג קעגן איר מאַן געשטאַנען, מיט אַ פלאַמענדיק פּנים, אַ צערייצטע, און אַ צערייצטע איז זי גיך אַוועק אין שלאָפצימער און פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר, אַז די ווענט האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. דערנאָך איז שטיל געוואָרן, ווי נאָך אירע רייד, און נאָך אירע גערעכטע טענות צום מאַן וואָלט יעדער אַנדער וואָרט געווען איבעריק. הירשקע האָט געזאָגט:

— זי איז גערעכט, ווי איך בין אַ איד! פאַרטאָג אונדז פון די בעטן אַרויסגעשלעפּט, אין גוסרעגן אין שאַפּ געלאָפן. ווי די הינט אונדז געלאָזט פרירן! ערשט איצט — וואו? וואָס? דער פויגל איז גאָר אַנטלאָפן מיט אונדזער פּראַצע! איר הערט, ראַכמיעל, איר דאַרפט אים אָסור מקנא זיין, ווען אָט דער ליץ וועט אַריינפאַלן אין מיינע הענט!

— אייערע שכירות איז קוראַנט ווי אין באַנק! — האָט ראַכמיעל פאַרזיכערט.

— דאָס ווייס איך! — האָט זעליג זיך אַריינגעמישט, — ווען

שוואַרצמאַן פּגר'ט אַפילו וועלן מיר אויך זיכער זיין מיט אונדזערע שכי־רות. שוואַרצמאַן מאַכט אָבער אַ טעות, ווען ער דענקט, אַז מיט זיין אַנט־לויפן אין בליקער סטריט איז ער שוין פּטור פון אונדז און פון אַ יוניאָן־שאַפּ, ניין! ס'וועט אים קיינמאָל נישט געלינגען מיט דער הילף פון דזשימי באָם, לייבעלע גאַנאַוויק און דעם פרומען שמיליק אַוועקשטעלן דאָרטן אַ סקעב־שאַפּ. לאָזט אים וויסן, אַז ניין.

הירשקע האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ:

— וואָס הער איך דאָ? ס'הייסט, די־אָ טראַיקע איז אַוועק מיטן באַלעבאָס? מיין גאָט! אָט שוין לויף איך אַהין! איך ברעך זיי אונ־טער די פיס, צו אַלדי כאָליערעס!

— וואַרט אַ ווײַלע, הירשקע, — האָט זעליג געזאָגט, — צו ערשט האָבן מיר אַ יוניאָן . . . מעגלעך, אַז די „טראַיקע" איז פאַרפירט גע־וואָרען פון באַלעבאָס, און אפשר איז עס אינגאַנצן אַ טעות.

— ניין! — האָט הירשקע זיך צעהיצט, — ס'איז ניט קיין טעות! אָט־די „טראַיקע" האָט זיך שטענדיק טאַקע גע'סוד'עט מיטן באַלעבאָס. שטענדיק האָבן זיי געקראַגן די בעסט־באַצאָלטע אַרבעט! און שולדיק ביסטו, אונדזער „פאַרזאָרגער", מיט דיין פאַרשווייגן עס! איר גע־דענקט אַנומלטן, — האָט הירשקע זיך געווענדט צו אַלעמען, — ווען דער פרומער שמיליק מיט דער רויטער באָרד האָט געהאַט אונדז באַלמעלאָ־כעס ג'מסר'ט פאַרן באַלעבאָס, אַז מיר פאַר'הרג'ענען די אַרבעט, אַז ער קאָן עס נישט אויספרעסן, איר געדענקט? איר אַלע האָט געזען, ווי איך האָב דעם מסור באַלד אויפן אָרט מכבד געווען מיט אַ „בינטל פינגער" גלייך אין זיין שנוק אַריין. האָט איר געזען דעמאָלט, ווי זעליג, דער „פאַרזאָרגער" אונדזערער, האָט ווי איצט מיך אַ כאַפּ געטאָן און אָפּגע־האַלטן מיינע הענט? איז דאס אַ פירונג פון אַ שאַפּ־טשערמאַן? האָב איך אַזאַ סקעבאַטש, אַזאַ מסור ווי שמיליק, נישט באַדאַרפט אויסלוטשען אַלע זיינע באַק־ציינער?

זעליג האָט גוט־ברודעריש אַרומגענומען דעם צעהיצטן הירשקע'ן און ער האָט געזאָגט:

— ביזט גערעכט, הירשקע, אָבער צו וואָס אַזוי פיל רייד? זיי זי־כער, אויב ס'איז אמת, וועלן מיר נישט שווייגן. צופרידן? — ער האָט תיכף זיך אויסגעדרייט צום פעדלער ראַכמיעל:

— איר האָט עפּעס צו דערוואַרעמען ס׳האַרץ, ראַכמיעל? מאַכט עס גיך, מיר דאַרפֿן שוין גיין!

— אָט שוין טו איך אַ מאַך קאָווע, — האָט ראַכמיעל געשעפֿטס־מעסיק געזאָגט.

— וואָס? קאָווע גאָר? ווען מען קריכט עס אין גאָרגל? — האָט הירשקע פֿאַרקרימט די נאָז. — העי, ראַכמיעל, אַהער גיי! — האָט הירשקע זיך צעשריען, — דערלאַנג נאָר אַ קאַפּיטשקע פֿון יענע...

— פֿון גרינעם פֿלעשל, מיינסטו? אָט ברענג איך שוין.

מיטן קליינעם שפּיציקן קעפּל אויף אַ זייט, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען ער האָט עפּעס באַדאַרפֿט טאָן, איז ער, ראַכמיעל, אַזוי זיך געגאַנגען פֿאַמעלעך צום שענקל, גענומען פֿון דאָרט דאָס גרינע פֿלעשל מיט משקה אין איין האַנט, אַ בראַנפֿן־גלעזעלע אין דער צווייטער האַנט, און אַזוי שטיין געבליבן, ווי צו שמונה־עשרה פֿאַרן טיש, וואו די אַרבע־טער זיינען געזעסן. הירשקע האָט זיך צעבייזערט:

— שטעלט עס אויפֿן טיש! קיינער וועט עס נישט צוכאַפּן! העי, חברה, בראַטצי! — האָט הירשקע זיך צעלאָזט, — אַהער נאָך אַ טרונק בראַנפֿן, איך צאָל!

— און איך גיב צובייסן, — האָט „בעיבי״ גאַרבאַר זיך אָפּגערופֿן.

— וואָס האָט איר דאָרט, ראַכמיעל? דערלאַנגט!

דער פֿעדלער ראַכמיעל האָט מיטן קליינעם שפּיציקן קעפּל אויף אַ זייט מיושב׳דיק געצופּט זיין באָרדלאָזע קין און געענטפֿערט מיט אַ צוק מיט די אַקסלען:

— איך ווייס? אין שטוב איז גאָרנישט־ניטאָ, אַ חוץ אַ באַקסעלע טאָמעיטאָ־הערינג, אַ באַקסעלע סאַרדינקעס, שאָט! אפשר גאָר קיכלעך פֿון אמת׳ע אייער געבאַקן?

— האַקט נישט קיין טשייניק, ראַכמיעל, מיט אייערע פּאַטראַוועס!

— האָט הירשקע שוין אומגעדולדיק געזאָגט. — צובייסן ווילן מיר! איצט פֿאַרשטייט איר, ראַכמיעל? וואו איז דער שמש איסראָקע?

— זע נאָר, סטאַזוי לעבן, — האָט הירשקע געדרייט מיטן קאָפּ, — זע נאָר, שכנא דער פּרעסער אין איין ווינקל און דער שמש ביים זייט, ווי זיי זיצן פֿאַרדומניעט, זע נאָר! זי וועט קומען, שרה׳לע, זי וועט קומען, איסראָקע! און וואָס קלאָגט איר, ר׳ שכנא? די וועלט ענדיקט זיך

שוין, דענקט איר? איר הערט, אַזויפיל יאָר זאָל ער דאָרט קרענקען, דער באַלעבאָס, ווי לאַנג איר וועט נאָך ביי אים אַרבעטן! פאָלג מיך, גאַרבאַר, טו אַליין אַ שפרונג אין פייפער׳ס דעליקאַטעסן נאָך אַ וואַרעם שטיקעלע פּאַסטראַמע, אַ שטיקעלע צונג און זענעפט אויכעט. אָבער אַ הויב מיט די „פּאַזנאַטשקעס״, די צייט שטייט ניט, — אַ ריר!

---

דער טאָג האָט זיך געשפּאַרט דורך די פענצטער. אַן אינטימע, בריי־דערלעכע וואַרעמקייט האָט אָנגעפילט דעם פעדלער׳ס שטוב.

# אויף נייע וועגן

פעדים נאָוומעבער־זון האָבן זיך געשפּאַרט דורך קלאַראַ׳ס פענצ־טער. אַ העלע ליכט האָט זיך געשפּרייט אויף די גרין־געפאַרבטע ווענט, און אויף די מעבל פונעם הויז. מיט אַ פריידיקן געמיט האָט זי דורכן פענצטער אין דער גאַס אַרויסגעקוקט: שבת־רו האָט דאָרטן געהערשט. די שפּייז־קראָמען געשלאָסן. פון די אַרומיקע באַוואוינטע הייזער האָבן פרומע אידן, צווישן זיי דער בכבוד׳יקער רב עפּשטיין, מיט שווערע יאָרן אויף די פּלייצעס, זיך געלאָזט אין שול אַריין. דעראינערונגען פון אַמאָל האָבן זיך ביי קלאַראַ׳ן געוועקט: פון איר געבורט־שטאָט ביאַליסטאָק, פון שמואל שמיד׳ס געסל, וואו זיי האָבן געוואוינט. די שבת אינדערפריען, ווען די פרומע אידן האָבן זיך פונקט אַזוי געצויגן צום רויט־געפאַרבטן בית־המדרש, האָבן זיך אויפגעוויקלט גראָד איצט, ווען היטלער׳ס בלוטיקע נאַציס הערשן דאָרטן.

ס׳איז געווען אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ניינצן דריי און פערציק. די נאַצי־אַרמייען וועלכע האָבן כמעט געהאַט אָקופּירט אייראָפּע און האָבן באַדראָט צו פאַרכאַפּן די וועלט, האָבן אַ דאַנק די העלדישקייטן פון דער סאָוועטישער רויטער אַרמיי, ערשט געכאַפּט די גרויסע מפּלה אין סטאַלינגראַד. די דעמאָקראַטישע וועלט, צווישן זיי אַמעריקע, וואָס איז אַליין געווען אַ שותף אין קריג, און האָט בייגע־שטייערט גענוג, סיי מיט מענטשן, סיי מיט מלחמה־מאַטעריאַלן, שפּייז, צו באַקעמפן די בלוטיקע נאַציס, האָבן דאָרטן מענטשן גע׳יובל׳ט מיט פרייד און האָפענונג; זיי האָבן אַליין בייגעשטייערט, און אויך גע־זאַמלט הילף דורך פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. אויך קלאַראַ האָט דעם היינטיקן אָוונט באַשטימט פאַר דעם דאָזיקן הייליקן צוועק אַ שמחה־לע אין איר שטוב.

קלאַראַ האָט פונעם פענצטער זיך אויסגעדרייט און מיט איר אויג געמאָסטן די גרויס פונעם צימער: וויפיל געסט עס וועלן זיך דאָ אויס־זעצן ביי דער היינטיקער הויז־שמחה, וואָס זי פּראָוועט, און געטראַכט פונעם דערפאָלג וואָס זי דערוואַרט.

זי האָט דורכגעקוקט דעם צעטל געסט וואָס זי האָט אָנגעצייכנט

איינצולאַדן: דעם אויבנאָן וועט פאַרנעמען דער חשוב׳ער רב עפּשטיין, צוזאַמען מיט די טוער און מיטגלידער פון איר אָרגאַניזאַציע. עס וועלן קומען די קרעמער, ביי וועמען זי קויפט, דער לענדלאָרד פונעם הויז, אפילו איר אייגענער מאַן באָריס, וואָס איז אידייאיש אָפּגעזונדערט, מיט זייער זון דוד׳ל, דער באַלעבאָס — אַלע וועלן קומען צו דער הויז־שמחה וואָס זי פּראַוועט! דער געדאַנק, אַז היינט נאַכט מוז ביי איר אין שטוב געשאַפן ווערן ממשות׳דיקע הילף פאַר דער העלדישער רויטער אַר־מיי, האָט דערהויבן איר נשמה.

קלאַראַ האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. צוערשט — צום טעלע־פאָן, אָפּקלינגען און דערמאָנען די געלאַדענע געסט, און נאָך יעדן גינס־טיקן ענטפער האָט זיך איר שטימונג געהויבן. דערנאָך מיט אַ ציטער דאָס טרייבל אין דער האַנט גענומען, אָפּצוקלינגען איר זון, איר דוד׳ל. ווען זי איז אַ באַרואיקטע פונעם טעלעפאָן אַוועק, האָט זי זיך פאַרטראַכט: דער מאַמעס האַרץ האָט נישט געקאָנט באַנעמען איר פריערדיקן ציטער.. ס׳איז דאָך איר בלוט און פלייש — איר דוד׳ל! ער וועט קומען מיט סי־לי׳ן, האָט ער פאַרזיכערט. — „אָבער דער טאַטע, וועט ער קומען?"

זי האָט געשמייכלט צו זיך פון איר זונ׳ס רייד: „וואָס דען וועט דער טאַטע טאָן?"

„איצט, ווען די נאַצי־מערדער האָבן זיך פאַרמאָסטן אויסצוראָטן מיליאָנען אומשולדיקע נפשות, און דאָס אידישע פאָלק בפרט, וועט דער טאַטע זוכן פּאָליטישע חשבונות?" נאָר ווען זי איז באַלד נאָכדעם אַריין אין קיך, האָט זי דאָרטן געטראָפן איר באָריס׳ן אַ פאַרכמורעטן. אַ צי־ניש שמייכעלע האָט געשוועבט איבער דעם אויסגעטריקנטן פּנים און פון די טיפע איינגעגראָבענע אויגן האָבן פייערלעך געשפּריצט . . . שטום, מיט פאַרשנירעוועטע ליפּן, איז דער מענטש געזעסן כלומרשט איבער זיין צייטונג ביים טיש. אַ שווייגנדיקע האָט קלאַראַ געגרייט עסן, ענדלעך האָט זי מיט אַ שמייכל איבער איר רונדן חנ׳עוודיקן פּנים געזאָגט:

— אַצינד זיך דורכגערעדט מיט דוד׳לען. ער וועט דאָ היינט קו־מען צו דער שמחה מיט סילי׳ן.

באָריס האָט גאָרנישט ניט געזאָגט. כאָטש באמת האָט ער נישט גע־וואָלט פאַרשווייגן. פרעגן האָט זיך אים געגלוסט אַזוי שטאַרק ווי ער קאָן: „פון ווען אָן איז דער באַלעבאָס דוד׳ל כשר געוואָרן ביי איר?" ער האָט אויך געוואָלט זאָגן זיין אייגענע מיינונג וועגן דעם ענין. ער

האָט עס נישט געוואַגט. די גרויסע זיגן פון דער העלדישער רויטער אַר־מיי, וואָס אַ וועלט באַוואונדערט — האָט דעם דאָזיקן מענטשן וואָס איז געווען דורכגעפרעסן מיט גרונטלאָזער שנאה צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט איר הויפּט־פירער, סטאַלין — אינגאַנצן פאַרשטומט. אָבער זיך עסק׳ן ווי זיין קלאַראַ — מיט שאַפן הילף? ניין!

קלאַראַ האָט אויך צוגעשוויגן. ענדלעך האָט זי מיט איר שמייכל אָנגעהויבן:

— וועסט מיר צוהעלפן גרייטן די טישן, באָריס. מיר דערוואַרטן אַ סך געסט — אַ יאָ, באָריס טייערער?!

זי איז קעגנאיבער אים געזעסן ביים טיש, אין זיינע אויגן אַרייג־געבליקט; אין די זעלביקע אויגן מיט דעם פייערל אין זיי, ווען זיי האָ־בען זיך ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט, דעמאָלט בין־השמשות, פאַרנאַכט, אין שמואל שמיד׳ס געסל פאַר איר היים. אָבער דעמאָלט האָט פון די אויגן ביי אים אַ גאַנץ אַנדער פייערל געפלעמלט! מיט יענעם פייערל האָט באָריס מיטגעהאָלפן אויסצעוואָרצלען די צאַרישע תליות, די בלוטיקע פּאָגראָמען צוזאַמען מיט דער צאַרישער הערשאַפט! אָבער קעגן וועמען פלעמלען זיינע אויגן אַצינד? אָ, ווען זי קאָן זיך דערגרונטעווען אין דער נשמה פון דעם דאָזיקן מענטשן: אַ היימישער רעוואָלוציאָנער . . . אַן אַרבעטער, אַ אידישער אַרבעטער . . . .

קלאַראַ האָט נישט אַראָפּגענומען אירע אויגן פון אים, פון איר מאַן, מיט וועלכן זי האָט שוין כמעט אַ לעבן דורכגעשטופּט. און ווי דער אמת, האָט באָריס זיך נישט געפילט היימיש פון איר בליק. איז ער געזעסן ווי אַ פאַרשולדיקטער שול־אינגל פאַרן רבי׳ן און זיך געדרייט אויפן בענקל. ער האָט געזאָגט:

— אומזיסט דיין מי, קלאַראַ. לאָז מיך צורו.

ער האָט געזוכט צו זיין מילד ווי מעגלעך כדי איר נישט צו דער־צאָרענען — ניין, דעבאַטירן וועגן דעם ענין האָט ער אוודאי נישט גע־וואָלט מיט איר. קלאַראַ האָט דווקא געפרעגט:

— וואָס מיינסטו מיט דיינע ווערטער: „דיר לאָזן צורו״? מיר האָבן אַצינד אַ מלחמה צו געווינען מיט די מעכטיקסטע מערדער פון אַלע צייטן! די וועלט איז אַ צעטיילטע: איין העלפט — די מערדערלעכע נאַציס און פאַשיסטן, וועלכע האָבן געמאַכט אַ קולט פון מאָרד און זוכן

צו פאַרכאַפּן און פאַרשקלאַפן די גאַנצע וועלט. די צווייטע העלפט — די יושר׳דיקע פעלקער וואָס באַקעמפן די בלוטיקע מערדער — אַמעריקע, סאָוועטן־פאַרבאַנד, ענגלאַנד און כינע . . . און דו, באָריס ? מיט וועלכן צד שטייסטו ? און וואָס איז דיין ממשות׳דיקער בייטראַג צו וועלכן צד ?

מיט פאַרשנירעוועטע ליפּן האָט ער זיך אַ הייב געטאָן אַוועקצוגיין. גיך האָט ער אַרויפגעצויגן דעם מאַנטל, בעת ער האָט געזייעט דורך די ציין :

— איך מיש מיך נישט מיט אייך אַלעמען ! נייע רעטער פון דער וועלט — רוסלאַנד מיט סטאַלינ׳ען ! איך האָס אים ! איך האָס דיינע מענטשן ! האָסט געהערט, קלאַראַ ?

זי האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. מיט בלישטשענדיקע פאַרטרערטע אויגן האָט זי זיך אַ שטעל געטאָן, באַטראַכט זיינע דינע בלויע ליפּן וואָס ציטערן, מיט דעם פאַרשפּיצטן נאָז, ווי פון אַ רויב־פויגל איבער דעם אויסגעטריקנטן פּנים, מיט דעם הויכן שטערן דעם צעקאַרבטן. אין דער רגע איז זי גרייט געווען אויפצומישן פאַר אים אַ בלאַט, בלויז איין בלאַט פון זייער טרויעריקן צוזאַמענלעבן : פּונקט מיט דעם פּנים, און פּונקט מיט אַזעלכע טענות האָט ער דעמאָלט, ביים אידייאישן שול־סיכסוך, מיט געוואַלד אָפּגעריסן זייער קינד, זייער דוד׳לען, פון דער פּראָגרעסיווער אידישער קינדער־שול ! היינט איז איר דוד׳ל אַ באַלעבאָס מיט אַ באַ־לעבאַטישער אידעאָלאָגיע ! אָבער אָנשטאָט דאָס, האָט קלאַראַ טרויע־ריק צוגעשמייכלט ; זי האָט געזוכט אייניקייט מיט יעדן וואָס איז נאָר גרייט צו העלפן געווינען די מלחמה. מיט אַ ספּעציעלן חנ׳עוודיקן שמייכל האָט זי געזאָגט :

— ווייסט וואָס, איך האָב אַ פּלאַן : איך בין גרייט צו פּראַווען אַ הויז־שמחה פאַרן זעלביקן צוועק, פון בלויז דיינע מענטשן וואָס דו האָסט ליב. צופרידן, באָריס ?

ער האָט פאַרביסן געשוויגן און זיך געלאָזט צום טיר. קלאַראַ האָט אים באַגלייט מיט אַ געבראָכענעם קול :

— באָריס ! באָריס זינגער ! . . .

---

אין גאַס האָט באָריס פרייער אָפּגעאָטעמט. ס׳פייערל ביי אים האָט

זיך אויסגעלאָשן בלויז אויסערלעך; בלויז אויף אַזוי פיל, אַז ער איז מער נישט געווען געצוואונגען צו הערן ווי זי האַמערט מיט טענות. טיף דאָרט ביי אים האָט זיך אַלץ געטוליעט די אומזיסטע שנאה צום סאָוועטן פאַרבאַנד. און די שנאה איז דאָ אין גאַס פריי געווען פאַר אים, האָט ער פאַרשפיליעט דעם מאַנטל און זיך געטראָגן מיט פינצטערע געדאַנקען. געשפאַנט גאַס־איין, גאַס־אויס — ציללאָז. און ציללאָז זיך אָפּט אָפּגעשטעלט פאַר דעקאָרירטע שוי־פענצטער און אינעם גלאָז זיך דערזען אין אַ צעררודערטן צושטאַנד. זיינע פיס האָבן אים אין אַ דערבייאיקן פאַרק אַריינגעפירט. אָבער לאַנג האָט באָריס דאָרטן נישט פאַרווילט: די מערסטע מענטשן דאָרטן זיינען ניט געווען זיינע... זייערע רייד וועגן דער מלחמה האָבן נישט געשטימט מיט זיין „אידעאָלאָגיע" און נישט מיט זיין צייטונג.

„מאָדנע", האָט באָריס געטראַכט, „מענטשן וואָס ווייסן נישט מער ווי שאַפּ, זיינען מיטאַמאָל געוואָרן סטראַטעגיקער! „אַ צווייטן פראָנט" גיב זיי! אין שאַפּ וואו ער אַרבעט הערט ער די פלאַפּלעריי פון דעם לאַנגן פינק מיט די קעלבערנע אויגן: „אַ צווייטער פראָנט וועט ראַטעווען די וועלט", טענה'ט ער, „אַ נייער פאַרזאָרגער פינק, אָט־דער־אָ"... ער האָט אָנגעהויבן אָוועקשפּרייזן מיט גיכע טריט פון אָט־די מענטשן. אָבער וואָס ווייטער ער האָט פון זיי אָוועקגעשפּרייזט, האָט דער קול פון פינק'ן ווי'אַ עכאָ זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן: „עס וועט ראַטעווען — יאָ. ס'וועט ראַטעווען"!

ביי אַ טייכל אינעם פאַרק האָט באָריס געטראָפן אַ ליידיקע באַנק. איז ער געזעסן רואיק, זיך איינגעקוקט אויף די ווילדע קאַטשקעס, אויף די קאָלירטע פייגל וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַרום וואַסער־ברעג. און ווען זיינע אויגן האָבן געפילט מידקייט, האָט ער געפּרואווט לייענען זיין צייטונג. אָבער ס'האָט זיך נישט געלייענט. די סצענע מיט קלאַראַ'ן האָט אים נישט געלאָזט רוען. געדאַכט האָט זיך אים, אַז עס קומט דער אָנהייב פונעם סוף פון זייער צוזאַמענלעבן. און ווי דער אמת, איז ער נישט גרייט געווען דאָס אויפצונעמען, און ווייטער אַזוי אָנגיין מיט איר איז אוממעגלעך... איז ער געזעסן אונטער דער נאָוועמבער־זון מיט אויפגעהויבענע אויגן, ווייט געקוקט אויפן האָריזאָנט, ווי גרוילעכע וואָלקנדלעך ציען זיך איבער אַ בלויען הימל. ער האָט זיך געפרעגט: „וואָס אַזוינס פאַר אַ

שלעכטס האָט ער געטאָן וואָס קלאַראַ האָמערט אויף אים כסדר מיט טענות? טאָר נישט האָסן ווען ער וויל?"...

ער האָט געזוכט צו זיין גערעכט צו זיך. אַז דער שולדיקער איז ניט ער, דער דעמאָקראַט, נאָר זי קלאַראַ, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט „דיקטאַטאָרישע אידייען"... און ענדלעך, ווען ער האָט זיך דערטראַכט צו אָט דעם אויספיר, האָט פון די מויל־ווינקלען אַ שמייכל זיך געצויגן. מיט אַ רואיקן געוויסן האָט ער זיך גענומען צו דער צייטונג. אַ עלטערע פּאָר־פאָלק האָט פאַרביי געשפּאַצירט און זיך צוגעזעצט אויפן זעלביקן באַנק. באָריס האָט די נישט־געבעטענע געסט אָפּגעמאָסטן מיטן אויג, און ער האָט דערזען אַ קעגנערישע צייטונג ביים מאַן אין האַנט. מיט שנאה האָט באָריס'ן זיך אויסגעדרייט און זיך אַ הייב געטאָן ווי אַ באַרויבטער, אַ געקריוודעטער, און זיך ווידער געלאָזט פירן פון זיינע פיס.

ער איז אַריין אין אַ זייטיקער גאַס, אויסגעזוכט אַ שטילן רעסטאָראַן און זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל. ער האָט געגעסן מיט אַ גוטן אַפּעטיט ווי נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. דערנאָך פאַררויכערט, צעעפנט זיין צייטונג און אָנגעהויבן לייענען די מלחמה־נייעס:

„די רויטע אַרמיי זיגט!" „די רויטע אַרמיי שלאָגט!" האָט באָריס אין גרויסע אותיות געלייענט. באמת זיינען די דאָזיקע נייעס באָריס'ן ניט געווען צום האַרצן אַפילו געשריבן אין זיין צייטונג. וואָרום לויט נאָך זיין „אידעאָלאָגיע" „טאָר רוסלאַנד נישט זיין צו שטאַרק"... האָט ער תיכף איבערגעמישט, זיך געכאַפּט צו די פּאָליטישע אַרטיקלען, צו די עדיטאָריעלס, צו די „גרויסע סטראַטעגיקער" דאָרטן, וואו די שרייבער מאַטערן זיך ממש צו באַווייזן, אַז ס'איז גאָר נישט אַזאַ גליק אַפילו פאַר די רוסישע מענטשן, אַז זייער רעגירונג מיט זייערע פירערס זאָל ווערן שטאַרק! מיט דעם האָט באָריס איינגעשטימט.

דער פּלאַץ דאָרטן איז כמעט ליידיק געווען. איז באָריס רואיק געזעסן און אומגעשטערט געלאָזט לויפן דעם געדאַנקען־גאַנג וואָס האָט געהאַט איין אויספיר: „דאָס רוסישע פאָלק איז געצוואונגען!"... ער האָט געטראַכט לאַנג און „טיף" אין דער דאָזיקער ריכטונג, און ווען ער האָט זיך אַרומגעקוקט איז דער טאָג אַוועק. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. הינטער אים ביי אַ טישל האָט אַ יוגנטלעכע פּאָר אַנאַליזירט דעם מלחמה־

גאַנג אויף אַלע פראָנטן. דער יונגערמאַן האָט דערקלערט: „דער הויפּט פראָנט איז נאָך אַלץ ביי די רוסן, און די מלחמה וועט געוואונען ווערן אַ דאַנק דער רויטער אַרמיי מיט זייערע פירער, פאַר זייער אויסגעצייכנטער סטראַטעגיק". באַריס האָט דעם קאָפּ אומגעקערט פון זיי און גיך פאַר־שוואונדן.

דרויסן איז שוין געווען טונקל. אַ נאָוועמבער־רעגנדל האָט אָנגעהויבן טריפן. ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ פילם־טעאַטער. אויפן לייוונט האָט מען דאָרטן געוויזן אַ צייטיק בילד פון די נאַצי־מערדער, ווי זיי פייניקן דער באַפעלקערונג פון דעם אָקופּירטן פראַנקרייך . . . פון דער צווייטער זייט — די אונטערערדישע אַרבעט פון די פראַנצויזישע פּאַט־ריאָטן ווי זיי זיינען זיך נוקם אין זייערע אונטערדריקער! דער טעאַ־טער־עולם האָט די פּאַטריאָטן אַפּלאָדירט. באַריס האָט אויך אַפּלאָדירט, מיטגעריסן געוואָרן מיט דער דאָזיקער שטימונג.

מען האָט באַלד געוויזן די שלאַכט־פעלדער . . . סאָוועטישע רויט־אַרמייער . . . ווי פאַרביסן זיי שלאָגן־אָפּ זייער שונא — און אָט . . . זייער הויפּט־קאָמאַנדיר יאָסיף סטאַלין, ווי ער שטייט פאַר דעם „מיקרעפאָן", אַדרעסירט אַ ריזיקן עולם מיט זיין מילדן אָבער אַנטשלאָסענעם פּנים. און אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן האָט אויסגעבראָכן — און תיכף, דער ריזי־קער עולם האָט זיך געשטעלט אין רייען פאַר געווער וואָס מען האָט אויס־געטיילט! געווער צום זיידן, צום אייניקל, צו מאַן און פרוי — פריי! . . . הינטער באַריס'ן האָט אַ מאַן גע'טענה'ט צו דער פרוי:

— זעסט, סערע, מ'טיילט פריי געווער . . . מ'האָט קיין מורא נישט, סערע!

— אָט־די, וואָס שרייבן, אַז מ'האָט מורא, זיינען נאַצישע אַגענטן! — ענטפערט סערע, קורץ.

באַריס האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ . . . אָבער דער טעאַטער־עולם האָט אויפדאָסניי אַפּלאָדירט. אַ שכן צו באַריס'ן האָט צו אים גע־מורמלט:

— איר זעט ווי רויטאַרמייער לערנען דאָס פאָלק ווי אָנצוגיין מיט מאַשין־ביקסן — קוקט!

באַריס האָט אַ הייב געטאָן די אויגן און האָט מער נישט געקאָנט . . . מיט וואַקלדיקע טריט האָט ער דעם טעאַטער פאַרלאָזט.

דער דריבנער רעגנדל האָט נאָך אַלץ געטריפט. אַ קאַלטער ווינט האָט אים דורכגענומען און געקילט דעם מוח. ווען ער האָט גענומען אַנאַליזירן אָט־דאָס וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אויגן, האָט ער געפילט אַ רחמנות צו זיך פאַר זיין עלנטקייט; מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער האָט באָריס געשפּאַנט דורך גאַסן, דורך סקווערן. פון די באַוואוינטע הייזער האָבן פייערלעך צו אים געוואונקען; אים דערציילט פון וואַרימע ליכטיקע שטיבער, פון געליבטע ווייבער און קינדער. און ער, באָריס זינגער? ער האָט צייללאָז געשפּאַנט אינעם געדיכטן נאָוועמבער־רעגן און זיך געפילט אַ היימלאָזער, און צום ערגסטן — אַן אָפּגענאַרטער! . . .

אַ געדאַנק האָט אים אַרומגעכאַפּט: ער וועט זיך אַוועקלאָזן מיט דער סאָבוויי צו „זיינע מענטשן", דערציילן זיי פון זיין היינטיקער דער־פאַרונג — וואָס ער האָט מיט זיינע אויגן געזען! און וואָס ער האָט געזען שטימט לחלוטין נישט מיט זייער טעאָריע פון „צוואַנג" . . . אַ דערקלע־רונג וויל ער! . . . נאָר ווען די מידע פיס האָבן אים קוים דערשלעפּט צו דער סאָבוויי־סטאַנציע, האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן: וואוהין? . . . צו וועמען? . . . וואָס נאָך האָבן די מענטשן זיינע צו דערקלערן וואָס ער ווייסט נישט? . . . איז ער אויף אַ ווײַלע געשטאַנען אויפגעקנוירעט ווי די אַלע „פראַגע־צייכנס", און תיכף זיך אויסגעגלייכט און געפילט ווי דער מוח קערט זיך ביי אים . . . אַ חרטה האָט דעם מענטשן אַרומגענומען: צו וואָס אַזוי פיל אומזיסטע עגמת־נפש? און צו וואָס נאָך אַנטלויפן? צו וואָס . . .

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער; ער האָט אַהיים געשפּאַנט מיט געאײַלטע טריט.

1943

# אַ שאלה איבער אַ פינפּערל

אַרום עלף פֿאַר האַלבן טאָג איז אין דער שול אנשי צדק געווען שוין נאָכן דאַווענען. ס'איז געווען אַ מיטנוואָכנדיקער טאָג. מענטשן מיט וועלכער ס'איז באַשעפֿטיקונג האָבן די שול געהאַט פֿאַרלאָזט. ביים טיש איבער אַן אָפֿענעם ספר איז פֿאַרבליבן דער אַלטער אפרים איסר, אַ שול־תושב, אַ געוועזענער שוחט מיט קבלה נאָך פֿון דער אַלטער היים. אין שול האָט געהערשט אַן אומאָרדענונג; דער 68־יאָריקער אברהם שמש, מיט אַ קליין, גרוילעך בערדל, וואָס איז דווקא געוואָקסן אונטן אויפֿן האַלדז, איז געשטאַנען מיט זיין געהילף באַבטשוק, אויך אַן עלטערער, עלנטער מענטש, און זיי האָבן געראַמט; אויפֿגעקליבן די צעוואָרפֿענע ספרים, צו־נויפֿגעשטעלט די שטענדער, די בענק. געאײַלט האָט זיך אברהם שמש אויפֿן בית־עלמין, צו באַזוכן דעם ווייב'ס קבר צו איר פֿערטן יאָרצייט.

פֿערציק יאָר האָט אברהם געלעבט מיט זיין פֿראַדל. די ערשטע יאָרן אויף קעסט אין אַ פּויליש שטעטל, ביים שווער לייזער שמחה, וועלכער האָט אים, אברהמ'ען, אַרויסגענומען פֿון דער לאָמזער ישיבה פֿאַר אן איי־דעם. דער צוואַנציק־יאָריקער אברהם, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ געקרויזטער קאָפּ קאַשטאַנען־האָר, איז געפֿעלן געוואָרן דער אכצן־יאָרי־קער פֿראַדל — אַ שיין, באַלעבאַטיש מיידל. נאָך דער חתונה האָט ער, אברהם, צוביסלעך דעם סוד זיך דערוואוסט, אַז דער שווער לייזער שמחה איז ווייט פֿון צו זיין אַ נגיד און זיי געבן „קעסט". זיינען זיי אַוועק אין אַן אייגענער דירה. אברהם האָט געפּרוּוּט האַנדלען מיט ווייץ און מיט קאָרן. ער האָט אויך אַ צייט געדינט ווי אַ שרייבער ביים וואַלד־סוחר טאָ־פֿאָר, און צום סוף זיך אַריבערגעפּעקלט קיין אַמעריקע. די שטילע, באַ־לעבאַטישע פֿראַדל האָט געהיט די היים. איר מאַן אברהם האָט די טעג געאַרבעט אין שאָפּ, און אין דער פֿרייער צייט געלערנט אין בית־מדרש, געלערנט פֿאַר זיך און פֿאַר אַן עולם.

פֿראַדל'ס טויט האָט איבערגעריסן זיין שטילן, איינגעפֿונדעוועטן, לעבן, צעבראָכן אים. מיטאַמאָל האָט אברהם דערפֿילט, אַז ער איז שוין פֿיר יאָר אין די זעכציקער; ער האָט דערפֿילט, אַז די פֿיס, הענט און האַרץ ווילן אים מער נישט ווי געהעריק דינען; און ווי מיטאַמאָל איז

# מ. מאַקאָווסקי

אברהם געוואויר געוואָרן, אַז ער האָט געהאַט אַ היים, אַ ליבע היים מיט אַ געטרייער ווייב פראַדל, וועלכע האָט אים אָפּגעהיט ווי אַ ציטערדיק קינד, און איצט איז ער עלנט. די איינציקע טאָכטער, ברכה, איז שוין פון יאָרן פאַרהייראַט אין דער סאָוט. ברכה האָט שוין אַליין דערוואַקסענע קינדער. ער קאָן נישט די קינדער און די קינדער קאָנען אים נישט. אַהין פאָרן? ניין. דאָס האָט ער נישט געוואָלט.

צו באַזוכן דעם קבר פון זיין פראַדלען, האָט אברהם שמש לאַנג גע־חלומ׳ט. אפשר אַזוי לאַנג, ווי די אַלע טעג פון יאָר זיינען איצט געווען פאַר אים. איצט, צום פערטן יאָרצייט, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין זיין שבת׳דיקן אָנצוג, זיך געלאָזט אויספּוצן די שיך, און אויסגעזען יום־טוב־דיק, ווי ער וואָלט איצט גיין באַגעגענען אַ לעבעדיקע פראַדל . . . דער וועג אַהין איז געווען זייער אַ ווייטער, און ווען ער איז דאָרטן געקומען צו פאָרן, איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבן טאָג. די נאָוועמבער־זון איז גע־שטאַנען פונקט איבער דעם בית־עלמין. און ער, אברהם שמש, האָט גע־טראָטן צווישן קברים. קיין לעבעדיק וועזן, קיין שאָרך פון אַ בוים; אַ הייליקע שטילקייט האָט גערוט איבעם גאַנצן אַרום. ער האָט געטראָטן אין דער הייליקער שטילקייט מיט שטילע, געמאָסטענע טריט.

ער איז געשטאַנען פאַר פראַדל׳ס קבר, און ער האָט אַפילו נישט גע־פּרואווט דאָס מויל עפענען און עפּעס זאָגן פונעם ספר׳ל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט פאַרשווערכן די שטילקייט פון דעם אַרום. מיט זיין געבויגענעם רוקן איז ער געווען צוגעשפּאַרט צו אַ דערבייאיקער פרעמדער מצבה, און מיט די אויגן — רויטע, בלישטשנדי־קע, געקוקט שווייגנדיק; ער האָט געקוקט שטאַר, אומבאַוועגלעך, אויף די ווייס־געקריצטע אותיות פונעם צוקאָפּנס איבער דעם קבר פון זיין פראַדל, אַזוי לאַנג, ביז די זון האָט ווייט זיך אָוועקגערוקט, ווייט איבער דעם פאַרקאָן — צו מערב זייט. אויך די שטילקייט האָט ווי מיטאַמאָל אויפגעהערט; פון ערגעץ האָט אַ קאַלטער ווינט דאָרטן זיך דערטראָגן און געטרייסלט די דאָרטיקע ביימער. די דינע, נאַקעטע צווייגלעך האָבן זיך געהוידעט און גערוישט. און ווען אַברהם שמש איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך שוין געפונען פון יענער זייט — אין גאַס.

ער האָט זיך געפילט גאַנץ באַרואיקט, אברהם שמש. דער קאַלטער ווינט האָט אים דאָס אַלטע לייב געטרייבערט. און איצט, קאַלט און מיד,

האָט ער באמת געוואָלט וואָס גיכער צוריקפאָרן . . . „ער דאַרף זיין צו מנחה אין שול״ — האָט ער כלומרשט געזאָגט צו זיך. ער האָט גענומען שפּאַנען צו דער באַן־סטאַנציע, מעכאַניש גענומען זוכן אין די קעשענעס און תיכף זיך דערקונדיקט, אַז מיטן בײַטן זיין וואָכנדיקן אָנצוג, האָט ער אַ פּעני נישט מיט וואָס אַהיים צו קומען! . . .

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרטראַכטער און געוואַרט. ער האָט אָבער קיינעם נישט געזען, נישט געהערט קיין גערויש פון אַ דורכפאָרער. מינוטן האָבן זיך געצויגן ביי אים ווי אַן אייביקייט. דערמאָנט האָט ער זיך, אַז דער שול־שליסל איז ביי אים — דאָס האָט ער גראָד נישט פאַר־געסן . . .

אַן אויטאָמאָביל איז מיטאַמאָל אָנגעקומען און זיך אָפּגעשטעלט פאַרן בית־עלמין. אַ פרוי מיט אַ פאַרדעקטן פּנים אין אַ רייכן, קאַראַקולענעם מאַנטל איז אַרויסגעשטיגן. זי האָט אַ ווײַלע באַטראַכט דעם פאַרצווייפלטן מענטשן, און זי האָט געפרעגט:

— אפשר קאָנט איר, ר׳ איד, מאַכן אַ מלא רחמים, הא? כ׳האָב היינט יאָרצייט נאָכן פאָטער.

ביי אברהם שמש האָבן די אויגן אויפגעבליצט פון פרייד:

— צי איך קאָן, פרעגט איר? איך — איך בין אַ שמש — — —

ער איז איצט גרייט געווען איר צו דערציילן זיין גאַנצן יחוס, אויב זי קאָן אים בלויז העלפן מיט דעם — צו קומען אין זיין שול אין צייט צו מנחה, וואו דער עולם וועט וואַרטן. נאָר זי, די פרוי מיט דעם פאַרדעקטן פּנים, איז שוין געווען ווייט אַוועק אויפן בית־עלמין. און ער, אברהם שמש, געבויגן פון קעלט, געמאַטערט פון הונגער, האָט מיט זיינע קראַנקע פיס זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איר, נאָך דער פרעמדער, אומבאַקאַנטער פרוי, וועלכע האָט אים געפירט דורך געדרייטע, שמאָלע בית־עלמין וועגלעך — צום קבר פון איר פאָטער.

מינוטן שפּעטער, נאָכן אָפּזאָגן דעם „מלא רחמים״, איז ער אויף צו־ריק שוין געגאַנגען אַ פריילעכער מיט אַ מזומנ׳עם פינפערל אין זיין דלאָ־ניע. די אומבאַקאַנטע פאַרשלייערטע דאַמע האָט אים ניט נאָר געגעבן אַ פינפערל פאַר זיין טירחה, נאָר אים אויך פאַרבעטן אָפּצופירן אַהיים מיטן אויטאָמאָביל, וואָס זי אַליין האָט געטריבן. דער מידער אברהם שמש האָט מיט אַ דאַנק די איינלאַדונג אָנגענומען, און האָט זיך דאָרטן גוט אויסגע־

רוט. שפּעטער נאָך מנחה, אין דער שול אנשי צדק, ווען אברהם שמש האָט דערציילט פאַרן עולם דעם נס, און געוויזן דעם „פּינפּערל", האָט מען אים באַוואָרפן מיט קשיות:

— ווער איז זי פאַרט געווען, מיטן פאַרדעקטן פּנים?

— ווי? איר האָט טאַקע נישט געזען איר געזיכט, האַ?

זיין געהילף, באַבטשיק, האָט געקוקט אויפן „פּינפּערל" מיט אויגן, וואָס האָבן זיך געקערט אין קאָפּ. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אַי־אַי, טאַקע אַן אמת פּינפּערל, ווי איר זעט מיך לעבן! ס'איז אוודאי געווען אליהו הנביא! וואָס זאָגט איר, ר' אפרים איסר?

דער אַלטער אפרים איסר האָט מיט זיינע טרייסלענדיקע הענט גע־נומען דאָס פּינפּערל, אים געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, און מיט רוגזה גע'חוזק'ט:

— אליהו הנביא אין אַ ספּאָדניצע! גייט שוין, גייט! כ'האָב מורא, צי ס'איז חלילה נישט אַמאָל געווען איינע פון יענע . . . פון דער סיטרא־אחרא — פון „ניט־גוטע", נישט געדאַכט זאָל עס ווערן!

ער האָט אַ שליידער געטאָן דאָס פּינפּערל און אויסגעשפּיגן, דער אַל־טער אפרים איסר. ווי ער וואָלט אָנגערירט אַן אומווירדיקע זאַך, איז ער אויף גיך געלאָפן צום וואַסער־קראַן און געוואַשן די הענט. אַ פּחד איז דעם עולם באַפאַלן פון אַט־דער שטימונג. אברהם שמש האָט מיט באַ־דויערן באַטראַכט דעם אַלטנס מעשים, מיט דער שרעק וואָס ער האָט אָנ־געוואָרפן. מיט אַ שמייכל אונטער די וואָנצעס האָט ער גענומען דאָס פּינ־פּערל און ער האָט זיך געווענדט צו זיין געהילף:

— פאָלג מיך, באַבטשיק, נעם דאָס פּינפּערל און ברענג אַביסל בראַנפן פאַר דעם עולם! מ'מעג דאָס, רבי אפרים איסר? — האָט ער כלומרשט געפרעגט.

דער געהילף באבטשיק האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּינפּערל און איז אַוועק נאָך בראַנפן. דער אלטער אפרים איסר האָט מיט רוגזה אַריבער־געקוקט צו אברהם שמש איבער די ברילן, און תיכף, מיט אַ זיפץ, איינגע־גראָבן די אויגן אינעם אָפענעם ספר.

# בשעת מלחמה

קוידער'ס שנײַדער־שאַפּ איז געווען פֿאַרלייגט מיט מיליטערישע אַרבעט. דער באַלעבאָס קוידער, אַ זשוואַווער מענטשל, מיט איין אויג אַ „רויען" ווי מיט רויטע פֿליאַמעס באַזוימט, האָט געקענט אָנשפּאַרן איבע־ראַל צו קריגן אַרבעט. ווען אַמעריקע איז אַריין אין קריג, האָט דער באַ־לעבאָס קוידער נישט געדוט. ער איז געלאָפֿן מיט טענות צו די יוניאָן־באַאַמטע: „סטייטש, אַ גרויסער שאַפּ" — ער איז געלאָפֿן קיין וואַשינג־טאָן, אָנגעשפּאַרט וואוהין מ'דאַרף, און ווען ער האָט „דערטאַפּט" די ערש־טע באַשטעלונג, איז ער געקומען אין שאַפּ אַריין ווי אַ גענעראַל, וואָס האָט געוואונען די ערשטע שלאַכט, און אַ זאָג געטאָן צו מויש'ן, צום ערשטן באַלמעלאָכע ביים געשטעל:

— ס'איז צוואַנציק טויזנט, דאָס איז דערווייל נאָר . . .

ער האָט עס אונטערשטראָכן, מיט אַ קלאַפּ טאָן מויש'ן איבערן פּליי־צע, בעת מעשה צוגעוואונקען וואויל־יונגעריש מיטן רויען אויג, וואָס האָט געמיינט: מויש זאָל ס'איבערגעבן די איבעריקע באַלמעלאָכעס, זיי זאָלן נישט קריגן קיין „האָבער", — ערגעץ אַנדערש זיך צעלויפֿן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן „חברה" געוואוסט, אַז באַלד וועט אַריינקו־מען די ערשטע „צוואַנציק טויזנט". סעם דער קלויזער, אַ מענטש אין די אָנהייב פֿופֿציקער, אַ שטענדיקער פּעסימיסט, האָט אויפֿן חשבון געקיי־בעצט, אַז קודם־כל, זאָל יעדער שנײַדער זיך אויפֿנייען אַ בייטל . . . דער קאָלנער־נייער דראַפּקין, אַ מענטש וואָס האָט ליב געהאַט זיך צו חקרנ'ען, האָט פֿאַר אַ רגע אויפֿגעהערט דעבאַטירן וועגן דער מלחמה מיטן שכן זיי־נעם, דעם איטאַליענער טאָני, ער האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו מויש'ן.

מויש האָט מער גאָרנישט געהאַט וואָס איבערצוגעבן. ערשט פֿאַר־נאַכט האָט דער באַלעבאָס קוידער כלומרשט מויש'ן אַהיים באַגלייט, און אויפֿן וועג אָפּגעטראָטן צו זלאַטקינ'ען אין שענק. ער האָט געגאָסן „סקאָטש" אין גלעזלעך, שטייענדיק איבערגעוואָרפֿן אַ פֿוס איבער אַ פֿוס מיט דער פּלייצע צוגעשפּאַרט צום „באַר", האָט ער מיט דעם „רויען" אויג געקוקט אין גלעזל און געזאָגט:

— פאַרשטייסטו מיר מויש, אַזוי און אַזוי — —

און וואָס אמת, איז אמת, די ערשטע צוואַנציק טויזנט איז דערווייל אַריינגעקומען. תיכף, נאָך איידער די ערשטע באַשטעלונג איז פאַרטיק געוואָרן, איז געקומען נאָך און נאָך. עס איז אָבער אויך אמת, אַז וואָס, וואָס, דער באַלעבאָס קוידער האָט קיין עלעקטריק נישט געשפּאָרט. די „פעידע" איז גרעסער געוואָרן. מויש האָט געאַרבעט פון דער וואָך; געאַרבעט אויף אַלע מאַשינען. און ווען אַרבעטער האָבן אויסגעפעלט האָט ער געמוזט נייע „איינברעכן". און מויש, אַ מיטל־יאָריקער מענטש, מיט אַן אויפגעבלאָזענעם בויך, וואָס האָט קוים זיך געהאַלטן אויף קורצע דינע פיס — האָט נאָך געהאַט צרות אינדערהיים, וואָס פון זיין זון בעני, וועלכער איז אויפן מלחמה־פראָנט, איז פון אַ צייט קיין בריוו נישט געווען. זיין ווייב לאה קרעכצט און וויינט און האָט טענות צו אים.

שווערע טעג האָבן זיך געררוקט. די לאַנגע שעה'ן אין שאַפּ, און דער ווייב'ס טענות באַגלייט מיט קרעכצענישן האָבן דעם מענטשן דערשעפּט. ראש־השנה איז געקומען, דער שאַפּ איז געווען געשלאָסן, האָט מויש מיט דער ווייב געמאַכט אַ וויזיט אין אינפאָרמאַציע־אָפּיס, און גראָד איז אָנגעקומען אַ בריוו מיט זייער זון'ס האַנטשריפט, אַז ער איז אין שפּיטאָל, לייכט פאַרוואונדעט.

די מאַמע לאה האָט קוים זיך צוריקגעהאַלטן. דער טאַטע מויש האָט איר ביים האַנט אַרויסגעפירט. שטיל, מיט פאַמעלעכע טריט וואָס האָבן דומפּיק אָפּגעהילכט אויפן זוּנבערדיקן אַספאַלט, זיינען זיי געגאַנגען, ווי זיי וואָלטן זיך געהיט מיט זייערע טריט אימעצן אויפצוּוועקן. דער טאַטע מויש האָט בעת מעשה זי געטרייסט, געמינטערט, אַז „אַלץ וועט רעכט זיין"; ער האָט געהאַט טענות צו דער ווייב, אַז זי איז נישט די איינציקע מאַמע, וואָס האָט אַ זון אין דער אַרמיי; און אַט — שרייבט ער אַליין, אַז „באַלד וועט ער זיין פאַלקאָם, און צוריק פאַרנעמען זיין פּלאַץ אויפן פראָנט!" אָבער צומאָרגנס, נאָך ראש־השנה, איז מויש געקומען צו דער אַרבעט אַ מידער, אַ דערשעפּטער.

---

דורך די גרויסע שאַפּ־פענצטער האָט געלויכטן די אָקטאָבער־זון; באַלויכטן די געשטאַלטן פון די אַרבעטער אַרום דעם געשטעל און יעדן שאַפּ־ווינקעלע. געמיטער זיינען אויפגעריכט געוואָרן. הענט — דירעוור־

דיקער. אַרום האָבן אַרבעטער גערעדט, דיסקוטירט די לעצטע מלחמה־נייעס, און בעת־מעשה מיט די אַקסלען געהויבן אויף מויש׳ן, וואָס איז דעם טאָג ווי פאַרשטומט געוואָרן. דער איטאַליענער טאָני האָט דעם שכן, דעם קאָלנער־בייער דראַפּקין, עפּעס „פּעפּערדיקס" געזאָגט אויף מויש׳עס חשבון. סעם, דער קלויזער, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ביין. ער האָט עס פאַרענטפערט אויפן חזנ׳ישן שטייגער:

— אוי־אוי, — האָט מויש נעכטן געדאַווענט ?! — אוי־אוי — — —

דער איטאַליענער טאָני האָט געפּרואווט נאָכזינגען:

— אַ־אַיי אַ־אַיי, מויש נעקטען געדאַוועגט ?! מויש—געדאַווענט !!

אַרבעטער אַרום דעם געשטעל האָבן דאָס געזאַנג אויפגעכאַפּט — מיטגעזונגען. אָט־דער כאָר־געזאַנג האָט זיך געלאָזט הערן, און זיך אויסגעמישט מיט דעם מאַשין־געזאַנג און זיך דערטראָגן . . . דער באַלעבאָס קוידער האָט מיט אַן אָנגעשטעלטן „רויען" אויג זיך פּלוצים באַוויזן; ווי אַן אונטערגעשאָסענער, האָט ער געשפּרייזט פונעם עקזאַמען־טיש. ער האָט געשפּאַנט כלומרשט אַזוי זיך אַרום דעם געשטעל, מיט זיין „רויען" אויג געקוקט אויף יעדן — ספּעציעל אויף די עטלעכע „וואָכנהענט" וואָס זיי טוען. און מיט דעם זעלביקן אָנגעשטעלטן „רויען" אויג מיט דער רויטער פּליאַמע, וואָס האָט אַצינד אויסגעקוקט נאָך רויטער, זיך אָפּגעשטעלט ביי מויש׳ן, ווי ער וואָלט פאַר אַלצדינג געווען דער שולדיקער.

די הענט האָבן ביי מויש׳ן אָנגעהויבן צו ציטערן. דאָס „רויע" אויג פון באַלעבאָס קוידער האָט אויף אים געקוקט מיט טענות, און מויש׳עס הענט האָבן געציטערט . . . די אַרבעט איז מויש׳ן מיט אַמאָל שווער געוואָרן! די זעלביקע אַרבעט, די זעלביקע אַרבל, וואָס האָבן שטענדיק פלייסיק ווי זיך געגליטשט אונטער דער מאַשין־נאָדל, זיינען פּלוצים האַרט געוואָרן ווי עס זאָל בישט פון געוואַנט זיין געמאַכט נאָר פון האַרטן שטאָל. און ווי אויף להכעיס, — דער נאָט אַרום אַרבל פאַרקריכט אין אַ זייט. און דאָס „רויע" אויג פון באַלעבאָס קוידער קוקט אויף אים מיט טענות, און מויש׳עס הענט ציטערן . . .

אַ קאַלטער שוויס איז מויש׳ן באַפאַלן, און גלייכצייטיק האָט אַ טרער אָן אַ חשבון זיך געקייקלט, און צעשוואָומען אין מויש׳עס אויג און אים פאַרשטעלט דאָס ליכט. די זון האָט דוקא געלויכטן דורך די גרויסע שאַפּ־פענצטער, אַז אַ זעמדעלע וואָלט מען דערזען. פאַר מוש׳עס אויגן

אָבער האָט זיך געמיניעט פינצטערקייט, ווי דורך אַ גרויען וואָלקן וואָלט ער דורך געקוקט. און ווען דער פאָדים פונם מאַשין־נאָדל האָט זיך אײַבערגעריסן, האָט מויש בלינד געטאַפּט מיט די ציטערדיקע הענט.

דער באַלעבאָס קוידער האָט מויש'ן חלילה קיין בייז וואָרט נישט געזאָגט. פאַרקערט. דער באַלעבאָס איז גאָר געווען אַ וואוילער, ווי מ'זאָגט: אַ „היימישער מענטש", איינער פון אַלע, וואָס איז אַליין נישט לאַנג צוריק געווען אַן אַרבעטער, ס'איז דאָך אָבער אַ שאָפּ! און ווען אין שאָפּ ווערן נאָך געמאַכט מיליטערישע בגדים, מוז די אַרבעט געמאַכט ווערן אין צייט! און ער, מויש, דער הויפּט־באַלמעלאָכע, וואָס איז לויט דעם אָפּמאַך מחויב אָנפירן מיט דער אַרבעט — עפּעס אַ חוזק? — וואָס ?..
איז ער געשטאַנען דער באַלעבאָס אַ פאַרצווייפלטער, און געקוקט ווי מויש'עס ציטערדיקע הענט טאַפּן בלינד אַרום מאַשין־נאָדל. פּלוצים האָט ער אַ שפּרייז־געטאָן צום אָפּיס, אין אַ רגע קריק געקומען מיט אַ נייער מאַשין־נאָדל.

ער האָט די נייע מאַשין־נאָדל פאַר מויש'עס אויגן אָוועקגעלייגט, און אַליין ווי אַ צוגעשמידטער נישט אָפּגעטראָטן. מויש האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, שאַרף אַריינגעקוקט אינם באַלעבאָס כמורגע אויגן, די בלוט האָט ביי אים גענומען שפּילן, ער האָט אָבער זיך באַרואיקט. קאַלט און געלאַסן האָט ער פאַמעלעך צעעפנט דעם מאַשין־שופלאָד, אַרויסגענומען אַ שרויפּנציער, אַ קער געטאָן די ניי־מאַשין, און צעשרויפּט פאַמעלעך וואו אַ שרייפעלע. ווי אַ גענײטער מעכאַניק האָט ער זיך גענומען צייט אויסצופּרובירן יעדן שטענגעלע, געטאַפּט מיטן האַנט, געקלאַפּט מיט דער שער, ביז... דער באַלעבאָס קוידער האָט וואַקלענדיק זיך אויסגעדרייט אַ פאַרלוירענער ... ערשט איצט האָט מויש זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אַרום דעם געשטעל איז תיכף קריק לעבעדיק געוואָרן. סעם דער קלויזער האָט אַ טאַרקע געטאָן דעם קאַלנער־נייער דראַפּקין, וועלכער האָט זיך גוט אויסגעהוסט און זיך צעלאָזן:

— אוי מויש, אוי מויש! האָט ער היינט געדאַוונט! — האָט ער היינט געדאַוונט! — — —

דער איטאַליענער טאָני האָט מיט די אַרומיקע געזונגען אין כאָר:

—אַ־אַיי! — אַ־אַיי? —

דער באַלעבאָס קוידער האָט פאַרשטעקט זיך אין אָפּיס.

# אַ באַגעגעניש

## 1

דאָס פּאָרל איז מיר געווען באַקאַנט פון יאָרן צוריק. מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אַ צייט לאַנג אינ'ם זעלביקן שאַפּ, ביים זעלביקן באַלעבאָס ערגעץ אויף דער באַוערי. ער, מעקסל, איז געווען מיין שכן ביים ניי־מאַשין, און גערופן האָבן מיר אים דער „קליינער ראַקעפעלער" צוליב זיין געלט־גייציקייט און איז בכלל געווען אַ מענטש מיט אַ גראָשנדיקער נשמה. זי, לאָרע — אַ יונג שיין מיידל מיט ליכטיקע ברוינע האָר, מיט אידישן חן אויף איר לענגלעכן פּנים איז געווען די איינציקע פּרויענצימער, וואָס האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט אויף אונדזער געשטעל.

און דווקא, צוליב אָט־דער שיינער לאָרע, האָבן די אַרבעטער זיך געמוזט היטן מיט יעדן וואָרט ביי דער אַרבעט; פּאַסירט האָט, אַז אַרבעטער, אפילו עלטערע, האָבן פּלוצים זיך גענומען סטראָיען. גראָד יונגערע, האָבן געפּרואווט איר ברענגען מתנה'לעך, געפּרואווט זי אָפּפירן אַהיים. און ווי דער אמת, בין איך דעמאָלט אויך „געפּאַנגען" געוואָרן אין דער שיינער לאָרעס נעץ: איך בין געווען דער פּאָרזיצער פון'ם שאַפּ. אַרבעטער האָבן פאַר מיר געבראַכט זייערע קריוודעס, זייערע פאָדערונגען צום באַלעבאָס. לאָרע פלעגט אויך קומען צו מיר אָפט, מיט איין און איינציקער קריוודע, נישט קעגן באַלעבאָס, נאָר קריוודעס קעגן דעם און יענעם אַרבעטער אַזוי און אַזוי. און ווי דער אמת, האָב איך געקראָגן געגנוג שונאים צווישן די אַרבעטער פאַר מישן זיך אין „פּריוואַטע געשעפטן".

די יונגע לאָרע, האָט אָבער אין פרימאָרגן אונז אַלעמען אַנטוישט. יענעם פרימאָרגן איז לאָרע געקומען צו דער אַרבעט ווי אין יעדן אַנדער טאָג. ביי דער אַרבעט האָבן מיר באַמערקט ווי ס'בלישטשעט אויף איר פינגער אַ דימענטענער רינג. מיט איר שעמעוודיק פּנים האָט זי פאַר אונז דערציילט אַז זי איז אַ כלה געוואָרן, טאַקע מיט איינעם פון'ם שאַפּ, מיט מעקסלען — אָט דעם „קליינעם ראַקעפעלער".

מיר זיינען באמת געווען אַנטוישט. און ער, אָט־דער מעקסל, האָט מיט שטענדיקן כיטרען שמייכעלע אויפ'ן רונדן פּנים זיך צוגעהערט צו אונזער אָפענער אַנטוישונג. אַ שווייגענדיקער האָט ער בעת מעשה

געדרייט מיט דער קיילעכדיקער מאָרדע, ס'האָט געמיינט: „אייך אויף צעפּיקעניש, ממזרים".

זינט דעמאָלט זיינען יאָרן אַוועק. כ'האָב געהאַט אויפגעגעבן מיין אַרבעט אין שאַפּ. איך בין געוואָרן אַ פּאַרזיכערונגס אַגענט — „פּאָליסיס" געשריבן. יענעם טאָג האָב איך געהאַט צופיל אויסצושטיין פון מיין באַלעבאָס דעם „סופּערוויזער"... ווען איך בין פון זיין אָפיס קוים אין גאַס אַרויס, איז מיין מוח אינגאַנצן קאָנצענטרירט געווען אויף איין פּונקט: „פּאָליסיס" שרייבן! האָב איך מיך געזען מיט דעם, מיט יענעם. נאָר ווי אויף להכעיס, איז נישט געווען וואָס... ערשט שפּעטער ביינאַכט בין איך מיר אַרונטער אין סאָבווי, צו פאָרן אַהיים.

איך בין געווען געוואַלדיק מיד. ס'איז געווען זומער־צייט. כ'בין געווען צעברענט פון דער גליענדיקער יולי־זון, דורכגעווייקט פון שוויס. די קילע סאָבוויי־לופט אין דער שפּעטיקער שעה, האָט מיך אָפּגעפרישט. איך האָב מיך צוגעזעצט אויפ'ן וואַרטונג־באַנק; איך האָב דעמאָלט געבענטשט יענע מזל'דיקע הענט, וועלכע האָבן צעגראָבן אונטער דער ערד, צערעכט געמאַכט אַ זיכערן פּלאַץ וואו מ'קען כאָטש פאַר אַ ווייל אַנטלויפן, זיך אויסבאַהאַלטן פונ'ם באַלעבאָס, פון דעם סופּערווייזער מיט זיינע פּאָליסיס.

אַ קורץ דיקלעכער מענטש איז צוגעטראָטן פּלוצים צום באַנק, מיר אַריינגעקוקט אין פּנים, פאַר די אַקסלען מיך געטרייסלט, ער איז געשטאַנען און געשמייכלט.

— מעקסל! — האָב איך אויסגעשריען ביט מיט מיין קול.

באמת, האָב איך שיער אים אַ רוף געטאָן מיט'ן שאַפּ־נאָמען, אָט־אַזוי ווי מיר האָבן אים גערופן. דאָס וואָרט: „ראַקעפּעלער" איז אויפ'ן שפּיץ צונג געלעגן. איך האָב מיך ווי פאַרכאַפּט: זיינע שיינע בגדים וואָס ער האָט געטראָגן, דעם בליסטשענדיקן רינג אויפ'ן פינגער, דאָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן. פאַר אַ רגע האָב איך ס'מענטשל באַטראַכט: ס'פּנים איז מער קיילעכדיק געוואָרן, מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן, וואָס ציט זיך ברעגלאָז אַרויף. כ'האָב מיך נאָכגעפרעגט אויף לאָרע'ן. און ווי דער אמת, האָב איך מיך געוואָלט מאַכן היימיש: די נישט געשריבענע „בלאַנקס" אין מיין פּאָרטפעל האָבן מיך געדרופּיעט, ממש געלאָקט. כ'האָב געפרעגט:

# אַ באַגעגעניש

— ווען קען מען אייך טרעפן אינדערהיים?

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין פּוכיקע־פלײשיקע האַנט אויפ׳ן פּאַר־קנייטשטן שטערן ווי ער וואָלט וועלן זיך דערמאָנען אַ וויכטיקן ענין. תיכף האָט ער געזאָגט:

— מיר מאַכן אינגיכן אַ בר־מצווה. אונזער ווילי ווערט דרייצן יאָר אַלט. כ׳וואָלט זייער גערן געוועז דו זאָלסט קומען...

ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ פּינטל צו מיר מיט אַן אויג. הפּנים, מעקסל באַדאַרף מיך, האָב איך מיר געטראַכט. דאָס האַרץ ביי מיר האָט זיך ממש געהויבן: ענדלעך וועל איך פאַר אַ ווייל קענען פאַרשטומען מיין באַלעבאָס דעם „סופּערוויזער״... מיין מוח האָט אַרומגעטאַפּט ס׳קורץ דיקלעכן מענטשל. מיט פריינטלעכע אויגן — גוט־ברודעריש, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— ווילסט אַז כ׳זאָל האַלטן אַ „ספּיטש״ דאָרטן? געטראָפן, מעק־סעל?!

איך האָב געטראָפן אין פּינטל אַריין... געשמייכלט האָט זיין פּנים מיט דעם ברעגלאָזן שטערן, געשמייכלט האָט יעדעס גליד אין אים... אַ רעדע, פאַרלאַנגט ער, זאָל איך האַלטן צו זיין ווילי׳ס בר־מצוה, אָט וואָס! דעם אמת געזאָגט, בין איך געווען גרייט וואָס דער מעקסל זאָל פון מיר נישט פאַרלאַנגען. נאָכאַלעמען, איז עס ניט דער מעקסל, וואָס האָט מיט מיר אַמאָל געאַרבעט ערגעץ אויף דער באָוערי. פאַר מיר איז אַצינד גע־שטאַנען אַ רייכער געשעפטסמאַן — אַ פאַמיליע־מענטש, וואָס דאַרף בוי־טיק דאָס, וואָס איך וויל אים פאַרקויפן. מעקסל האָט זיך גלייכצייטיק אויך געפונען געטראָפן מיט מיין באַמערקונג. ער האָט עפּעס מיר גע־וואָלט זאָגן. ס׳איז אָנגעקומען „זיין״ סאָבוויי, אין געאייל מיר אַריינ־געשטעקט זיינס אַ קאַרטל, זיך אָפּגעזעגנט און פאַרשוואונדן.

אין זיין איילעניש האָט מעקסל מיר נישט געזאָגט דעם טאָג פון דער בר־מצווה. פאַר מיר, דעם פאַרזיכערונגס־אַגענט, איז עס געווען לטובה: אַצינד, דורך מעקסל׳ס נישט דערזאָגן, איז פריי פאַר מיר יעדן טאָג פון דער וואָך אַהין צו קומען. דער „אַגענט אין מיר״ האָט שוין אויסגע׳סדר׳ט דעם פּלאַן: צוערשט זיך אַזוי אַריבערכאַפּן, קיין פרעמדע מענטשן וועלן דעמאָלט נישט זיין. וועל כ׳מיר אַ רעד טאָן מיט אים, מיט איר און זי־כער קריגן אַן אָנהויב... ערשט צו דער בר־מצווה וועלן דאָך זיין פריינט,

באַקאַנטע, רייכע מענטשן נאַטירלעך — דעמאָלט — — — —

אַזוי איז געווען מיין רעכענונג און אַזוי האָב איך געטאָן. אין אַ זונטיק האָב איך מיך אויסגעפּוצט אין מיינע שענסטע בגדים, זיך אָנגע־שטאָפּט מיט „בלאַנקען", איך האָב אָנגעפילט מיין „פּאונטען־פּען", און ווען כ'בין אַהין געקומען, בין איך געבליבן שטיין פאַר אַ פּראַכטפולער פּריוואַט־היים. צווישן גראָזן און בלומען האָב איך געטראָטן, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָב איך אָנגערירט דאָס טיר־גלעקל. אַ יונג מיידל מיט אַ ווייס־טשעפּעק אויפ'ן קאָפּ, האָט מיך געפרעגט וועמען כ'זוך. לאָרע איז צוגעקומען. אַ מינוט שפּעטער איז צוגעקומען מעקסל. לאָרע האָט קוים מיך דערקאָנט. מעקסל האָט זיך אָפּגערופן:

— טרעף ווער דאָס איז, לאָרעטשקע ? אַנו, טרעף !

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט אַ רגע. איך האָב איר תיכף דערקאָנט. ווען נישט דער טיפער צייכן אונטער דער מאַרדעטשקע, וואָלט איך שווערן, אַז זי איז גאָרנישט עלטער געוואָרן. זי האָט מיך מאָדנע באַטראַכט. אפילו שפּעטער, ווען מעקסל האָט געזאָגט מיין נאָמען, איז זי נאָך אַלץ געשטאַ־נען און געקוקט אויף מיר מיט אויגן ווי זי וואָלט מיך באַדויערט. אַזוי אַמווייניקסטנס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, און דאָס איז דאָס ערגסטע וואָס לאָרע האָט געקאָנט טראַכטן פון מיר... דעם אמת געזאָגט, איז מיר די רייכע רחבותדיקע היים באַלד ענג געוואָרן. מיין פּנים האָט מסתמא עדות געזאָגט, מחמת באַלד, האָט לאָרע מיך געבעטן זיצן, מיך פאַרגע־שטעלט פאַר אירע צוויי קינדער. ער, מעקסל, האָט געזאָגט, ער מוז אויף אַ ווײַלע אַוועק צו אַ שכן, וואָס וואַרט אויף אים, באַלד קומט ער צוריק.

אַצינד האָב איך געזען מיין טעות. לאָרע האָט זיך געפרייט מיך צו זען. זי האָט מיך אונטערן אָרעם גענומען, געפירט מיך פון צימער צו צימער. זי האָט מיך אַרונטערגעפירט אונטן אין אַ פאַרפּוצטן סאַלאָן. לאָרע האָט צו אַ ווייכע סאָפע צוגעפירט אַ טישל מיט משקה און זיך גע־זעצט נעבן מיר.

איך האָב גאָר נישט געהאַט צו פרעגן איר. פאַקטן האָבן גערעדט. זי, לאָרע, האָט זייער געוואָלט וויסן פון דעם, פון יענעם באַקאַנטן. איך איך האָב געפּרוווט ענטפערן און געוואַרט אויף דער ריכטיקער מי־נוט — וואָס האָט מיך אַזוי פרי געטריבן צו פאָרן אַ שטיק וועג. זי האָט פּלוצים מיך געפרעגט:

— כ׳האָב גאָר פאַרגעסן פרעגן וואָס איר טוט?

איך האָב געשוויגן; כ׳האָב נישט געוואָלט זי זאָל זיך אָנגעשטויסן צוליב וואָס כ׳בין איצט געקומען. האָב איך זיך געמאַכט נישט הערנדיק איר דירעקטע פראַגע. כ׳האָב בעסער געענטפערט מיט נאָך אַ פראַגע:

וואָס האָסטו מיך אַזוי מאָדנע אָנגעקוקט, לאָרע? זע איך ווירקלעך אויס אַזוי — —

כ׳האָב נישט דערהערט; כ׳האָב געמאַכט אַ פנים אַז זי זאָל פילן, אַז זי דאַרף מיך נישט באַדויערן. נאָכאַלעמען, האָב איך געטראַכט: איך קום דאָ נישט בעטלען חלילה... איך בין אַן אַגענט פון אַ מיליאָנערסקע קאָמפּאַניע; איך האָב צו פאַרקויפן דאָס, וואָס יעדער לעבעדיקער מענטש צי מ׳איז אָרעם, צי מ׳איז רייך — —

זי האָט מיך איבערגעשלאָגן, זי האָט געזאָגט:

ס׳איז אַ טעות פון אייער זייט. פאַרקערט, איר זעט אויס זייער גוט כמעט ווי אַמאָל. זעט ,אין אייער געדיכן שוואַרצן קאָפּ האָר, איז נאָך קיין סימן פון אַלטקייט ניטאָ.

זי האָט אַצינד גענומען באַטראַכטן מיינע האָר, ווי זי וואָלט זיך וועלן דערקונדיקן צי זי איז גערעכט געווען מיט איר אָפּשאַצונג; זי האָט מיט אַ פינגער געפּרואווט — גענישטערט אין מיינע האָר. איך, ווידער, האָב זיך געקליבן צום געשפּרעך וואָס האָט מיך גערופן; איך האָב געזוכט מיין „פאָונטען פּען" אין בוזים־קעשענע. מ ע ק ס ל איז ראַפּטאָם אַרונטערגעקומען. ער האָט אונדז ביידן אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטאָלענעם בליק; געדרייט מיט דער קיילעכדיקער מאָרדע פּונקט ווי דעמאָלט אין שאָפּ. כ׳האָב מיך געטאָן אַ שטעל אויף. וואָס צו זאָגן אין דער רגע האָב איך אייגנטלעך נישט געהאַט. לאָרע האָט געזען מיין פאַרלעגנהייט. זי האָט געזאָגט:

— איר גייט ניט אַוועק פון מיטאָג. איר זענט אונדזער גאַסט.

— אוודאי־אוודאי, — האָט מעקסל צוגעגעבן.

ער האָט נאַריש געשמייכלט, מעקסל. דאָס גאַנצע פּנים, דאָס קיי־לעכדיקע, האָט זיך מיטגעשלעפּט צום לאַכן. בלויז דער קורצער נאָז מיט זיין ברעגלאָזן שטערן האָט זיך געבלייכט. איך האָב עס תיכף באַ־מערקט און געפילט ביטער וועגן מיין אומפאַרזיכטיקייט; דער „אַגענט

אין מיר" האָט שטיקער געריסן... אָבער קיין וועג צוריק איז נישט גע־בליבן. בין איך מיט אַן אַרונטערגעבויגענעם קאָפּ נאָכגעגאַנגען דעם פּאָרל אין עס־צימער, זיך געלאָזט צופירן אַ בענקל, זיך פאַרשטעקט מיט אַ ווייס טישטוכל און געבליבן זיצן שטום.

די שטילקייט ביים טיש האָט אָנגעהאַלטן ביז׳ן משקה טרינקען. מעקסל האָט געגאָסן פיינע גלעזלעך בראַנפן. מיר האָבן מיט פולע גלעזלעך בראַנפן אָפּגעקלונגען. איינע און אַ צווייטע געגאָסן און געטרונ־קען. דער בראַנפן האָט פשוט מיך מחיה געווען; דעם אמת געזאָגט, האָב איך בעת מעשה אינגאַנצן פאַרגעסן אין מעקסל׳ס פריערדיקן פנים. אַצינד האָט זיין פנים געשמייכלט. כ׳האָב מיך זיכער געפילט אין דער מינוט. מיין „אַגענט אין מיר" האָט ווידער אויפגעלעבט . . . בין איך געזעסן, מיטגעטרונקען, און אויסגעהערט מעקסל׳ס נאַרישע וויצן.

לאָרע האָט מיך נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. ביים טיש האָט זי כסדר זיך נאָכגעפרעגט אויף יעדן פון די אַמאָליקע שאַפ־חברים. פלוצים האָט זי אירע פינגער פאַרשטעקט אין מיינע האָר און זיך געווענדט צו מעקסלען:

— זע נאָר, מעקסל, זיין געדיכטער שוואַרצער קאָפּ האָר... דער מענטש האָט זיך אָסור געביטן.

אַ פייערל האָט זיך באַוויזן אין מעקסל׳ס אויגן. ער האָט אַ נעם גע־טאָן די פלאַש בראַנפן, אָנגעגאָסן אַ פולע גרויסע גלאָז, אַריינגעקערט זי ביז׳ן דעק. תיכף האָט זיין פנים איבער דעם ברעגלאָזן שטערן זיך צעפלאַמט. דער קאָפּ איז מאַכטלאָז אַוועקגעפאַלן אויפ׳ן טיש בעת זיין קורצע פעטע האַלז האָט קאָנוואולסיוו זיך געצאַפּלט. אַ דערציטערטע האָט לאָרע מעקסל׳ס קאָפּ אויפגעהויבן. זי האָט געפרעגט:

— וואָס איז געשען מעקסל? זאָל איך אָפּרופן דעם דאָקטאָר?

— הע־ע... — האָט ער זיך צעלאַכט — דערלאַנג בעסער עסן.

מעקסל האָט געגעסן מיט אַ פולן אַפּעטיט; ער האָט קייענדיק גע־קנייטשט דעם ברעגלאָזן שטערן, און מיט אַמאָל צוגעלאָפן צום שופלאָד, אַרויסגעלעפּט פאַפּירן מיט צייכענונגען, און ער האָט זיך געווענדט צו מיר:

— ביסט דאָך עפּעס אַ מענטש אַ קלוגער, וויל איך אַן עצה האַלטן — נו, יע?!

ער האָט אָװעקגעלייגט דעם גאָפּל־מעסער. די געצייכנטע פּאַפּירן האָט ער אױסגעשפּרייט פֿאַר מײַנע אױגן און כמעט װי באַפֿוילן מיך דאָרטן אַרײַנקוקן.

באמת, האָב איך זיך גאָר נישט געכאַפּט דעם אינהאַלט פֿון די צייכענונגען. לאָרע האָט אַפּנים אױך נישט געװאוסט, דערפֿאַר האָבן זײַערע קינדער װילי און גלעדיס מיט קינדערשע נײַגעריקייט אַ כאַפּ געטאָן די פּאַפּירן און זיך צעשריען:

— קברים! פּאַפּאַ!...

ס׳האַרץ האָט בײַ מיר פֿאַר אַ רגע זיך אָפּגעשטעלט. לאָרע האָט עפּעס געװאָלט זאָגן, נאָר מעקסל האָט שטרענג געבליקט אױף איר אַז ס׳בלוט האָט אָנגעהױבן צו קילן. מיט אַ מאָדנעם שמייכעלע האָט מעקסל גענומען דעם גאָפּל־מעסער, ער האָט אָפּגעשניטן אַ ביסן פֿלייש. קײַענדיק מיט אַ פֿולער מויל אָט ער װי באַפֿוילנדיק זיך געװענדט צו מיר:

— מיר׳ן עסן, און מיר׳ן ריידן!

איך האָב אים געפֿאָלגט; אײַן בליק אױף זײַן צעװילדעװועטן פּנים האָט מיך געצװאונגען צו פֿאָלגן... האָב איך גענומען דעם גאָפּל אין איין האַנט, דאָס מעסער אין דער צװייטער, און ציטערנדיק גענומען אָפּשניידן אַ ביסן מיטן מעסער, האָט מעקסל װידער זיך געװענדט צו מיר:

— ס׳איז טאַקע „קברים", װי דו זעסט... איך האָב עס אײַנגעהאַנדלט בײַ אַ סעמעטערי אַגענט. האָסט באַדאַרפֿט אָנקוקן „ערד"! עס שניידט זיך װי דער בראָטן, װאָס דו — —

דאָס מעסער האָט בשעת מעשה מיט אַ געקלימפּער אָפּגעשפּרונגען פֿון מײַן ציטערדיקער האַנט. ציטערנדיק זײַנען געבליבן מײַנע הענט אײַבערן טיש... כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן פֿונעם שענסטן װעג װי אַזױ פּטור צו װערן. מעקסל האָט עס אַפּנים באַמערקט. מיט זײַן כיטרעזן שמייכל האָט ער מיך אַרומגענומען און ער האָט געזאָגט:

— זע נאָר... זע נאָר װי ער ציטערט... מירן אַלע שטאַרבן!

ער האָט זיך איבערגעבויגן אויפ׳ן טיש צו מיר, מעקסל, מיך אונטערגערוקט די געצייכנטע פּאַפּירן און ער האָט פֿונדאַסניי אָנגעהויבן:

— װי איך האָב דיר געזאָגט איז עס שוין װי געקויפֿט. ס׳פֿעלט בלויז מײַן חתימה — װאָס זאָגסטו? מיר געפֿעלט עס זייער — אָט קוק אַרײַן: דאָ, מזרח, ליג איך... דאָ לעבן מיר — לאָרע. אָט־דאָ פֿון

דיביידע זייטן איז איינס פאַר אונזער ווילי און — —

הער אויף, מערדער דו! — האָט לאָרע זיך צעכליפּעט.

ביידע קינדער האָבן דער מאַמען אַרומגערינגלט מיט אַ געיאָמער, זיך געקלאַמערט אין איר . . . איך בין געשטאַנען אַ דערציטערטער מיט געהויבענע אַקסלען. ערשט אויפ'ן וועג צוריק אַהיים, האָט דער „אַגענט אין מיר" נישט אויפגעהערט צו טענה'ן:

—כאַי וואָלסטו, שלימאַזל, זיך פריער אָפּגעגאָליעט די געדיכטע שוואַרצע האָר צו אַלדע רוחות! ווי איז עס אַ מענטש ניט פאַרזיכטיק; ווי — — ?

# פּענצטער אויף דער עווענױ

נאָך צוויי יאָר מלחמה איז דער הויזן־באַלעבאָס פּעכניק געבליבן אָן באַלמעלאָכעס. עס האָט קיינעם מער נישט געריי̆צט די פולע פּאַליצעס מיט „באָנדלעך" אַרבעט; און ס'האָט נישט געהאָלפן דעם באַלעבאָס גרויסן זיך מיט דעם, וואָס זיין נייער שאָפּ געפינט זיך אַצינד מיטן פּנים צו דער עווענױ. איינציקווייז האָבן זיי אים פאַרלאָזט.

פּעכניק איז ביים פאַך געווען פאַררעכנט פון די אַלטע באַלעבאַטים. זיין באַלעבאַטישקייט האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין יענער צייט, ווען די מערסטע הויזן־שעפּער האָבן זיך נאָך געפונען ביים איסט ריווער. פּעכניק, אַ שוואַך יונג מענטשל מיט אַ פּנים פון אַ פייג — געל און דאַר, האָט אַליין דעמאָלט געהאָט געאַרבעט אין טשערי סטריט, און ער איז ביי דער אַרבעט פלוצים „אויפגעריכט" געוואָרן, אַז מ'האָט אים געמוזט אַוועק־נעמען אין שפּיטאָל און פון שפּיטאָל אין אַ סאַניטאַריום. און ווען פּעכניק איז פון דאָרטן צוריקגעקומען מיט איין לונג פאַרלאָטעט און מיט אַ פאַר־זאָג פון דאָקטוירים: נישט מער צו אַרבעטן ביי דעם פאַך, האָט ער זיך געטראָפן מיטן ווייב'ס אָנקל, מיסטער דראַפּקין, אַן עלטערער מענטש, אַ פאַרזיכערונג־אַגענט, מיט אַן אייגענעם אָפיס אויף דער זיבעטער גאַס. דער אָנקל דראַפּקין האָט דעמאָלט צו אים געזאָגט:

— אויב מיין קינד, טאָרסט אַליין מער נישט אַרבעטן, מעגן אָבער אַנדערע אַרבעטן פאַר דיר . . .

אַזוי, אין אַ פאָטערלעכן טאָן, האָט צו אים גערעדט דעם ווייב'ס קלוגער אָנקל, מיסטער דראַפּקין; און ווי אַ דערפאַרענער געשעפטס־מענטש האָט דער אָנקל בעת מעשה, געציילט זיין יעדעס וואָרט, און דאָס איבעריקע האָט ער דעררעדט מיט די אויגן. דער אָרעמער פּעכניק האָט זיך צוגעהערט מיט אַ מאָדנעם פּנים; מיט אַ פּנים, ווי ער וואָלט אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען. און אפשר האָט ער, פּעכניק, בכיוון נישט געוואָלט פאַרשטיין די קלוגע עצה פון דעם מיסטער דראַפּקין. וואָרום, וואָס הייסט? ער, פּעכניק, אָן אַ פּעני ביים לייב און לעבן, דערצו אַ טאַטע פון צוויי ברעקלעך קינדער, וואָס נויטיקן זיך אַט־שוין, זאָל אַנשטאָט זוכן גלייך צו פאַרדינען, זיך גאָר אַרויסלאָזן אויף ספּעקולאַציעס — „גיין אין ביזנעס"? צי וועט אים אַמאָל געלינגען צו ווערן אַ באַלעבאָס? דערפאַר טאַקע האָט

דער קלוגער אָנקל דראַפּקין מער אַ וואָרט זיינס נישט געלאָזט פאַלן מיט דעם נאַרישן פּעכניק. דער אָנקל האָט גערופן די פּלימעניצע זיינע, און מיט איר האָט ער אָנגעהויבן איינצוקנעלן:

— האָרך מיך אויס, איטע, — האָט דער אָנקל געזאָגט, — דיין מאַן האָט אַ געבענטשטע מלאכה אין האַנט, דיין מאַן מאַכט הויזן; ווייל, פאַר־שטייסטו מיך, מענטשן קאָנען זיך באַגיין אָן אַ קאַפּעליוש. אָן אַ רעקל טרעפסטו מענטשן אין גאַס. אָבער נישט אָן הויזן . . .

מיט יאָרן שפּעטער, ווען דער קלוגער אָנקל איז שוין מער נישט געווען, און פּעכניק האָט געהאַלטן זיין שאַפּ ערגעץ אויף וואָוסטער סטריט, האָט ער נאָך אַלץ גוט געדענקט און פאַר זיינע אַרבעטער אָפּט דערמאָנט דעם קלוגן אָנקל'ס ווערטער, מיט יעדן „באַנדל" אַרבעט וואָס איז אַריינ־געקומען אין שאַפּ — און אַריינגעקומען איז גענוג, איבערגענוג.

וואָס אמת איז אמת, דער באַלעבאָס פּעכניק האָט זיינע באַלמעלאָכעס נישט געקליבן, ווי אַלע אַנדערע באַלעבאָטים האָבן אַ טבע צו טאָן. אַליין אַ מענטש אַ שוואַכער, האָט ער שטענדיק געהאַט איינזעעניש, געפילט אַ נאָענטקייט צו די עלטערע און שוואַכערע; אינעם שפּעטן מאָרגן, שוין נאָכן יאַריד פון דעם אַוועקשיקן באַלמעלאָכעס צו דער אַרבעט, פלעגט פּעכניק זיך באַווייזן דאָרטן אין דער „לייבאָר ביוראָ", אויסזוכן אַן אַרבע־טער אַן איבערגעלאָזטן, אַ יאוש'דיקן:

— ווי, איר האָט טאַקע נישט קיין „דזשאַב"? איר ווילט גיין מיט מיר, האַ?

אַזוי פלעגט פּעכניק יענעם אויפמונטערן . . . און ווען יענער, אַ שווייגנדיקער, האָט געקוקט מיט ביטול צו אים, האָט פּעכניק אים אַ טאַר־קע געטאָן גוטברודעריש, און בפירוש אים דערקלערט, אַז ער מוז אים האָבן צו דער אַרבעט! און גוט וועט אים זיין! . . . ס'איז אָבער אויך אמת, אַז דער באַלעבאָס פּעכניק האָט צו דעם עסק גאָרנישט צוגעלייגט; דער געשעפט איז פאַמעלעכקע געוואַקסן, אַזוי דער באַנק־בוך. און ער אַליין איז תמיד אַרומגעגאַנגען מיט ליידיקע הענט און גע'חכמה'ט זיך:

— אָט זעט, פולע פאַליצעס מיט הויזן צו מאַכן . . . דער אָנקל מיי־נער . . . אַ חכם — אַי־אַי־אַי . . .

גע'חכמה'ט האָט ער זיך אין זומער־צייט, ווען אין שאַפּ ביי אים האָבן מענטשן זיך געבאָדן אין זייער שווייס, פלעגט ער, פּעכניק, אַרומ־שפּאַצירן אין זיינע לויזע זומער־בגדים און זיך חכמה'נען, אַז דווקא ביי אים אין שאַפּ איז דער קילסטער פלאַץ. אַפילו די וואַסער אין קראַן

פרירט . . . ווינטער־צייט, ווען דער דרויסן האָט געפרירט, פלעגט ער אויסוואַקסן ביים געשטעל און זאָגן אין דער וועלט אַריין:

— ס'איז דאָ וואַרעם, אַ מחיה . . . אַי אין דרויסן . . . אַי־אַי־אַי . . .

צו דעם פוס־פּרעסער, זאַלודע, זיין אַלטן פריינט, האָט ער געזאָגט:

— געדענקסט ביים בלינדן ווישניק אין טשערי סטריט? אַי האָבן מיר דאָרטן געפרירט! אַי־אַי־אַי! . . .

יאָרן זיינען אַוועק. אַרבעטער אין שאָפּ האָבן זיך געביטן. אָבער נישט דער באַלעבאָס פּעכניק. מיט פאַרלייגטע הענט האָט ער געהאַלטן אין איין חכמה'נען זיך . . . צו וואָס זאָל ער אַרבעטן? ס'איז דען נויטיק? ווידער, ס'איז דען געווען אַ ליידיקער בענקל אין שאָפּ? . . . און אַצינד?

אַצינד, זינט אַמעריקע איז אַריין אין קריג, האָט די לאַגע דאָרטן אין פּעכניק'ס שאָפּ אינגאַנצן זיך געענדערט — צום ערגערן: פון די אינגערע באַלמעלאָכעס זיינע, האָבן די מערסטע אים פאַרלאָזט; אַוועק זוכן בעסערע גליקן. די עלטערע זיינען עלטער און שוואַכער געוואָרן און אָנגהויבן צוצוקרענקען.

אין איין פרימאָרגן האָט אויסגעפּעלט צו דער אַרבעט דער איטאַליענער קעשענע־מאַכער מאַזיני. און, אויב אָט־דער מאַזיני האָט אויסגעפּעלט, זיינען די צוזאַמענגנייערס געזעסן אָן אַ שטאָך מלאכה. און גאָר פּלוצים האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף עטלעכע וואָכן אין שפּיטאָל דער געזעס־פּאַרנייער, בערושקע, אַ קורץ, דאַר מענטשל, מיט אַן אויפגעבלאָזענעם בויך, ווי אַ קעסל־פּויק, פריער מיט איין אָפּעראַציע, נאָכדעם מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, מיט אַ צווייטער אָפּעראַציע, ווי איצט, מלחמה־צייט, וואָלט געווען די פּאַסיקע צייט פאַר דעם. און אויב עס איז ווינציק געווען וואָס דער באַלעבאָס פּעכניק, אַליין אַ שוואַכינקער, מיט דעם פאַרלאַטעטן לונג, האָט געמוזט זיך אַוועקזעצן ביים ניי־מאַשין צוגלייך מיט אַלעמען, אום אויסצופילן דעם געזעס־פּאַרנייערס ליידיקן פּלאַץ, איז איבער נאָכט נישט געוואָרן דעם באַלעבאָס פּעכניק'ס אַלטער פריינט, זיין עלטסטער באַלמעלאָכע — דער פוס־פּרעסער זאַלודע.

די פּלוצלינגדיקע נייעס פון זאַלודע'ס טויט, האָט פּעכניק'ן געטראָפן אין סאַמע האַרצן. און ווי דער אמת, ווען ניט איצט, מלחמה־צייט, וואָלט ער, פּעכניק, אָן אַ שום קווענקלעניש, צוגעשלאָסן דעם שאָפּ, און ער מיט די אַרבעטער וואָלטן זיך באַטייליקט אין זאַלודע'ס לוויה. אַזוי האָבן טאָקע געפּאָדערט אַ קאָמיטעט פונעם שאָפּ: דער אונטער־פּרעסער פּאָגל,

זאַלודע׳ס לאַנג־יאָריקער שכן ביים פּרעס־מאַשין, האָט זיך גלייך געזען מיט דעם בענד־נייער חייקין, זיי, צוזאַמען מיט דעם שאַפּ־פאָרשטייער טשיקי, דער איטאַליענער, זיינען אַוועק אין אַ קאָמיטעט צום באַלעבאָס וועגן אָט־דעם ענין, דער באַלעבאָס האָט זיך צוגעהערט און געשוויגן: אַפּנים ער האָט צוגעשטימט.

אַזוי, און נישט אַנדערש האָט דער קאָמיטעט אים פאַרשטאַנען. וואָס דען?

נאָך אַלעמען האָט דאָך דער פאַרשטאָרבענער זאַלודע דעם באַלעבאָס טריי געדינט פונעם ערשטן טאָג, זינט פון פּעכניק׳ס באַלעבאַטישקייט; און ווי דער פאַרשטאָרבענער זאַלודע האָט אָפּט איבערגעגעבן, פון נאָך פריער — ווען ער מיט דעם באַלעבאָס האָבן צוזאַמען געאַרבעט ביים באַלבאָס ווישניק אין טשערי סטריט, וואו פּעכניק איז דעמאָלט ביי דער אַרבעט פלוצים אַוועקגעפאַלן, און ער, זאַלודע, איז געווען אָט־דער, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזט, געהאָלפן אים אין אַלע זיינע נויטן — יאָ, און איצט?

איצט האָט עס אָבער אַלץ פּאַסירט ווי פּעכניק׳ן אויף להכעיס: פּונקט ווען ער, פּעכניק, האָט זיך צו דער מלחמה צוגעגרייט מיט אַ נייעם פאַרגרעסערטן שאַפּ, מיט פענצטער אויף דער עוועניו צו אַרבעטן דאָרטן מלחמה־אַרבעט! אמת, מלחמה־אַרבעט מאַכט ער דווקא נישט. אָבער דער פאַקט: דער נייער פאַרגרעסערטער שאַפּ איז סיי־ווי אָנגעפילט מיט „באַנדלס״ אַרבעט, גאַנצע בערג ווי די פּיראַמידן, מיט שפּיצן וואָס דערגרייכן ביז צום סטעליע; און ווי אויף להכעיס, האָט אַלץ פּאַסירט, ווען די מאַנופעקטשורערס לאָזן דעם אָרעמען קאָנטראַקטאָר־באַלעבאָס נישט רוען.

— ווילסט מער געצאָלט? נעם און מאַך די אַרבעט! — טענה׳ן זיי. און ער, דער באַלעבאָס, גייט נעבעך אַרומעט אַ ציטערנדיקער און ציילט די ליידיקע בענקלעך, וואָס מערן זיך מיט יעדן טאָג. אדרבה! זאָל אים זאָגן דער שאַפּ־קאָמיטעט: אַ שטייגער, וואו זאָל ער איצט נעמען אַ פּוס־פּרעסער, וואו?...

— כ׳וויס? — האָט פּעכניק געצויגן מיט די שמאָלע אַקסלען, — כ׳וויס? אַרבעט — איבערן קאָפּ... הערשל דער פּוס־פּרעסער איז אַוועק, איצט נעמט ער און שטאַרבט, — וואָס?...

— איך האָב געזען הערשלען, ביי מלחמה־אַרבעט, ביי די געלער

בראָדערס געפינט ער זיך, — האָט דער שאַפּ־פאָרשטייער טשיקי געזאָגט.

— און איך האָב אים אויך געזען, — האָט זיך אָפּגערופן חייקין, — ער וואָלט צוריקגעקומען אַרבעטן, ווען — —

— האַ־האַ! ווען איך וועל אים דערלייגן מער געלט, מיינסטו?! וואָס מלחמה — ווען מלחמה? גיב זיי געלט! שטאָפּ זיי אָן!... — האָט פּעכניק זיך אויפגעדרייט פאַר כעס.

חייקין האָט דעם באַלעבעסל, דעם אויפגעדרייטן, אָפּגעמאָסטן מיט דעם אויג און ער האָט געלאָסן געפרעגט:

— און איר וואָס טוט?...

פּעכניק איז געבליבן געפּלעפּט, ווי ער וואָלט זיך נישט געריכט אויף אָט־דעם דירעקטן אָנגריף פונעם אַרבעטער זיינעם, וואָס איז געקומען אַזוי פּלוצלינג. אין אַ ווײַלע אַרום, ווען פּעכניק האָט אָנגעהויבן צו באַ־גרייפן וואָס ס'שטעקט אין חייקינ'ס געציילטע ווערטער, האָט דער פייגע־נער פּנים ביי אים, וואָס איז שטענדיק געל געווען, זיך באַצויגן מיט רויט, בלוט־רויט! מיט גליענדיקע, אָנגעשפּיצטע אויגן האָט ער פון דאָס ניי אָנגעהויבן צו באַטראַכטן דעם אָרעמען נפש אָנגעטאָן אין טראַנטעס מיטן גרויען פאַרוואָקסענעם פּנים, וואָס האָט געוואַגט אים, דעם באַלעבאָס פון אָט־דעם גרויסן שאַפּ, אַזוי אָפּצופּייערן. זשיפּענדיק האָט ער געענטפערט:

— איך?... פרעגסט וואָס איך טו פאַר דער מלחמה? מיין איי־דעם איז שוין אַ יאָר אין איטאַליע אויפן שלאַכטפעלד. און מיין אינגסטע טאָכטער — —

— האָט זיך פאַרשריבן אין דער אַרמיי פאַר דינסט, — ווילט איר זאָגן, זייער פיין! — האָט געלאָסן חייקין אים אַרויסגעהאָלפן, — וואָס איך וויל אָבער וויסן: צי איר קריגט נישט מער געצאָלט פאַר דער אַרבעט טאַ־קע צוליב דער מלחמה? — מיסטער פּעכניק.

— דאָס איז מיין געשעפט! און דו שטופּ ווייניקער דיין נאַרישע נאָז, איך וועל זי אָפּבייסן! — האָט פּעכניק זיך געדרייט ווי אַ שלענגל.

דער שאַפּ־פאָרשטייער טשיקי האָט געפּרוּווט זיך אַריינמישן, אָבער חייקין האָט אויף גיך זיך אויסגעדרייט; ער האָט צוזאַמענגעקליבן זיינע אַרבעט־מכשירים, און האָט איבערגעלאָזט פּעכניקן זיין נייעם פאַרגרע־סערטן שאַפּ מיט נאָך אַ לײדיקן בענקל...

# נאָכן סעזאָן

סוף יאַנואַר האָט ביים פּאַרבער־פּאַך זיך געהאַט אײנגאַנצן אויסגע־לאָזט די אַרבעט. פּאַרבער, וואָס זיינען ערשט מיט אַ חודש צוריק געווען באַשעפטיקט פולע וואָכן נאָך מיט אַ זונטיק אַריבער, האָבן איצט, ווי יעדן יאָר אין דער צייט, זיך אַרומגעדרייט שלינג און שלאַנג. דער פּאַרבער־באַלעבאָס גוטמאַן, אַ מענטשל אַ דרייער, וואָס האָט קיינמאָל אַ וואָרט אמת נישט געזאָגט און האָט אין סעזאָן יעדן פון זיינע צוועלף אַרבעטער צוגע־זאָגט גליקן: ער האָט אין קעשענע באַהאַלטן אַ שטאָטישן קאָנטראַקט צו פּאַרבן שולן, שפּיטאָלן, און תיכף נאָך ניי־יאָר, ווען עס פּאַרענדיקט זיך די געוויינלעכע אַרבעט, וועלן די אַרבעטער זיינע ערשט אָנהויבן אַ נייעם סעזאָן ביי אים — גוטמאַן האָט איצט אַלצדינג פּאַרגעסן. ער האָט גאָר געזוכט ווי גיכער פּטור צו ווערן פון די נאַאיווע אַרבעטער, וואָס לאָזן אים נישט אָפּ.

ס׳איז געווען אַרום אַכט אינדערפרי. אין קעלער־צימער פונעם פּיל־באַוואוינטן אַפּאַרטמענט־הויז ביים דראַיוו איז געווען וואַרעם און ליכטיק. פּאַסן פּרימאַרגנדיקע ליכט האָבן זיך אַריינגעריסן דורך די האַלבע נידע־ריקע פענצטער. אויפן טונקל־שטיינערנעם דיל זיינען געווען אָנגע־שטעלט פּאַרשיידענע פּאַרבן אין טעפּ און אין עמערס, וואָס דער באַלע־באָס גוטמאַן האָט מיט אַ טאָג פריער צוגעגרייט פאַר אַ טאָג אַרבעט ביי די איינוואוינער אויבן. דער דרייסיק יאָריקער דזשעק, אַ הויכער, אַן איבער־געוואַקסענער מיט אַ געבויגענער פּלייצע, וואָס האָט גאָרנישט געשטימט מיט זיין יונגן פּנים, האָט נאַכלעסיק זיך געפּאָרעט מיט דעם פון פּאַרב־פּאַרשמירטן לייטער, וואָס האָט צוליב אַלטקייט נישט געקאָנט איינשטיין ווי געהעריק. און ענדלעך ווען ער האָט גענומען צונויפקלייבן די בויטיקע פּאַרבן, האָט ער פּלוצים פּאַר זיך דערזען איינעם פון גוטמאַנ׳ס באַלמעלאָ־כעס, דעם רויטן סעמקע, מיט די אַרבעט־קליידער אין דער האַנט. א ווייל זיינען זיי ביידע געבליבן אָן לשון. דזשעק האָט מיט חידוש געפרעגט:

— דו, סעמקע? ווי קומסטו אַהער?

סעמקע׳ס געשפּרענקלטער פּנים האָט מיט אַ רויטקייט זיך פּאַרצויגן. מיט האַלב־צעעפנטע אויגן האָט ער אַ בייזער געקוקט אויף אים, ווי מ׳קוקט אויף אַ שונא, וועלכן ער קלייבט זיך באַלד צו באַפאַלן. מיט פאַר־ביסענע ליפּן האָט סעמקע דערקלערט:

— זיי וויסן, דזשעק! גוטמאַן האָט מיך אַהער געשיקט צו מאַכן דעם־אָ טאָג אַרבעט. און איך וועל עס מאַכן, נישט דו!

ער איז געווען בייז, דערצאָרנט, דער רויטער סעמקע. טרערן זיי־נען ביי אים אַזש געשטאַנען אין די אויגן פון פאַרדראָס, וואָס ער, שוין אַ מענטש אין די יאָרן, אַן אַלטער באַלמעלאָכע, האָט זיך געלאָזט נאַרן פון זיין באַלעבאָס, דעם דרייער, וועלכער האָט אים מיט שווינדלערשע ריידע־לעך אַוועקגענומען פון אַ גוטן פּלאַץ. ער האָט דאָרט יאָרן געאַרבעט ווי אַ מענטש, איז געקומען גוטמאַן און אים צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן פון וועלכע ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

דער הויכער איבערגעוואַקסענער דזשעק האָט דעם מענטשן מאָדנע אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען דער רויטער סעמ־קע האָט זיך אַהער דערנומען, ווען דער זעלביקער באַלעבאָס האָט גאָר אים געשיקט אַהער. ער האָט נאַאיוו געפרעגט:

— ביזט זיכער, סעמקע, אַז דער באַלעבאָס האָט דיך אַהער געשיקט פאַרן טאָג אַרבעט, נישט מיך?

סעמקע האָט מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגערוקט פון אים, ווי ער וואָלט דזשעק'ן איגנאָרירט. ער האָט זיך אַ שווייגנדיקער פאַרקליבן אין אַ ווינקל פונעם צימער, אויף גיך זיך איבערגעטאָן אין די אַרבעט־קליידער, און האָט געפרואווט צונויפקלייבן די פאַרבן פונעם דיל. דזשעק האָט געזאָגט:

— ווייסטו וואָס, סעמקע, מיר וועלן ביידע מאַכן די אַרבעט. וועט זיין אַ פּאָר שעה וויניקער —

— ניין! — האָט סעמקע געשפּיגן מיט פייער, — איך דאַרף נישט קיין שותפים פאַרן טאָג־אַרבעט! איך קען עס מאַכן אַליין אָן דיר!

— אַזוי גאָר? דו ווילסט נישט?! — האָט דער הויכער דזשעק גע־לאַסן געזאָגט, — נו, אויב אַזוי, וועלן מיר זען . . .

ער האָט אַ צי געטאָן זיינע לאַנגע הענט איבערן דיל, וואו די פאַרבן זיינען געווען אָנגעשטעלט, אַ נעם געטאָן עטלעכע עמער פאַרבן אין איין האַנט, און דעם פון פאַרב־פאַרשמירטן צעפּאָרענעם לייטער מיט אַנדערע פאַרב־מכשירים אין דער צווייטער האַנט און זיך אַ לאָז געטאָן צום עלע־וועיטאָר. דער רויטער סעמקע, איצט אינגאַנצן אַן אָנגעצונדענער, האָט פלאַמענדיק זיך אָקעגנגעשטעלט; קלאַמערנדיק זיך בעת מעשה מיט די הענט אין די פאַרב־מכשירים מיט פאַרקריצטע ציינער:

— דזשעק! — האָט סעמקע געברומט מיט אַ חיה'יש קול, — וועסט מער אַ טראָט נישט טאָן — הארכסט! אַ קאָפּ וועט דאָ געלייגט ווערן!

דו האָרכסט ?!

ציטערנדיק מיט זיינע אַלע אבֿרים, ווי אַט דער ענין פֿונעם טאָג־אַר־בעט זאָל אים גיין אין לעבן, האָט דער רויטער סעמקע זיך אַלץ מער איינ־געקלאַמערט אין די פֿאַרב־מכשירים, וואָס זיינען געווען ווי צוגעפּרעסט צו דזשעק׳ס שטאַרקע אָרעמס. אויך דזשעק, אַ מענטש אַ געלאַסענער מיט אַ גראַדן שכל, האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן פֿאַרלירן ס׳געדולד:

— לאָז בעסער אָפּ, סעמקע! — האָט דזשעק אים געוואָרנט.—אויב דו ווילסט, טאָ קום מיט מיר מאַכן די אַרבעט. אַ סוף זאָל ס׳נעמען!

ער האָט געוואָרט. דער זינלאָזער קאַמף פֿאַרן טאָג־אַרבעט האָט אים שוין מער ווי דערעסן, און ער האָט באמת געוואָלט דורכקומען מיט סעמ־קע׳ן. אָבער דער רויטער סעמקע, אַ מענטש בטבע אַ פֿאַרביטערטער און נישט אינגאַנצן קיין געזונטער, האָט אויף אַ האָר נישט געוואָלט נאָכלאָזן. ברומענדיק ווי אַ חיה, האָט ער זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף דזשעק׳ס געבוי־גענער פּלייצע, זיך פֿעסט איינגעקלאַמערט אין זיין נאַקן.

— איצט גיי . . . — האָט סעמקע גאַליק געשיפּעט — נו, פֿערד איי־נער! . . .

ס׳בלוט האָט דזשעק׳ן אַ זעץ געטאָן צום פּנים. ער האָט אַ טרייסל געטאָן מיט די אָרעמס, צענומען זיינע לאַנגע הענט, און מיט אַמאָל האָט סעמקע מיט אַ היסטעריש געשריי אַ פֿאַל געטאָן צום שטיינערנעם דיל, אויף אים — די אַלע פֿאַרב־מכשירים . . .

ווי אַ געטרייער חבֿר האָט דזשעק אין דער רגע צום דיל זיך אַראָפּ־געלאָזט, אונטערגעהויבן סעמקע׳ס קאָפּ פֿון די איבערגעקערטע עמערס פֿאַרבן. ער האָט גענומען ס׳העמד זיינס, געטונקט אין וואַרעם וואַסער מיט זייף און סעמקע׳ן ס׳פּנים געוואַשן, נאָכדעם איז סעמקע אַ מידער, ווי נאָך אַ שלאַכט, געפֿאַלן שלאָפֿן אויפֿן דיל.

ער האָט זיך באַלד אויפֿגעכאַפּט, מיט אַ מין אַ היסטערישן שלוכצן. צי דאָס איז געווען פֿון פֿאַרדרוס, וואָס ער האָט נישט אויסגעפֿירט, צי פֿון חרטה . . . דזשעק איז חבֿר׳יש געזעסן לעבן אים, דעם קאָפּ אים געגלעט און אים געלאָזט זיך איינשטילן. און ווען סעמקע האָט מיטאַמאָל זיך אויפֿ־געהויבן און זיך געמאַכט גרייט אַוועקצוגיין, האָט דזשעק אים פֿאַרהאַלטן און צו אים געזאָגט:

— בלייב מיט מיר, סעמקע. אַ מכה וועט גוטמאַן אויספֿירן. אַט־דאָס וויל ער דאָך; ס׳איז נאָכן סעזאָן, צו וואָס דאַרף ער אונדז? וועסט בלייבן מיט מיר, סעמקע?

סעמקע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יע.

# אַ געשפּרעך

שפּעט אַרום האַלבע נאַכט האָבן די קראָמען אויף טרימאָנט עוועניו זיך גענומען צושליסן. ס'איז געווען ערב די קריסטלעכע יום־טובים. מענטשן מיט אַן איבעריקן דאָלער אין קעשענע האָבן דעם טאָג באַלאַגערט די קראָמען, זיך געשטויסן ביז שפּעט ביינאַכט. מיסטער העריס, אַ בכבוד־איקער געשעפטס־מענטש, אַן אייגנטימער פון אַ היפּשן פּרוכט־מאַרקעט, האָט קוים געהאַט גע'פּטר'ט דעם לעצטן קונה. אין געאייל האָט ער אויס־געדרייט די דרויסנדיקע ליכט, כדי נישט צו זיין געשטערט אין זיין גע־שפּרעך מיט דער שכנה, די אַלמנה מיסעס לעווין.

אייגנטלעך האָט ער מיט דער מיסעס לעווין נישט נאָר נאָך נישט אָנ־געהויבן דעם געשפּרעך, נאָר אַפילו נישט אָנגעהויבן צו וויסן ווי אַזוי מען הייבט בכלל אָן ריידן צו אַ שכנה, וועלכע ער קאָן בלויז פאַר זיינס אַ קונה. און ווי דער אמת, האָט ער אַצינד, ווען די מיסעס לעווין איז גרייט געווען צו הערן זיין פאַרלאַנג, זיך שטאַרק גע'ישוב'ט, צי זאָל ער אָנהייבן פאַר איר דערציילן פון זיין פּריוואַטן לעבן, פון אַ ענין, וואָס ער האָט זיך אויס־געהיט צו ריידן גאַנצע דרייצן יאָר, פון זינט זיין געטרייע פרוי נעכע איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אים אויף די הענט צוויי ברעקלעך יתומים־מיידלעך; און ער, דעמאָלט נאָך אַן אָנפאַנגער, אַן אומבאַוואוסטער פּרוכט־קרעמער ערגעץ אויף פּראָספּעקט עוועניו.

איצט אָבער, מיט דרייצן יאָר שפּעטער, האָט די לאַגע בכלל ביי אים אינגאַנצן זיך געביטן צום בעסערן: פון זיין אָרעמען פּרוכט־קרעמל איז אויסגעוואקסן דער שענסטער פּרוכט־געשעפט אויף דער עוועניו. אויך פון זיינע צוויי יתומים, פאַרנעמט די עלטערע טאָכטער ראָזע, אַ פאַראַנט־וואָרטלעכע שטעלע ביי דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. און די יונגסטע פּעי איז אַ מיידל אַ ברען, וועלכע פאַרדרייט ביי די בחורים די קעפּ און אויף וועלכער ער קאָן זיך שוין פאַרלאָזן. האָט ער גענומען זיך אַליין אַרומ־זען . . . און פון אַלע באַקאַנטע פרויען איז אים געפעלן געוואָרן די שיי־נע אלמנה מיסעס לעווין, וועלכע האָט געוואוינט צוזאַמען מיט איר ערשט־פאַרהייראַטער טאָכטער נישט ווייט פון אים. אָבער ווען ס'איז געקומען צו ריידן מיט איר וועגן דעם ענין, האָט ער זיך גאַרנישט געפילט היימיש. ווייל, פאַרשטאַנען האָט ער, אַז ווי ווינציק ער קאָן די דאָזיקע פרוי, ווייסט

ער און פילט, אַז צו איר דאַרף ער ריידן מער אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט.

האָט ער זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרטראַכטער, מיסטער העריס, איבער דעם אָנגעטראָטענעם דיל פון זיין פּרוכט־מאַרקעט און זיך קיין אָרט נישט געפונען; ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט די אָנגעהאָרעוועטע הענט ווי אַ פּאָר בייטשן, און נישט געהאַט וואוהין זיי אַהינצוטאָן. האָט ער פון פאַרצווייפלונג זיי פאַרשטעקט טיף אין די ברוסט־קעשענעס פון זיין ווינטער־דיקער קורטקע, בעת דאָס פון ווינט פאַררויטיקט פּנים מיט די טיפע מויל־ווינקלען, האָט איצט נאָך טיפער זיך געקאַרבט, ווי זיינע דריי און פופציק יאָר וואָלטן פלוצים זיך אָפּן צעלייגט איבער זיין גאַנצן פּנים ביז אַריבער דעם שטערן אונטער דער קעפקע. אַ ווײַלע אַזוי האָט ער זיך אַרומגעדרייט מיט געצוימטע טריט און איז אויף זיך אַליין געווען בייז פאַר זיין הילפלאָזיקייט, און זיך געשעמט פאַר דער מיסעס לעווין, וועלכע איז דווקא געזעסן אַ רואיקע מיט צעעפנטע אויגן און האָט געדולדיק געוואַרט. ענדלעך האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז שטיין געבליבן קעגן איר וואו זי איז געזעסן און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט דער פּלייצע אינעם פּרוכט־געשטעל, האָט ער פּאַמעלעך אָנגעהויבן ריידן:

— איך האָב געבעטן אייך, מיסעס לעווין. איך וויל ריידן צו אייך. איר קענט העריס׳ן נישט פון היינט — אַ — יאָ? איר פאַרשטייט . . .

ער איז שטיל געבליבן, מיסטער העריס. ס׳לשון האָט ווידער זיך פאַרהאַקט ביי אים. איז ער געשטאַנען קעגן איר אַ פאַרהאַרטעוועטער, כמעט אַ בייזער אויף זיך און אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס ער, דער גרויסער געשעפט־מענטש, מיט אַ מויל צו אַלעמען, געפינט זיך אַצינדערט אַ פאַרשטומטער פאַר דער־אָ קליינער שוואַכער פרוי. אין דער זעלביקער צייט האָט אים די איצטיקע שווערע לאַגע אינטריגירט, געדייצט און געמוטשעט אים מיט איין און איינציקן פאַרלאַנג: ריידן צו איר, זיך היימיש מאַכן.

און זי, מיסעס לעווין?

איר איז דווקא געפעלן געווען, וואָס מיסטער העריס, אַן אייגנטימער פון אַזאַ גרויס געשעפט, האָט געפונען פאַר וויכטיק זי איינצולאַדן אַהער פאַר אַ געשפּרעך; די צוואַנציק יאָר אַרבעט אין שאַפּ, ציטערנדיק גאַנצע טעג צי עפּעס, חלילה, איז נישט געשען מיט איר פּענעלע, וועלכע זי האָט יעדן פרימאָרגן איבערגעלאָזט ביי פרעמדע מענטשן, דאָס, מיט איר גאַנצן עלנט לעבן, האָט איצט צו אירע זעקס און פערציק יאָר, שווער זיך

געלאָזט פּילן. איצט, ווען איר פּענעלע, וועמען זי האָט מיט אַ שווערן געמיט אויפגעהאָדעוועט, האָט שוין חתונה געהאַט, איז זי, די מאַמע, סיי־ווי אַ איבעריקע אין שטוב. וועגן דעם מיסטער העריס האָט זי גאַנץ ווייניק געטראַכט. דאָך איז איר געווען געפעלן זיין הילפלאָזיקייט. זי האָט כלומרשט נאַאיוו געזאָגט:

— איר זעט, מיסטער העריס, איך בין זייער געדולדיק. זאָגט אָבער, וואָס אַזוינס איר ווילט רײדן מיט מיר? זאָגט, שעמט זיך נישט.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן איבער זיין פאַר־רויטיקטן פּנים. פאַר פרייד האָט ער אַ נעם געטאָן אַ קאַסטן פול מיט פּרוכט און אויף דעם זיך צוגעזעצט נאָענט צו איר. פריידיק האָט ער איצט געזאָגט:

— גערעכט, מיסעס לעווין, גערעכט. טאַקע צו וואָס? מיר זיינען ברוך־השם, שוין מער נישט קיין קינדער — איר הערט!? עס פעלט מיר גאָר נישט, ברוך־השם, זאָג איך אייך! איר קוקט אָן אַ געשעפט? און מיינט נישט, אַז אַזוי בין איך אַ „געבראָכענער מעמבער״ . . .

ער האָט זיך איצט צערעדט פון זיין פאַרמעגן אין באַנק . . . איר איינגערוימט אַ סוד: וויפיל דער דאָזיקער פּרוכט־געשעפט ברענגט אַריין ריינעם פאַרדינסט, וואָס אויב נאָר זי שטימט צו, קאָן זי אויפצומאָרגנס נאָך דער חתונה ווערן אַ גלייכער שותף; ער האָט אַצינד זיך צערעדט מיט אַלע זיינע אברים: געפאָכעט מיט די הענט און צוגעסטוקעט מיט אַ פוס, אויף זיין שטייגער, ווי ער וואָלט אינגאַנצן זיך פאַרגעסן פאַר וועמען ער רעדט . . . זי האָט אים פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— און אייערע קינדער? איר האָט דאַכט מיר, צוויי דערוואַקסענע טעכטער, נו? . . .

— מיינע טעכטער זיינען ברוך־השם פאַרזאָרגט! — האָט מיסטער העריס מיט פאַראיבל זיך אַ כאַפּ געטאָן, — איך פאַרמאָג גענוג פאַר אַלע־מען, פאַר אַלעמען! . . .

ער האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט, אַז ער פאַרמאָגט און פאַרמאָגט, דער־ביי מיטן פויסט זיך געקלאַפּט אין האַרצן אַז ער זאָגט אמת. און כדי צו באַשטעטיקן זיינע רייד, האָט ער זיך געכאַפּט ביי דער בוזים־קעשענע, וואו ס׳בייטל מיט געלט איז געלעגן. איינצייטיק האָט ער פאַר איר גע־מאָלן אַ לעבן פון רייכטום און קאָמפאָרט; אַ לעבן, וואָס האָט זיך איר קיינמאָל נישט גע׳חלומ׳ט.

מיט צעעפנטע אויגן האָט זי פאַרטראַכט געקוקט פון איבער דעם פּרוכט־געשטעל — אויפן וואַנט דאָרט, וואו ס'איז געהאַנגען אַ בילד פון דער זוניקער קאַליפאָרניע מיט געפּאַקטע פולע פּרוכט־ביימער מיט אַרו־מיקן גרינעם לאַנדשאַפט; זי האָט געטראַכט פון איר ערשטן מאַן, פון איר יוגנט־געליבטן פאַלק, וואָס איז אַזוי יונג אַוועקגעריסן געוואָרן פון איר און איז געווען אַזאַ אידעלער, אַזוי אַנדערש . . .

זי האָט געלאָזט אים זיך אויסריידן און דערנאָך אים אַ פרעג געטאָן:

— מיינט איר, מיסטער העריס, שפּעטער נאָך דער חתונה צו וואוי־נען צוזאַמען מיט אייערע טעכטער? צי . . . צי . . .

ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף און זי אָנגעקוקט מיט אַ פּנים, ווי ער וואָלט געהאַט שטאַרק פאַראיבל, וואָס זי, אַ פרעמדע, וואַגט גאָר צו דערמאָנען די קינדער זיינע, וואָס ער האָט זיי אויף זיינע הענט געהאָדע־וועט.

זי האָט פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן, זיך פריינטלעך געזעגנט און איז אַוועק אַהיים.

# פאַרבענקט

אַ זוניקער נאָוועמבער־טאָג האָט זיך געשפּרייט אויף וואַלד און פעלד. עס איז געווען אַ זונטיק אינדערפרי. דער „סטעיט־ראָוד" זעכצן, וואָס פירט פון וואַשינגטאָן־בריק עטלעכע צענדליק מייל צום קינדער־קעמפּ „ליכט", האָט איצט גערוט. דער פערצן־יאָריקער דעיווי, אַן אַנטוויקל־טער בחור'ל מיט אַ פאַר'חלומ'טן פּנים, האָט געהאַלטן אין שפּאַנען אויפן שליאַך צוזאַמען מיט זיין שול־חבר סאַלי. ביידע — מיט יונגע פיס, האָבן ווי דער ווינט פריי זיך געטראָגן איבער דעם שטילן וועג צו זייער באַ־ליבטן קעמפּ, וואָס זיי האָבן פאַר היינט אינעם פרייען טאָג זיך אויסגע־קליבן צו באַזוכן.

אין גאַנצן איז ערשט עטלעכע חדשים, זינט דעיווי איז צוריקגעקומען פון דאָרטן, וואו די מאַמע זיינע עטל, אַן אַלמנה, האָט פון איר אַרבעט אין שאַפּ צונויפגעקליבן די נויטיקע פאַר דאָלער און איר דעיווי'ן ס'ערשטע מאָל געשיקט דעם זומער אויף וואַקאַציע. געפאָרן איז דעיווי אַהין בלויז אויף עטלעכע וואָכן, אָבער פאַר דעם עלנטן אינגל, וועלכן ס'האָט געפעלט די צערטלעכקייט פון אַ טאַטן און פון אַ מאַמע, וועלכע האָט געאַרבעט אין שאַפּ, זיינען די עטלעכע וואָכן קעמפּ־לעבן גענוג געווען פאַר אים, ער זאָל בענקען. די מאַמע זיינע האָט צוליב איר אינגל'ס פאַרבענקטער נאַטור גענוג געליטן סיי אינעם פרימאָרגן ווען זי האָט באַדאַרפט גיין אין שאַפּ, סיי יעדעס מאָל, ווען ער האָט באַדאַרפט בייטן אַ קלאַס אין שול מיט זיין באַליבטן לערער. איצט, זינט דעיווי איז צוריקגעקומען פון קעמפּ, האָט ער נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך אַלץ און נאָך אַלעמען, און דער־ציילט האָט דעיווי פון דאָרטן וואונדערלעכע פאַנטאַסטישע מעשיות — דאָס, וואָס נאָר זיין פאַרבענקטער מוח האָט געקאָנט אויסטראַכטן.

זיין שול־חבר סאַלי, אַ פעטינקער בחור'ל מיט אַ פּוכקן, רונדיקן פּנימ'ל, וועלכער האָט ליב געהאַט צו הערן אַזוינע מעשיות, און אַליין ווי אַן אַוואַנטוריסט בעמען אַן אַנטייל, האָט איצט געבן זיך צוגעהערט וואָס דעיווי האָט אים דערציילט פון דעם וואונדערלעכן קעמפּ. באַגינען האָט דאָס בחור'ל זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פּנים ווי ער וואָלט פאַרשלאָפן אַ וויכטיקע געשעעניש. אויף גיך האָט ער זיך פאַרסטרויעט אין זיינע זו־מערדיקע „הייק"־מלבושים, וואָס זיין מאַמע האָט געהאַט פאַרשטעקט אין קליידער־שאַפע. בגנבה, אין דער שטיל, מיט אַ שטיק ברויט פאַררוקט

טיף אין טאָרבקע, האָט ער פון שטוב זיך אַרויסגעשאַרט זיך גיכער צו טרעפן מיטן שול־חבר דעיווי.

איצט, שפּאַנענדיק אַ היפּשע צייט אינעם לופטיקן דרויסן, האָט ער ס'שטיק ברויט צוביסלעך אויפגעקייעט, און איצט האָט ער געקראָגן דעם ריכטיקן אַפּעטיט. אַזוי צוביסלעך האָבן זיינע פיס אָנגעהויבן נאָכצולאָזן דעם פעסטן טראָט. דעיווי האָט געציטערט פאַר זיין חבר, ער זאָל נישט חרטה האָבן אינמיטן וועג. און כדי דעם באַגלייטער צו פאַראינטערעסירן, האָט ער לאַסטשעטדיק מיט זיין האַנט חבר'יש אַרומגענומען איבער סאַ־לי'ס רונדן אַקסל, אַזוי שפּאַנענדיק נאָענט אויער צו אויער, האָט דעיווי פאַר אים אָנגעהויבן צו דערציילן:

„. . . אונדזער קאָנסלער לייב האָט איינמאָל פאַר אונדז — קעמפּ־חברה געהאַט דערציילט, אַז אין דעם אַרומיקן וואַלד דאָרטן אין קעמפּ, גע־פינט זיך אַ פאַרשאָטענע גאָלד־מינע — יאָ. די מענטשן דאָרטן אין דער מינע לעבן נאָך איצט, גייען אַרויס און אַריין, נאָר מיר קענען זיי נישט זען. פון נייגער האָב איך יענע נאַכט נישט געקאָנט ווערן אַנטשלאָפן. איך האָב מיך באַגינען געטאָן אַ טו־אָן, איך קריך מיר אַזוי איבער באַנעצטע גראָזן. איך קלעטער מיר אַרויף־אַראָפּ פון הויכע בערג וואָס שפּאַרן אַזש אונטער דעם הימל — אָט בין איך שוין ביים טייך. האָסט באַדאַרפט זען אַ טייך. האָסט באַדאַרפט זען אַ טייך, סאַלי! אפשר ווי דער אַטלאַנטיק די גרויס, און איצט הונדערטער — הונדערטער שיפלעך! איצט איז דאָרט קיינער נישט געווען. נעם איך מיר אַ שיפל, כ'שיפל מיר אַוועק עט־ווייט צום וואַלד. סאַלי! ווען דו זעסט די ביימער! איך קריך אי־בער צווייגן, שפּרינג ווי אַ האָז, איך זוך דעם פלאַכן, גרויסן שטיין, וואָס פאַרדעקט דעם אַריינגאַנג צו דער גאָלד־מינע וואו מענטשן לעבן דאָרט, ווי אונדזער קאָנסלער לייב האָט דערציילט! דערווייל פאַרקריך איך טי־פער אין וואַלד אַ הונגעריקער" —

דער געריויש פון אַן אָנקומענדיקן אויטאָמאָביל האָט זיך דערטראָגן. דעיווי און סאַלי האָבן ווי סאַלדאַטן אויף גיך זיך אַ שטעל געטאָן מיט אַן אויסגעבויגענעם פינגער פאַר אַ „ליפט". אַן אַלטער אויטאָמאָביל איז צו־געקראָכן. דער טרייבער — אַלט, צעקנייטשט ווי דער אויטאָמאָביל זיי־נער, האָט געקראָגן אַ שטורך אין זייט פון דער ווייב לעבן אים, וועלכע איז דווקא געווען דער היפּוך פון איר מאַן — אַ רונדיטשקע מיט אַ צווייענדי־קע מאָרדעטשקע וואָס האָט כסדר געהאַלטן אין זיך באַוועגן. די פרוי האָט פאָרזיכטיק באַטראַכט די יונגע חברה — דעיווי'ן מיט אַ נאַקעטן

קאָפּ, דעם שוואַרצן טשופּ, וואָס ווערט הפקר׳דיק געיאָגט פונעם ווינט, דאָ איבער די אויגן, דאָ פון אויער איבערן צווייטן, מיט אַ פּנים וואָס עס וואָלט געפּאַסט פאַר אַ מיידל. דעם צווייטן בחור סאָלי — ווי ער שטייט אין זומערדיקע „הייק״־מלבושים און ציטערט פון קעלט. זי האָט זיי געפרעגט:

— וואוהין אַזוי פרי, קינדער?

מיר גייען צום קעמפּ ליכט, — האָבן ביידע געענטפערט.

מאַן און ווייב האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ פּנים ווי זיי הערן דאָס ערשטע מאָל דעם־אָ נאָמען. זי האָט אָן עפּן געטאָן די אויטאָמאָביל־טיר, אַריינגענומען די קינדער, וועלכע האָבן באמת זיך אויסגערוט נאָך אַ לאַנגע רייזע מיט די פיס. די פרוי האָט צעוויקלט אַ היפּש פּעקל מיט געפּעפּערטע פליישן. צוערשט האָט זי דערלאַנגט אַ פיינעם חלק איר מאַן ביים רעדל, דעם צווייטן — פאַר זיך; איינעם און נאָך איינעם האָט די צווייענדיקע מאַרדעטשקע זיך געהאַלטן אין באַוועגן, בעת זי האָט זיך אויסגעדרייט צו די קינדער, קייענדיק האָט זי זיי געפרעגט:

— ווי? איר גייט באַזוכן אַ קעמפּ, האַ? און אייערע מאַמעס ווייסן פון דעם?

זי האָט געקוקט אויף די קינדער זייער מוטערלעך, ווי איר פּעטע האַרץ זאָל ווייטאָן פאַר די אָרעמע קינדער אויף וועלכע זי האָט רחמנות געהאַט, זיי געגעבן אַ ליפּט. אָבער די געפּעפּערטע פליישן זיינען אַ גאַנץ היפּש ביסל אַליין געלעגן צעעפנט לעבן איר, און דער שאַרפער ריח האָט אָנגעפילט דעם קליינעם אויטאָמאָביל־שטח און גערייצט זייער אַפּעטיט אַז די קינדער האָבן קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. זי, די פרוי מיט דער צווייענדיקער מאַרדעטשקע, וועלכע האָט אויף אַ מינוט נישט גערוט, האָט די קינדער נישט אָפּגעלאָזט. מוטערלעך, מיט גרויס באַדויער, האָט זי ווידער געפרעגט:

— איר שווייגט, האַ!? ווייל איר האָט אָן אייער מאַמעס וויסן, האַ? און וואָס וועט איר טאָן, ווען עס הייבט אָן אַ רעגן, אַ שניי, האַ? אָ, הייניטיקע קינדער, היינטיקע קינדער! — האָט זי איצט זיך געווענדט צום מאַן וואָס איז געזעסן ווי אַ פגירה ביים רעדל.

דער שליאַך האָט געהאַלטן ביים צעטיילן זיך. די קינדער מיט פאַרטשאַדעטע קעפּ, האָבן קוים זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאָרטן, פון דער עקלדיקער פרוי. דער קעמפּ האָט געהאַלטן ביים דערנעענטערן זיך. דעיווי

האָט דערקענט די געגנט: די אַרומיקע הויכע בערג וואָס זיינען איצט געוועזן באַדעקט מיט שניי, די בריקן איבער די טייכלעך, וואו ער מיט די קעמפ־חברים האָבן נישט איינמאָל דאָרט שפּאַצירט. איצט, טרעטנדיק אויפן זעלביקן וועג איז ער, דעיווי, ווידער געוואָרן מונטער, פריילעך: באַלד, באַלד וועט ער מיט סאַלי׳ן...

פון פרייד האָט דעיוו אַרומגענומען דעם חבר זיינעם, וועלכער איז נאָכגעגאַנגען אַ הונגעריקער, אַ פאַרטשאַדעטער פון ריחות וואָס האָבן זיך געררייצט מיט זיין גוטן אַפּעטיט. און ווי דער אמת, האָט דאָס אינגל איצט קיין שום זאַך נישט אינטערעסירט ווי עסן, וועגן דעם האָט סאַלי זיך איצט צערעדט:

— וואָלסט מיר דערציילט, דעיווי, ווי אַזוי האָסטו געקראָגן עסן אין וואַלד, דעמאָלט?

— אָ—יע... — האָט דעיווי ווידער גענומען שפּינען זיין פאַנטאַזיע. — איך בין געוואָרן הונגעריק און דעם וועג צום קעמפּ האָב איך ניט געוואוסט. פּלוצים דערהער איך דאָס בילן פון אַ הונט, איך דערזע פּלוצים דעם קעמפּ־היטער דזשאַן מיט זיין הונט ניק. צי איך בין מיט זיי באַקאַנט, ווילסטו וויסן? האָסטו באַדאַרפט זען, ווי זיי ביידן, דזשאַן מיט זיין הונט, האָבן מיט מיר זיך אַרומגעכאַפּט!...

דעיווי האָט איצט געקוקט אויפן חבר׳ס פּנים, ווי ער וואָלט געוואָלט וויסן, צי די מעשה האָט אים אַמווייניציקסטן באַפרידיקט. אָבער דער פּנים ביים חבר סאַלי האָט דאָס נישט באַוויזן. און תיכף האָט ער ווי מיט אַ מין פּרעטענזיע געפרעגט.

— און עסן? ביסט דאָך הונגעריק געווען, דעיווי?

— וואַרט, וואַרט, — האָט דעיווי צוריק זיך אַריינגעטאָן אין זיין ראָל, — מיט דעם עסן איז טאַקע געווען טראָבל, סאַלי. שוין געווען אַ שטיק נאָך פרישטיק. אָבער זאָרג נישט, סאַלי, באַלד גיב איך מיר אַן עצה: איך כאַפּ מיר אַריין דורך אַ הינטער־טיר אין קיך, גיי אַרונטער דאָרטן עטלעכע טרעפּלעך אינעם שפּייז־צימער...

די אויגן ביי סאַלי׳ן האָבן איצט אויפגעלויכטן. באַגייסטערט האָט ער איבערגעפרעגט:

— אין שפּייז־צימער?! זע, דעיווי, וואָס האָסטו געפונען דאָרט צו עסן? אַלבעטשע, נאָך איצט קען מען דאָרטן געפינען וואָס מ׳קען עסן, דעיווי...

— פרעגסט נאָך? זיכער... לאָמיר שטעלן פּיס.

דער קעמפּ האָט זיך מיט זייער יעדן טראָט דערנעענטערט. דורך די נאַקעטעביימער האָט זיך אַרויסגעשיילט דער קעמפּ „ליכט” אין ווייסע, ווינטערדיקע מלבושים. דער טעאַטער, דער עס־צימער מיט די אַלע שיינע געביידעס איז איצט געווען צוגעדעקט מיט שניי. שטיל, פאַר־יתומ׳ט איז געשטאַנען דער טייך. עלנט ווי מתים האָבן אויסגעקוקט די ביימער אינעם אַרומיקן וואַלד. דעיווי האָט פאַרן האַנט געפירט דעם חבר זיינעם סאַלי דורך אַ שנייאיקן וועג, וואָס האָט געפירט מיטן ראָוד אין קעמפּ אַריין; דער שניי איז אַריבער די שיך, און זיי, די פאַרבענקטע אינגלעך, האָבן איצט געטאָפּטשעט אויף אַן אַנדער וועלט ווי זיי האָבן גע־האַט אויסגע׳חלומ׳ט. פון דער ווייט האָט אַ וואָרענונג מיט אַן עכאָ זיך געטראָגן צו זיי:

— שוין גיין צוריק! . . .

באַלד האָט זיך באַוויזן דער קעמפּ־היטער דזשאָן, אַ בייזער, אַ צע־רייצטער, מיט אַ פּנים פון אַ וואַלד־גזלן, ער צוזאַמען מיט זיין הונט ניק מיט אַן אָפענעם פּיסק גרייט זיך אַרויפצוואַרפן . . . ווען זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, האָבן זיי לויפנדיק זיך שוין געפונען ווייט אַוועק. דורך די נאַקעטע שיטערע ביימער האָט צו זיי מיט ליבע דער קעמפּ געוואונקען... פאַרבענקטע האָבן זיי אָנגעהויבן זייער וועג אַהיים.

# שאַפּ־בילדער

## 1

## פאַניץ מיט זיין קאַפּעליע

פאַניץ איז אַ קאַנטראַקטאָר־באַלעבאָס פון אַ גרויסן הויזן־שאַפּ. אַ מענטש מיט אַ נאָמען, מיט „פאַראַנטוואָרטלעכקייט".

דעם גוטן נאָמען האָט פאַניץ געקראָגן צליב זיין באַרימטער קאַפּעליע — די באַלמעלאָכעס זיינע. אין גוטע צייטן, ווען אַרבעט איז גענוג געווען, האָבן אַ טוצן מאַנופעקטשורערס בכבוד אים זייער אַרבעט אַריינגעשיקט; וועגענער מיט „באַנדלעך" האָבן יעדן פאַרנאַכט פאַניצ׳עס שאַפּ באַלאַגערט, די פאַליצעס אָנגעפילט און אויף צוריק־וועגס די פאַרטיקע הויזן אָפּגענומען. און וואָס אמת איז אמת, די מאַנופעקטשורערס זיינען צופרידן געווען סיי פון דער אַרבעט און נאָך מער: פון פאַניצ׳עס פינקטלעכקייט — צו דער מינוט.

אַרבעטער האָבן זיך געריסן אינעם גרויסן שאַפּ — צו פאַניצ׳ן, וואו די פאַליצעס זיינען שטענדיק מיט אַרבעט פאַרפולט; פונוואַנען מ׳האָט יעדן דינסטיק, פונקט דינסטיק, זיך אַ היים געקערט מיט ממשות׳דיקע שכירות. און פאַניץ, אַ באַלעבאָס מיט אַ „שאַרפן אויג" האָט באַלמעלאָכעס געקליבן איינס און איינס, זיך איינגעשטעלט אַ באַרימטע „קאַפּעליע"..

איז געקומען אַ שלעכטע צייט:

אַרבעט איז נישטאָ. אמת, דער טוצן מאַנופעקטשורערס שיקן נאָך אַלץ זייער אַרבעט צו פאַניצ׳ן אין שאַפּ אַריין, און דווקא יעדן טאָג, אָבער געפּאַקטע וועגענער זעט מען מער נישט. יעדן טאָג קומט אין שאַפּ אַריין אַ בחור׳ל און טראָגט אונטערן אָרעם ס׳גאַנצע ביסל אַרבעט פונעם מאַנופעקטשורער . . . דער בחור׳ל אַרויס, אַן אַנדער בחור׳ל פון אַן אַנדער מאַנופעקטשורער אַריין. און אַלע ווילן האָבן זייער ביסל אַרבעט שוין געמאַכט — און טאַקע שוין!

און דער באַלעבאָס פאַניץ, אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, אַ פינקטלעכער — פאַרלאַנגט, אַז די גאַנצע „קאַפּעליע" זיינע זאָל קומען יעדן

אינדערפרי אין שאָפּ אַריין — אַלע מוזן זיין, אַזוי וויל ער . . .
רייסן זיך מער קיין אַרבעטער נישט צו פּאַניצן אינעם גרויסן שאָפּ. פּאַרקערט, ס׳ווערט וויניקער. פּאַניץ איז נעבעך באַזאָרגט וואָס ער קען נישט זיין אַזוי פּינקטלעך — אַזאַ פּאַראַנטוואָרטלעכער מענטש ! . . . ניין, פּאַר זיינע אַרבעטער וואָס פּעכניען פון הונגער — צו זיי איז ער גאָר ניט פּאַראַנטוואָרטלעך. און ווי ס׳האַלט, איז שוין באַלד אויס מיט זיין קאַפּע־ליע . . .

2

## צען יוניאָן-ברידער

צען „יוניאָן־ברידער" האָבן געאַרבעט אין קאָלטאָנס קליידער־שאָפּ. קיין סך אַרבעט איז נישט געווען. האָבן די צען יוניאָן־ברידער געהונ־גערט און זיך געריסן פּאַר יעדן „באַנדל", וואָס איז נאָר אַרויס פון דער האַנט פונעם צושניידער.

האָט געטראָפן אַ „נס": איינער פון די צען איז געשטאָרבן און זיין חלק אַרבעט איז געבליבן אָן אַ טאַטן.

אויף מאָרגן זיינען אין קאָלטאָנס שאָפּ געזעסן ניין ביי דער אַרבעט. יעדע רגע האָבן אַלע ניין געוואָרפן אַ זשעדנעם בליק אויף דעם צושניי־דערס טיש, צי דאָס ערשטע „פּאַרבליבענע באַנדל" איז שוין פּאַרטיק און צי מ׳קען דאָס אפשר אַריינכאַפּן.

— מע . . . מע־דאַרף ! . . .

געטראַכט האָבן אַזוי אַכט פון די יוניאָן־ברידער. דער ניינטער — מאיר שורמאַק, אַ איד באַוואַקסן ווי אַ בער, און ברייטע דרילכענע הויזן מיט אַ ברייטן שירץ אַרום די לענדן, האָט נישט געטראַכט, נאָר פּאַמע־לעך זיך אַרויסגעשאַרט און אַ נעם געטאָן דאָס ערשטע פּאַרבליבענע באַנדל.

האָבן די אַכט יוניאָן־ברידער אַרונטערגעלאָזט די נעזער זייערע און זיי האָבן ווידער געטראַכט:

— אַצינד איז נאָר . . . אָט זאָל נאָר קומען דאָס צווייטע באַנדל . . . אָ, איך וועל שוין ! . . .

דער באַוואָקסענער מאיר איז אָבער אַלץ געווען פלינקער. צו דער רגע, אַזוי גיך ווי דאָס צווייטע באַנדל האָט זיך באַוויזן, איז דאָס שוין אויך

אין זיין שויס געלעגן.

מיט אַמאָל אַ געלאַרעם: אַ הויכער, דאַרער, עלטערער אַרבעטער, מיט לאַנגע שפּיציקע פינגער, איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן הינטער מאיר׳ס רוקן און ער האָט געעפנט דאָס מויל:

— פּאַסק . . . אַ יושר גאָר! וועסט נישט כאַפּן, האַרכסט?!

— ווער כאַפּט דען? איך נעם! — האָט מאיר שמייכלענדיק גע־ענטפערט און געאַרבעט.

— וועסט נישט אַרבעטן! וועסט עס אויסקרענקען! — האָט דער דאַרער אַרבעטער מיט די שפּיציקע פינגער דאָס מויל געעפנט און צוגע־האַלטן דעם פּאַדים.

מאיר האָט זיך דאָ מיט כעס אַ הויב געטאָן. און דער הויכער, דאַ־רער עלטערער אַרבעטער איז אים מיט זיינע לאַנגע שפּיציקע פינגער אַריין אין פּנים . . .

אויף מאָרגן זיינען שוין אין קאָלטאָנס קליידער־שאַפּ זיבן פון די „יו־ניאָן־ברידער" ביי דער אַרבעט געזעסן און געוואָרפן זשעדנע בליקן אויף דעם צושניידערס טיש — —

3

# ביידן! . . .

(אַ מעשהילע)

צווייי פאַרשיידענע ליפטס פירן אַרויף אויפן צוועלפטן שטאָק אין מיסטער גולד׳ס שאַפּ אַריין: דורך אַ פּאַראַדנער גאַס, און דורך אַ הינ־טערשטע געסל.

מיט דעם ליפט אויף דער הינטערשטער געסל מעגן זיך אַלע באַ־נוצן. דער ליפט איז גרויס, ס׳זעט אויס ווי אַ שטייג פאַר חיות. דער ליפט־מאַן, דזשים, אַן איירישער בייזער מענטש, מיט אַ באַוואַקסענעם פּנים, פּאַקט זיינע פּאַסאַזשירן אין שטייג אַריין און איז שטענדיק אין כעס. אין דעם דאָזיקן ליפט פירט מען די אַרבעטער.

דער אַריינגאַנג צום ליפט דורך דער פּאַראַדנער גאַס איז ריין, ליכ־טיק; דער ליפט איז באַקוועם און אויסגעפּוצט. די ליפט־באַיעס, אַלע מיט גלאַט־פּאַרקעמטע האָר, און ריינע אַנצוגן, בלישטשענדיקע מעשענע

קנעפּ, בויגן זיך אין דרייען פאַר זייערע פּאָסאַזשירן. אויף דעם דאָזיקן ליפט פאָרן בלויז: באַלעבאַטים, מענעדזשער׳ס און „פיינע״ לייט . . .

האָט געטראָפן:

אין גולד׳ס שאַפּ איז געקומען אַ נייער אַרבעטער, אַ יונג מיט ברייטע פּלייצעס, איז ער מיטיק־צייט „אַריינגעקראָכן״ מיט זיינע אַרבעט־קליידער אין דעם פּאַראַדנעם ליפט, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אינעם שאַפּ אַרונטערצונעמען די באַלעבאַטים און „פיינע״ לייט פאַר מיטיק.

האָט דער ליפט־באָי באַפוילן:

— צו דזשימי׳ן גיי, דאָרטן איז דיין אָרט!

דער נייער אַרבעטער האָט אויף אים געקוקט און געשמייכלט:

— פאַרוואָס צו דזשימי׳ן? וואָס פעלט מיר דאָ?

— דו מוזט גיין! — האָבן ביים ליפט־באָי די אויגן אַ בליץ געטאָן פון צאָרן, און ער האָט דעם אַרבעטער גענומען פאָרן קאָלנער.

דער אַרבעטער האָט אָבער אויך אַ הויב געטאָן זיינע ברייטע פּלייצעס און גענומען דעם בחור אין די הענט אריין . . .

און . . . אַ ווײַלע שפּעטער ווען דער ליפט־באָי איז שוין געלעגן אויפן שאַפּ־דיל אַן אויסגעצויגענער מיטן צעריסענעם אָנצוג און אָן די מעשענע קנעפּ, האָט דער באַלעבאָס, מיסטער גולד, אַ רוף געטאָן דעם איירישן ליפט־מאַן, וואָס פירט צו דער הינטערשטער געסל, און האָט געגעבן אַ באַפעל:

— דו דזשים נעם זיי ביידן אַרונטער! פאַר גאָד׳ס־סעיק — ביידן!!!

## 4

# ער וואַרט . . .

יעדן וואָכנדיקן פרימאָרגן, אין דער זעלביקער שעה פּונקט ווי אַ זייגער, לאָזט זיך אַנטשל דער הויזן־פּרעסער צו דער לייבאָר־ביוראָ.

ער שפּאַנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, צוקנדיק בעת מעשה מיט זיינע שמאָלע אַקסלען, ווי ער וואָלט זיך אַליין פרעגן: „צו וואָס״? אַרבעט וועט ער סיי־ווי נישט קריגן.

אַזוי איז געווען נעכטן, אייערנעכטן, פאַראַכטאָגן, אַ שיינע פּאָר יאָר צוריק. זינט די באַלעבאַטים האָבן איינגעפירט אין זייערע שעפער די פּרעס־מאַשינען, איז ער, אַנטשל, געוואָרן אויס באַלמעלאָכע.

אמת, אַביסל איז ער אַליין שולדיק. די ערשטע צייט האָט זיין באַ־לעבאָס צו אים גע׳טענה׳ט: פּרואוו אַנטשל, אפשר וועסטו קאָנען אַר־בעטן ביי דער מאַשין. און ווען חברים־פּרעסער האָבן אויך אין אים אריינ־גע׳טענה׳ט, האָט אַנטשל געפּאָלגט: זיך געשטעלט ביי דער פּרעס־מאַ־שין. מיט אַ דריק אויף דער שטאָלענער פוס צעעפנט די מאַשין־מויל. און אין דערמיט אויסגעלייגט אַ באַגאָווקע נאָט צו נאָט. איבער דעם אונטער־שטען שמאָלן ברעג איבערגעצויגן מיט אַ רימען. אָבער ווען די שווערע געוויכטן האָבן דאָס פּעסט איינגעקלאָמערט; און ביים ערשטן דריק מיטן אויבערשטן הענטל האָט די פּאַרע זיך צעיושעט, און דאָס קליין, דאַר מענטשן אַנטלאָפן . . .

אין זיין שאָפּ, ווי אין אַנדערע שעפּער, האָט ער מער נישט געהאַט וואָס צו טאָן: בעסערע באַלמעלאָכעס קריגן נישט קיין אַרבעט! אָבער זיצן אין דער היים איז נאָך ערגער: האָט נאָך ס׳וויבּ זיינס געלעבט, איז נאָך געווען צו דערליידן. אצינד איז ער אַן איינגעבעטענער ביי זיין טאָכ־טער. זי, די טאָכטער איז אַליין אָרעם. דער איידעם גייט אויך אַרום אָן אַרבעט. די צימערן זיינען קליין און טונקל. די אייניקלעך — וויינען, טומלען. לאָזט ער זיך יעדן פרימאָרגן אין דער זעלביקער שעה אין דער לייבאָר־ביורא אַריין און — וואַרט . . .

5

## „גיי טו עפּעם"

ער איז געשטאַנען אַקעגן מיר פאַרן באַלעבאָס׳ אָפּיס. מיט פאַר־טרויערטע אויגן מיך אָנגעקוקט.

אונדזערע בליקן האָבן זיך פיינלעך באַגעגנט.

נישט זיכער, און מיט נישט־וויניק שרעק האָב איך אים געפרעגט:

— זענט איר נישט באַרע ? . . .

כ׳האָב אָפּגעהאַקט. געטראַכט האָב איך, אפשר איז ס׳א טעות: יע־נער איז דאָך שוין לאַנג געשטאָרבן, נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק. אַזוי האָט עמיצער פון די באַקאַנטע מיר דערציילט און אַזוי איז ער איינגע־קריצט אין מיין זכרון.

בין איך געשטאַנען פול מיט צווייפל; מיט מיינע אויגן איינגעגראָבן אין זיין צעקרימטן פּנים און געוואַרט.

ער האָט מיר גאָרנישט ניט געענטפערט. מעכאַניש האָט ער אויפ־געהויבן דעם קאָפּ, די ליפּן צוזאַמענגעשלאָסן, נאָר מיט די הענט האָט ער פּאַמעלעך פאַנאַדערגענומען זיין געלבלעכן שאַליק פונעם האַלדז, און פון אונטער דעם בלויזן האַלדז־גריבל האָט דורך אַ מעטאַל־טרובקע אַ קברים־קול פון האַלב־אָפּגעריסענע ווערטער אַרויסגעכריפּעט:

— איך־בי־דאַס־שוי דריי־יאָ־אַפּעראַצ־ע — קע־ני־אַרבע — פאַ־מיל — שטאַר — הונג — פּ־פצוואַנ — יאָ דאָ — געאַרב — דאָ־אָ — מענ־מי — ניש־ש — ניי — ניי! — האָט די טרובקע שטאַרק הייזעריק־לעך, עטלעכע מאָל דאָס וואָרט איבערגע׳חזר׳ט.

כ׳בין געשטאַנען ווי פאַרגליווערט, מיט אַ פאַרלוירענעם לשון. וואָס זאָל איך ריידן?

די אָפּיס־טיר האָט זיך פּלוצלונג אָן עפּן געטאָן. דער באַלעבאָס איז אַרויסגעקומען, מיט אַ ציגאַרעטל אין מויל. באָרע האָט געמאַכט אַ באַ־וועגונג אים צו פאַרהאַלטן. מיר איז בעת מעשה איינגעפאַלן אים אַרויס־צוהעלפן — מיט ריידן . . . איז אָבער דער באַלעבאָס געשטאַנען פיקס און פאַרטיק אַוועקצוגיין, איז ער געוועזן פאַרנומען מיט אַרויפציען זיינע עלעגנאַטע הענטשקעס. ענגע הענטשקעס. טאָ גיי טו עפּעס . . .

6

# גליקלעכע אַנדזשעלינע

איינע אַליין זיצט זי, אַנדזשעלינע, אינעם טונקעלן עק־שאַפּ אַ שטי־לע, און דריקט מיטן פוס דעם טרעטער פון דעם קנעפּל־מאַשין. און מיט יעדן דריק בויגט זי דעם קאָפּ און ס׳צעפאַלן זיך די געדיכטע שוואַרצע קרייזלעך און טונקלען זיך אינעם שוואַכן שיין וואָס באַלויכט קוים איר קנעפּל־מאַשין וואו זי זיצט און אַרבעט.

דאָרטן, אינעם ליכטיקן עק־שאַפּ איז רעש׳יק: דער שאַפּ־געטומל מיט דעם באַלעבאָס דראַסגע׳ס געוואַלדן לעכערן דעם מוח אַדורך . . .

אַזוי, אויסער דעם שאַפּ, איז דער באַלעבאָס דראַסגע אַ מענטש, אַן אמת׳ער „דזשענטלמאַן". אין שאַפּ אַפילו שמייכלט ער אויכעט אַמאָל ווען ער איז אין גוטן מוט. אָבער היינט איז דער באַלעבאָס דראַסגע ווי נישט מיט אַלעמען. היינט, פונקט היינט ביינאַכט, מוז ער אָן תירוצים,

אַוועקפאָרן קיין לייקוואוד צו דער ווייב, צו דער מיסעס דראַסגע! אַזוי פאָדערט זי . . . און פאָרן צו דער ווייב — איז ער מוחל . . . און פאָלגן מוז ער, אויב נישט וועט זי קומען צו אים! . . . און דערפאַר איז ס'פּנים ביי אים בייז פאַרקרימט. ער צעשרייט זיך אויף דעם בלאָנדן דזשאָ'ען — דעם קאָלנער־איינגייער:

— פירסט מיר איבער די העמדער, דזשאָ! אַט־דאָ פאַרכאַפּט צופיל! ביזט בלינד צו אַלדע — —

ער הייבט מיט די אַקסלען, דזשאָ:

— וו־אַ־אַ־ס?

מיסטער דראַסגע האָט פיינט אַז מ'ענטפערט אים. ער ווערט מער אָנגעצונדן, ער באַפאַלט דער פראָנט־מאַכערין בעטי:

— שוין צייט זיך קויפן אַ „פאָר גלעזער"! זע נאָר, אַ נאָט — אַן אָר־בע — —

דזשאָ דער קאָלנער־איינגייער האַקט אים איבער:

— אַ נאָדל דאַרף איך מיסטער דראַסגע.

— ווידער אַ נאָדל? מלחמה־צייט — וויסטו — האַ?

— וואָדען, כ'וויס נישט? אָבער אָן אַ נאָדל גיי איך נישט, מיסטער דראַסגע.

— וואַרט . . . וואַרט! . . . מיין טאָג וועט אויך קומען! — סטראַשעט מיסטער דראַסגע.

ער לויפט און קומט צוריק מיט אַ נאָדל. ער באַפאַלט איצט דעם שאָפּ־טשערמאַן:

— מע פאַר'הרג'עט די העמדער, טשאַרלי! די „גאָווערמענט!"... ער וועט נישט שווייגן . . .

ער שוויגט טאַקע נישט . . . ער באַפאַלט די פרעסער, די פעקער, ער זידלט זיך מיסטער דראַסגע.

אין אַט־דעם עק־שאָפּ איז רעש'יק. אינעם צווייטן עק־שאָפּ — אין דער טונקלקייט, זיצט די קנעפל־איינגייערין, די יונגע חנ'עוודיקע אַנ־דזשעלינע; מיט אַ פרילינג־שמייכעלע זיצט זי. דער באַלעבאָס, מיס־טער דראַסגע שמייכלט שוין אַצינד אויך צוביסלעך . . . ער געפינט זיך אַליין מיט איר — אַ, גליקלעכע אַנדזשעלינע! . . .

7

# דער טאַטע

יענעם אויפדערנאַכט איז דער זאַל געווען געפּאַקט. די טרויער־פאַרזאַמלונג איז געווען אַ דערפאָלג. יונג און אַלט, חברים און באַקאַנטע, נען זיך צונויפגעקומען אויסצודריקן זייער צער, זייער טרויער, נאָך אַ יונגען בראַוון געפאַלענעם העלד, וואָס האָט געקעמפט קעגן די פאַשיסטישע באַנדיטן אין שפּאַניע.

אין שטילן צער איז דער זאַל געווען איינגעהילט. אַ מורא׳דיקע שטילקייט, ווי דער מת ליגט פאַר די אויגן. רעדנער זיינען אויפגעטראָטן. זייער קול האָט געציטערט, זיך געבראָכן מיט זייער יעדן וואָרט, און מיט פּחד די לופט אָנגעפילט.

רעדנער האָבן אויף זייער אייגענעם אופן דערציילט, געשילדערט ס׳לעבן פונעם יונגן געפאַלענעם העלד; דערציילט האָבן די רעדנער פון אַ קינד געבוירן אין אָרעמקייט ביי אַ טאַטן אַ שניידער; דערציילט האָבן רעדנער, אַז ס׳קינד איז פון זיין פריסטער יוגנט זיך געוויזן פאַר אַ באַגאַבטן קאָמפּאָזיטאָר. דאָ און דאָרט געוואוינען מעדאַלן פאַר זיינע קאָמפּאָזיציעס. אַ קאַריערע אַ זיכערע האָט זיך פאַר דעם שניידערס קינד געעפנט! אָבער די דערציאונג וואָס דער באַוואוסטזיניקער טאַטע האָט זיין קינד געגעבן, האָט דער יונגער טאַלאַנטפולער מוזיקער אויסגעקליבן בעסער — זיך ווידמען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — צום קאַמף פאַר אַ גערעכטער וועלט.

די רעדנער האָבן דערציילט און דערציילט — — מיט אַמאָל איז די מורא׳דיקע שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן: אַ גרופּע קרובים פונעם געפאַלענעם זיינען געקומען. דאָ און דאָרט האָט אַ פאַרשטיקטער געוויין זיך דערהערט; יונג און אַלט האָבן בידעריקער די קעפּ געבויגן. גאָר נאָענטע האָבן אויפן קול געהאַמערט. דער פאָרזיצער האָט פאַר דעם עולם פאַרזאַמלטע גערופן דעם טאַטן פונעם געפאַלענעם העלד.

פון צווישן די רעדנער אויפן טריבונע האָט אַ בענקל אַ סקריפּ געטאָן. דער טאַטע האָט פון דאָרטן פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן. פאַרן עולם פאַרזאַמלטע איז געשטאַנען אַ געוויינלעכער מיטליאָריקער מענטש; מיט פאַרטרערטע אויגן איז ער געשטאַנען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, און רויִק זיך צוגעקוקט ווי יונג און אַלט שטעלן זיך אויף זינגענדיק אַ קאַמפּסליד.

סאַלוט פאַרן טאַטן דעם שניידער, און זיין בראַוון געפאַלענעם זון!

## 8

# ביי דער אַרבעט

דאָס פּנים ביי לייבוש'ן האָט תמיד אים געדינט פאַר אַן עדות, אַז דער דאַזיקער מענטש איז אָנגעבלאָזן אויף דער גאַנצער וועלט: זיין לאַנגע הויקערדיקע נאָז און זיינע גרויע אָנגעכמורעטע אויגן האָבן שטענדיק ביסטרע אַרויסגעקוקט דורך גרויסע אויגנגלעזער. אָבער מער פון אַלץ — דאָס שטומעניש . . . האָט לייבוש געטאָן די „טובה” און עפּעס געזאָגט, פלעגט ער גראַמזשען מיטן צונג בלויז פון צווויי טעמעס:

„נישטאָ אין דער וועלט אַזאַ געוואַלדיקער בעל־דרשן ווי רב גלעקל פון שול, וואו ער דאַוונט, און די גרעסטע פערזענלעכקייט פון שטאָט ביר־יאָרק איז דער טעמעני־קעפּטן פון זיין דיסטריקט” . . . דעם פרימאָרגן האָט מען געזען בחוש, אַז היינט איז לייבוש אַ גוט־אויפגעלייגטער, אין שאַפּ וועט פריילעך זיין.

לייבוש איז געזעסן און געאַרבעט און מיטן גערויש פון מאַשין צוגע־ברומט אַ האָפּקעדיק ניגונ'על, בעת מעשה געקיבעצט זיינע שכנים, ביז ער איז אָנגעפאַלן אויף די לינק־געשטימטע אַרבעטער . . . אָנגעהויבן האָט ער ווי מיט שפּאַס, אַזוי זיך. מען האָט אָבער געקענט זען פון זיינע אָנפאַלן, אַז דער לייבוש זוכט דאָ בכיוון זיך צו פאַרטשעפּען מיט זיין שכן ווילי, וואָס זיצט קעגנאיבער זיין מאַשין.

האָט לייבוש געגראַמזשעט און געגראַמזשעט און געוואָרפן אויגעלעך, און ווילי האָט געשוויגן . . . לייבוש איז אָבער געוועזן אומצופרידן וואָס ווילי שווייגט; דאָס שווייגן האָט אים גערעגט. סטייטש, אים, לייבוש'ן, איגנאָרירן? ער'ט שוין זען! . . . און לייבוש האָט איצט געעפנט דאָס מויל:

אַלבערט און איזי — די שכנים זיינע, האָבן צוגעזען דעם שפּיל און לייבוש'ן מער אָנגעצויגן:

— זעסט, לייבוש, ווילי האָט דיך . . . ער איגנאָרירט דיך . . .

לייבוש איז געוואָרן רויט ווי אַ טשוואַק, ער האָט זיך צערעדט:

— ווער איז ער דאָס פאַר אַ מיוחס — אַ לינקער? אין דר'ערד אַריין מיט אַלע לינקע, אַ „באָנטש” אויסוואָורפן, פע . . .

לייבוש'עס הענט האָבן געציטערט פון אויפרעגונג, געוואָרפן פון אַלע זייטן שטעכיקע בליקן און זיין קול האָט זיך גאַנץ הויך געלאָזט הערן איבערן שאַפּ.

ווילי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק צום שאָפּ־טשערמאַן, רב לייזער. ווילי האָט געזאָגט:

— גייט צו לייבוש'ן, זאָגט אים, ער זאָל אויפהערן צו קאַלעמוטען אַ קאָפּ, אויב נישט, וועט עפּעס געשען, געהערט?

דער שאָפּ־טשערמאַן, אַ באַבערדלדיקער אידל וואָס טשעפּעט קיינעם נישט, און קיינער טשעפּעט אים נישט, האָט געקוקט אויף ווילי'ן ווי אויף אַ בייז־וואונדער: — סטייטש, ער, ווילי, זאָל קומען צו אים? און באַכאַ־לעמען, וואָס קען ער טאָן?

ווילי האָט אים געזאָגט: — איר פאַרשטייט, רב לייזער, איר גלייכט זיך אויס, גייט צו לייבוש'ן און זאָגט אים אויפן קול, ער זאָל איינגעמען אַ שטומעניש, אויב נישט וועט עפּעס געשען.

ווילי האָט געשמייכלט אונטער די וואָנצעס.

לייזער האָט זיך געקווענקלט, ס'האָט אים אָבער הנאה געטאָן פון דעם וואָס מ'קוקט אויף אים ווי אויף איינעם, וועלכער איז אַ דעה־זאָגער, האָט ער זיך געלאָזט צו די מאַשינען.

ווילי האָט נאָכגעשפּאַנט פון הינטן.

— איר לאָזט נישט אַרבעטן! — האָבן די שכנים זיך אַ נעם געטאָן צו לייבוש'ן — איר פאַרמאָגט מענטשן פון שאָפּ, מ'וועט אייך נישט שוויי־גען, איר הערט?

— ווער האָט מורא פאַר אייך? — האָט לייבוש זיך צעקאָכט און בעת מעשה געוואָרפן אויגן צום באַלעבאָס — זאָל ער גיין אין דר'ערד אַריין, ווילי, זאָל ער גיין צו די לינקע! סטראַשען גאָר . . .

מיט אַמאָל האָט לייבוש זיך אויסגעדרייט צו די שכנים און ער האָט געזאָגט מיט כעס:

— כ'וויל זען ווי איר וועט מיר פאַרמאַכן ס'מויל, אַ נו, פּרואווט!

די אַרבעטער האָבן געקייכט פון געלעכטער. איינער פון זיי האָט אויסגעשריען: — אָט גייט דער טשערמאַן, זאָל ער ריידן!

ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ רב לייזער, אַ קוק געטאָן אויף ווילי'ן, וועלכער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און ער האָט געזאָגט:

— אַלס טשערמאַן פון שאָפּ פאַרלאַנג איך, אַז איר, לייבוש, זאָלט דאָ קיינעם נישט באַליידיקן, אויב נישט, וועט באַלד עפּעס געשען! . . .

ער האָט זיך תיכף אויסגעדרייט צו זיין פּרעס־מאַשין.

לייבוש האָט זיך אַרומגעקוקט, געוואָרפן רחמנות'דיקע בליקן צום באַלעבאָס און פלוצלונג אָנגעהויבן צו נייען גיך, גיך און געשוויגן.

די אַרבעטער האָבן געשמייכלט . . .

# אינהאַלט: